# װיסענשאַפטליכע ביבליאָטעק

אין צעהן בענד.

אונטער דער רעדאקציע
פון
**דר. יצחק אייזיק הורוויטש.**

פאַרלאַג „די היים“
ניו יאָרק — 1919.

קאַרל קאוטסקי:

# עטיק

## און די מאַטעריאַליסטישע אויפאַסונג פון דער געשיכטע.

אידיש: חיים קאַנטראָוויץ.

# אינהאַלט

ערשטער קאַפּיטעל:



צווייטער קאַפּיטעל:



דריטער קאַפּיטעל:

קאַנטס עטיק.



פערטער קאַפּיטעל:

די עטיק פון דאַרוויניזם.

פינפטער קאַפּיטעל:

די עטיק פון מאַרקסיזם.

## ערשטער קאפיטעל.

# די עטיק פון אלטערטום און קריסטענטום.

די פראבלעם פון עטיק הויבט אן צו פארנעמען דעם אויבען אן אין דער געשיכטע פון דער פילאסאפיע גלייך נאך די פערסישע מלחמות. אויף דעם קליינעם גריכישען פאלק האט זייער באפריי־אונג פון דעם יאך פון פערסישען דעספאטיזם געהאט די זעלבע ווירקונג ווי די מפלה פון רוסישען דעספאטיזם האט געהאט אויף יאפאניע. מיט איין קלאפ זיינען זיי געווארען א וועלט־מאכט, באַ־הערשענדיג די טייכען וועלכע האבען זיי ארומגערינגעלט, און דער־מיט אויך באהערשענדיג דעם מסחר. פונקט ווי מיר זעהען דאס איצט אין יאפאניע, אזוי איז אויך, נאך די פערסישע מלחמות, גרי־כענלאנד, און איבערהויפט אטהען, געווארען דער הויפט־צענטער פון דער וועלט קאמערץ פון זייער צייט. דער קאמערציעלער קא־פיטאליזם האט ארומגעכאפט דאס גאנצע פאלק און האט צוריסען אלע טראדיציאנעלע באציהונגען און באגריפען, וועלכע האבען ביז דער צייט באהערשט דעם יחיד און רעגולירט זיינע טאטען. דער יחיד, און איבערהויפט דער, וואס איז געשטאנען אויף א העכערער געזעלשאפטליכער שטופע, האט זיך פלוצלונג געפונען איבערגע־פלאנצט אין א נייער געזעלשאפט, אין וועלכער ער האט פארלארען יעדע טראדיציאנאלע שטיצע, אין וועלכער ער איז אינגאנצען איבער־געלאזען געווארען צו זיך אליין. און דאך, אין אט דעם צושטאנד וואס האט אויסגעוויזען צו זיין אזוי אנארכיש, האט יעדער איינער געפיהלט ניט נאר א נויטווענדיגקייט פאר באשטימטע געזעצען פון אויפפיהרונג, נאר ער האט טאקי אויך, מעהר אדער ווייניגער, קלאר

איינגעזעהן, אז ערגעץ טיף אין זיין נשמה ארבייט עפעס א רעגולאטאר פון אלע זיינע מאטען, וועלכער מאכט מעגליך פאר איהם צו אונטערשיידען צווישען גוטס און שלעכטס, צו שטרעבען צו דאס גוטע און פארמיידען דאס שלעכטע. אט דער רעגולאטאר האט אויסגעקוקט צו זיין עפעס א גוואלדיג מיסטעריעזע קראפט. צוגעגעבען, אז ער קאנטראלירט די טאטען פון א סך מענשען, אז זיינע אורטיילען וועגען גוט און שלעכט ווערען ארויסגעגעבען אהן דעם קלענסטען אפהאלט, און באווייזען זיך מיט זייער גאנצער פעסטקייט, בלייבט אבער דאך די פראגע, וואס איז די ווירקליכע נאטור פון אט דעם רעגולאטאר, און וואס איז דער באזיס, אויף וועלכען ער בויט זיינע אורטיילען. שטעלט זיך איינער אט די פראגע, ווערט גלייך אט דער רעגולאטאר וואס לעבט אין דער מענשליכער נשמה, אזוי גוט ווי זיינע אורטיילען, וועלכע קוקען געוועהנליך אוים אזוי נאטירליך און זעלבסט־פארשטענדליך צו יעדען איינעם, פארוואנדעלט אין אן ערשיינונג וועלכע עס איז פיל שווערער צו פארשטעהן ווי א וועלכער עס איז אנדער ערשיינונג אין דער וועלט.

מיר זעהען אלזא, אז זינט די פערסישע מלחמות, הויבט אן די עטיק, אדער די אויספארשונג פון אט דעם מיסטעריעזען רעגולאטאר פון די מענשליכע טאטען — דעם מאראלישען געזעץ — פארנעמען דעם אויבען אן אין דער גריכישער פילאסאפיע. ביז יענער צייט איז די גריכישע פילאסאפיע געווען הויפטזעכליך א נאטור פילאסאפיע. זי האט זיך געשטעלט די אויפגאבע צו דערקלערען די געזעצען וואס הערשען אין דער נאטור. איצט אבער האט די נאטור אנגעהויבען צו פארלירען אלץ מעהר און מעהר יעדען אינטערעס פאר די פילאסאפען. דער מעניש, אדער די עטישע נאטור פון מענשען, איז געווארען דער צענטראל פונקט פון זייערע פארשונגען. די נאטור פילאסאפיע האט אויפגעהערט צו מאכען א וועלכען עס איז פראגרעס: די נאטור וויסענשאפטען זיינען אפגעטיילט געווארען פון דער פילאסאפיע: דער גאנצער פראגרעס פון דער אלטער פילאסאפיע איז איצט בלויז געקומען פון דעם שטודיום פון דער גייסטיגער נאטור פון מענשען און זיין מאראל.

# די עטיק

שוין די סאפיסטען האבען אנגעהויבען פאראכטען דעם וויסען פון דער נאטור. נאך ווייטער אין דעם הינזיכט איז געגאנגען סאקראטעס, וועלכער האט ערקלערט, אז ער קען גאר נישט לערנען פון די בוימער, אבער זיכער פיל פון די מענשליכע ווענזענס און שטאט. פלאטאן האט באטראכט די נאטור פילאסאפיע אלס שפילעריי.

דורך דעם אבער האט זיך אויך געענדערט די מעטאדע פון דער פילאסאפיע. די נאטור פילאסאפיע איז נויטיגערווייזע געווען געצוואונגען צו פארלאזען זיך אויף די באאבאכטונגען פון דער נאטור. אבער, דערקענען די מאראלע נאטור פון מענשען קען מען זיכער אמבעסטען דורך דער באאבאכטונג פון דעם אייגענעם איך. אונזערע חושים קענען זיך טועה זיין, אנדערע מענשען קענען אונז אפנארען, אבער מיר ווילען דאך זיך אליין ניט נארען, אויב מיר ווילען דערגעהן דעם אמת! און אזוי איז אם ענדע אנערקענט געווארען פאר זיכער בלויז דער וויסען, וועלכען מען האט געקראגען פון זיך זעלבסט.

אבער ניט בלויז דער געגענשטאנד און מעטאדע פון דער פילאסאפיע האבען זיך געענדערט, נאר אויך איהרע אויפגאבען. די נאטור פילאסאפיע האט געשטרעבט אויסצופארשען די נויטווענדיגע פארבינדונגען צווישען אורזאכע און רעזולטאט. איהר שטאנדפונקט איז דערפאר געווען דער שטאנדפונקט פון אורזאכליכקייט (קאוזאליטעט). די עטיק, פארקערט, גיט זיך אפ מיט דעם ווילען און פליכט פון מענשען, מיט צוועקען און ציעלען צו וועלכע ער שטרעבט. דערפאר איז איהר שטאנדפונקט, דער שטאנדפונקט פון א באוואוסטזיניגען ציעל, אדער די טעלעאלאגיע.

אט די נייע אנשויאונגען זעהען זיך, פארשטעהט זיך, ניט אן מיט דערזעלבער שארפקייט אין די פארשידענע שולען פון מענשליכען געדאנק.

עס זיינען דא צוויי מעטאדען ווי אזוי צו דערקלערען דעם מאראלישען געזעץ וואס איז אין אונז. מען קען זיינע ווארצלען זוכען אין די בולטע אימפולסען פון דער מענשליכער טעטיגקייט, און אלס אזא ערשיינט דער שטרעבען צו פארגעניגען און גליק. אין א געזעלשאפט וואס איז באזירט אויף דער פראדוקציע פון סחורה, ווען די

פריוואטע פראדוצירער זיינען, אויסערליך, אומאפהענגיג איינער פון צווייטען, איז פארגעניגען און גליק, און די אלע באדינגונגען וואס זיינען דערצו נויטיג, אויך פריוואטע זאכען. דערפאר האט מען דעם ווארצעל פון דעם מאראלישען געזעץ געזוכט אין די באדערפענישען פון יחיד, אין דעם אינדיווידועלען שטרעבען צו גליק און פארגעניגען. גוט איז דאס וואס פארשאפט פארגעניגען דעם יחיד, וואס העלפט איהם אין זיין זוכען פון גליק, שלעכט איז דאס וואס גיט פארקערטע רעזולטאטען. ווי אזוי איז דאס מעגליך, אז עמיצער זאל וועלען דאס שלעכטע? ווי איז דאס מעגליך, אז עס זאלען זיך געפינען מענשען, אונטער אלע אומשטענדען, וועלכע זאלען ניט אויסקלייבען דאס גוטע? דאס ערקלערט זיך דערמיט, וואס עס עקזיסטירען פארשידענע סארטען פון פארגעניגען און גליק. שלעכטס איז דער רעזולטאט דערפון, וואס דער מענש קלייבט בעסער אויס א נידעריגערען סארט פארגעניגען אנשטאט א העכערען; ווען איינער איז מקריב א העכערען און דויערהאפטערן סארט פארגעניגען צו א נידעריגערען און פארבייגעהענדען; אין אנדערע ווערטער: דאס שלעכטע איז דער רעזולטאט פון אונוויסענהייט און קורצזיכטיגקייט. אזוי צ. ב. ש. האלט עפיקור דעם גייסטיגען פארגעניגען פאר א העכערען סארט ווי דעם פיזישען, דערפאר, ווייל דער ערשטער איז דויערהאפטער און קען אונז פארשאפען א ריינערע צופרידענקייט. דער פארגעניגען פון רוה איז, לויט זיין מיינונג, העכער ווי דער פארגעניגען פון טעטיגקייט. די רוהיגקייט פון דער נשמה האלט ער פאר דאס העכסטע גליק. דערפאר דארף יעדער איבערפלוס פון פארגעניגען אנטמוטיגט ווערען, צוליב דער זעלבער אורזאכע איז אויך שעדליך יעדער געוויסענסלאזער טאט, ווייל דער רעספעקט, ליעבע און אכטונג צו מיינע שכנים, אזוי גוט ווי דער וואהלזיין בכלל פון דער געזעלשאפט צו וועלכער איך געהער, זיינען אליין נויטיגע פאקטארען פאר דער דערגרייכונג פון מיין אייגענעם וואהלזיין און גליק; איך קען קיין מאל דאס לעצטע ניט דערגרייכען, אויב איך זאל זיך בלויז זארגען וועגען זיך אליין.

אט דער בליק אויף דער עטיק האט זיך אויסגעצייכענט דער־

מיט, וואס ער האט זיך אויסגעצייגט פאר „זעהר נאטירליך". אט דער בליק איז אם בעסטען געווען צוגעפאסט צו די באדערפעניששען פון די, וועלכע האבען געוואלט זיך צופרידענשטעלען מיט דער דער־קענטעניש פון דער ווירקליכקייט, פון דער וועלט, וואס מיר קענען דערקענען מיט אונזערע חושים, און וועלכע האבען דעם מענשען בא־טראכט בלויז אלס טייל פון דער אלגעמיינער נאטור. פון דער צוויי־טער זייט האט אזא אויפאסונג אויף עטיק געמוזט ארויסרופען א מאטעריאליסטישע אויפאסונג אויף דער נאטור בכלל. די באגרינ־דונג פון דער עטיק אויף דעם שטרעבען פון יחיד נאך גליק און פאר־גניגען, ד. ה. אויפ'ן עגאאיזם, און די מאטעריאליסטישע אויפאסונג אויף דער וועלט, האבען זיך געגענזייטיג פאראויסגעזעצט און איינס דאס צווייטע געשטיצט. די פארבינדונג וואס עקזיסטירט צווישען אט די צוויי עלעמענטען, זעהט זיך אמבעסטען ביי עפיקור'ען. (270—341 פאר קריסטוס). זיין מאטעריאליסטישע נאטור פילא־סאפיע ווערט אפען באשטימט דורך אן עטישען ציעל: בלויז די מאטעריאליסטישע אויפאסונג פון דער נאטור, קען נאך זיין מיינונג, אונז באפרייען פון די שרעקען, וועלכע זיינען ביי אונז אנטשטאנען א דאנק נארישע אבערגלויבענס, בלויז זי קען אונז געבען אט די נשמה רוהיגקייט, אהן וועלכער קיין אמת'ער גליק איז ניט מעגליך.

פארקערט, די אלע וואס זיינען געווען געגען מאטעריאליזם בכלל, האבען אויך געמוזט זיך ענטזאגען פון זיין עטיק, און פאר־קערט, די וועלכע האבען זיך ניט געקענט צופרידענשטעלען מיט אט דער עטיק, האבען שוין געמוזט פארווארפען אויך דעם מאטעריאליזם. די עטיק פון עגאאיזם, אדער פון דעם שטרעבען פון יחיד צו גליק, האט געהאט ניט וועניג שוואכע זייטען. פריהער פון אלעם האט זי ניט ערקלערט ווי אזוי ווערט דער מאראלישער געזעץ, א מאראלישער צוואנג, א פליכט צו טאן גוטס, און ניט בלויז א ראט־געבער צו אויסקלייבען א בעסערען שכל'דיגערען סארט פארגעניגען אדער א וועניגער שכל'דיגען. אויסער דעם איז דער שנעלער, פא־זיטיווער מאראלישער אורטייל וועגען גוטס אין שלעכטס, איננאנ־צען אנדערש ווי יעדער מישוב'דיגער איבערוועגען פין פארשידענע טא־

טען און אויסגעפינען וועלכע וועט פארשאפען מעהר, און וועלכע ווייניגער גליק און נוצליכקייט. אם ענדע, קען מען אויך אפט פ י ה ל ע ן א פליכט צו טאן עטוואס, פון וואס מען קען בשום אופן ניט ערווארטען וועלכע עס איז נוצען. אויב צ. ב. ש. איך ענטזאג זיך צו זאגען א ליגען, הגם דורך דעם וועל איך אויפברייננגען געגען זיך. אויף אימער, די גאנצע עפענטליכע מיינונג, אדער ווען איך ריזיקיר מיין לעבען, אדער ביז זאגאר באררייט אוועקגעבען מיין לעבען פאר עטוואס, קען דאך דא זיכער ניט זיין קיין רייד וועגען א וועלכען עס איז פארגעניגען אדער גליק, וואס זאל סוף כל סוף קענען פארוואנד־לען מיינע ליידען אין זייער היפוך.

מיט וואס אבער האבען די קריטיקער פון אט דער דער־קלערונג פון עטיק איהר געיואלט פארבייטען? מיט גאר ניט, הגם זיי האבען געמיינט, אז מיט זעהר א סך. דער פאקט וואס זיי זיי־נען ניט געווען ביכולת צו דערקלערען די מאראלע געזעצען אויף א נאטירליכען אופן, האט פאר זיי געדינט אלס דער בעסטער באוויז, אז דער מענש לעבט ניט נאר אין דער נאטור, נאר אויך אויסער איהר, אז אין איהם לעבען איבערנאטירליכע און אויסערנאטירליכע כחות, אז זיין גייסט איז עפעס איבערנאטירליכעס. פון אט דער פארשטעלונג וועגען עטיק איז אויף דעם אופן ארויסגעוואקסען דער פילאסאפישער אידעאליזם און מאנאטעאיזם; אט דער נייער גלויי־בען אין גאט.

אט דער נייער גלויבען אין איין גאט איז געווען גאנץ אנדערש ווי דער אלטער פאליטעאיזם: דער אונטערשיד איז באשטאנען ניט בלויז אין דער צאהל געטער, און ער איז ניט אנטשטאנען א דאנק דעם, וואס די פיל־געטעריי איז פארביטען געווארען אויף איין גאט. דער פאליטעאיזם איז א פראבע צו דערקלערען דעם פראצעס פון דער נאטור, זיינע געטער זיינען געווען פארקערפערונגען פון נאטור־קרעפטען, זיי זיינען דערפאר געוועזן ניט איבער דער נאטור און ניט אויסער דער נאטור, נאר אין דער נאטור, און האבען מיט זיך פאר־געשטעלט טיילען פון איהר. די נאטור פילאסאפיע האט זיי ביס־לעכווייז ארויסגעשטויסען אויף אזוי ווייט, ווי זי האט אויסגעפונען

אנדערע, אומפערזענליכע, אורזאכען פאר די ערשיינונגען פון דער נא־טור, און האט אנטוויקעלט די אידעע פון געזעץ און נויטווענדיגער פארבינדונג פון אורזאכע און רעזולטאט. די געטער האבען דא און דארט געמעגט אויפהאלטען זייער טראדיציאנעלע עקזיסטענץ אפילו אין דער פילאסאפיע, אבער בלויז אלס א סארט איבערמענשען, וועל־כע שפילען קיין שום אקטיווע ראליע ניט. אפילו פאר עפיקור'ען, טראָץ זיין מאטעריאליזם, זיינען די געטער ניט געווען טויט, זיי זיי־נען אבער ביי איהם פארוואנדעלט געווארען אין פאסיווע צוקוקער.

אפילו די ניט־מאטעריאליסטישע עטישע ריכטונגען אין דער פילאסאפיע, די וועמעס בעסטער פארשטעהער עס איז געווען פלאטאן (427—347 פאר קר.) און וועמעס מיסטישע עלעמענטען עס איז פיל קלערער אנטוויקעלט געווארען פון די נעא־פלאטאניסטען, אי־בערהויפט פון פלאטינוס, (240—270 פ. ק.) אפילו אט די ריכ־טונגען האבען זיך ניט גענויטיגט אין די געטער פאר זייערע דערקלע־רונגען־וועגען דער נאטור: זיי האבען די געטער באהאנדעלט אויף דעם זעלבען אופן ווי די מאטעריאליסטען. זייער אידעע פון גאט איז ניט ארויסגעקומען אלס רעזולטאט פון דער נויטיגקייט צו דער־קלערען די נאטירליכע וועלט אין וועלכער מיר לעבען. בכדי צו דער־קלערען די עטישע און גייסטיגע נאטור פון מענשען, האבען זיי זיך גענויטיגט אין א גייסטיגען וועזען, וועלכער זאל זיך געפינען אוי־סער און איבער דער נאטור, און פאלגליך אויסער צייט און פלאץ. א גייסטיגער וועזען וועלכער זאל מיט זיך פארשטעלען דעם תמצית פון יעדער מאראל, און וועלכער זאל באהערשען די מאטעריעלע נאטור. פונקט ווי די אריסטאקראטישע פילאסאפען באהערשען די, וועלכע ארבייטען מיט זייערע הענט. און פונקט ווי די ערשטע האבען זיך באטראכט פאר נאבעל, און די צווייטע פאר'ן המון, געוועהנליך און וואולגאר, פונקט אזוי איז פאר זיי די נאטור געווארען געמיין און שלעכט, און דער גייסט גוט און נאבעל. דער מענש געהערט אומ־גליקליכערווייזע צו ביידע וועלטען, סיי צו דער וועלט פון מאטעריע און סיי צו דער וועלט פון גייסט. ער איז האלב חיה און האלב מלאך, און וויגט זיך אימער צווישען גוט און שלעכט. פונקט, אבער,

# קאַרל קאַוטסקי

ווי גאָט הערשט איבער דער נאַטור, אַזוי האָט אויך די מאָראַל אין מענשען דעם כח צו בייקומען דאָס נאַטירליכע, די פאַרלאַנגען פון קערפּער, און טריאומפירען איבער זיי. פאָלקאָמענער גליק איז אָבער פונדעסטוועגען פאַר דעם מענשען אונדערגרייכבאַר, אַזוי לאַנג ווי ער געפינט זיך אין דעם „טאָל פון טרערען“, און איז פאַרשאָלטען צו טראָגען אויף זיך די מאַסע פון זיין קערפּער. בלויז דאַן, ווען ער באַפרייט זיך פון אָט דער מאַסע, ווען זיין גייסט ווערט באַפרייט און קערט זיך אום צוריק צו זיין אורקוואַל — צו גאָט, — קען ער דערגרייכען דעם גרענעצלאָזען גליק.

עס איז קלאָר דערפון, אַז גאָט שפּילט דאָ אַ גאַנץ אַנדער ראָליע ווי די, וואָס ער האָט געשפּילט אין אַלטען פּאָליטעאיזם. אָט דער איינציגער גאָט איז שוין ניט קיין פּערזאָניפיקאַציע פון אַן ערשיינונג פון דער אויסערער וועלט, נאָר די זעלבסט־שטענדיגקייט פון דעם גייסטיגען וועזען פון מענשען. פּונקט ווי דעם מענשענס גייסטיגער וועזען איז איינס, קען אויך די גאָטהייט שוין ניט זיין קיין פילעס. דער איינציגער גאָט האָט, אין דעם פאָלקאָמענסטען פילאָסאָפישען אויסדרוק, ניט קיין אַנדער אויפגאַבע ווי דערקלערען דעם עטישען געזעץ: זיך אריינמישען אין דער וועלט־אָרדענונג, ווי דאָס פלעגען טאָן די אַלטע געטער — איז ניט זיין זאַך. דערויף איז גענוג, אַם ווע־ניגסטענס פאַר׳ן פילאָסאָף, אָנצינעמען די געזעצמעסיגקייט צווישען אורזאַכע און רעזולטאַט.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז וואָס מעהר אָט דער בליק אויף גאָט איז געוואָרען פּאָפּולער, און איז אַריינגעדרונגען אין דער פאָלקס־רעלי־גיע, אַלץ מעהר האָט אָט דער איינציגער, העכסטער, איבער־אַלץ־הערשענדער גייסט, אָנגעהויבען צו קריגען פּערזענליכע שטריכען: זיך אָנגעהויבען מישען אין דער וועלט־אָרדענונג, און די אַלטע געטער האָבען זיך צוריק אָנגעהויבען אַריינ׳גנב׳ענען. איצט טרעטען זיי שוין אַרויס אין דער ראָליע פון פאַרמיטלער צווישען גאָט און מענש, אין דער ראָליע פון מלכים און הייליגע. אָבער אפילו אין אָט דער פּאָפּולערער פאָרמע, איז אַלץ די פאַראַכטונג צו דער נאַטור פאַרבלי־בען, און די אַנשויאונג, אַז דער גייסטיגער, אָדער ריכטיגער דער

# די עטיק

עטישער תמצית פון מענשען איז פון אן איבערנאַטירליכער אָפּשטאַמונג. איז אלץ פארבליבען אלס בעסטער באַווייז פאר דער עקזיסטענץ פון אן איבערנאַטירליכער וועלט.

צווישען אַט דיביידע ענטגעגנגעזעצטע פּאַליוסען, פּלאַטאָן און עפּיקור, זיינען מעגליך געווען פארשידענע מיטעלפּונקט סטאַדיען. די וויכטיגסטע פון זיי איז געווען די ס ט אָ א י ש ע פ י ל אָ ס אָ פ י ע, וועלכע איז באַגרינדעט געוואָרען פון זענאָ (270—341 פאר קר.). פּונקט ווי די פּלאַטאָנישע פילאָסאָפיע, אַזוי איז אויך די סטאָאישע געווענדעט געגען דער פּראָבע צו ערקלערען דעם מאָראַלישען געזעץ אלס רעזולטאַט פון דעם יחיד'ס שטרעבען צו גליק און פארגעניגען. איז דעם מאָראַלישען געזעץ האָט זי געפונען א העכערע קראַפט, וועלכע שטעהט איבער דעם יחיד, און וועלכע איז בכח איהם צו צווינגען צו טאָן אַזוינע זאַכען, וועלכע וועלען איהם זיכער פארשאַפען ליידען, שמערצען און אָפט אפילו — טויט. אבער להיפוך פון פּלאַטאָנען, האָבען די סטאָאיקער געהאַלטען, אז אַט דער מאָראַלישער געזעץ איז ניט קיין איבערנאַטירליכע קראַפט, נאָר אַ פּראָדוקט פון דער נאַטור. די טוגענד איז דער רעזולטאַט פון דער דערקענטעניש פון דער נאַטור. דער מענש דערגרייכט די גליקזעליגקייט, ווען זיינע האנדלונגען זיינען אין איינקלאַנג מיט דער נאַטור, ד. ה. אין איינקלאַנג מיט'ן גאַנצען אוניווערסום, אדער מיט דעם אוניווערסאַלען שכל. דערקענען די נאַטור און האַנדלען שכל'דיג איז איינקלאַנג מיט איהר, זיך פרייוויליג אונטערוואַרפען אונטער איהר צוואַנג, ניט זאָרגענדיג זיך פאר דעם אייגענעם פארגעניגען אדער שמערצען — דאָס איז דער וועג צו גליק, וועלכען דער קלוגער מענש קלייבט פאר זיך אויס. אבער די אויספאָרשונג פון דער נאַטור איז בלויז א מיטעל צו דער אויספאָרשונג פון טוגענד, און אפילו די נאַטור גופא, דערקלערען די סטאָאיקער פון שטאַנדפּונקט פון עטיק. די פּראַקטישע רעזולטאַטען פון דער סטאָאישער עטיק, איז ניט דער שטרעבען צו פארגעניגען, נאָר די פאַראַכטונג פון פארגעניגען און אלע וועלטליכע תענוגים. אבער אַט די פאַראַכטונג צו דער וועלט, דאַרף סוף כל סוף דינען פאר דעם זעלבען צוועק, וועלכער איז ער־

# קאַרל קאוטסקי

שינען אלס דאס העכסטע פאר זענא'ן, אזוי גוט ווי פאר עפּיקור'ן: פאר דער נשמה רוהיגקייט פון דעם איינצעלנעם מענשען. די עטיק, סיי פון דעם ערשטען, סיי פון דעם צווייטען, איז דער דירעקטער רע־זולטאַט פון זייער באַדערפעניש פון רוהיגקייט.

איז איינקלאַנג מיט איהר מיטעלפּונקט פּאַזיציע, וועלכע די סטאָאישע עטיק האָט פארנומען צווישען דער פּלאַטאָנישער און עפּיקור'שער עטיק, איז אויך דאָס בילד פון דער וועלט, וואָס זי צייכענט אויף. דער סטאָאיקער קען ניט זיין גלייכגילטיג צו דער דער־קלערונג פון דער נאַטור, די נאַטור ערשיינט פאר איהם אלס א באַ־זונדערער סאָרט מאַנאַטעאיסטישער מאַטעריאַליזם, וועלכער זעצט פאָראויס א געטליכען אור־כח פון וועלכען די מענשליכע נשמה אנט־שטעהט. אבער אַט דער אור־כח, דער אור־פייער, איז קערפּערליך, איז ניט אויסער דער נאַטור נאָר אין איהר, און די נשמה איז ניט אומ־שטערבליך, הגם זי עקזיסטירט פיל לענגער ווי דער קערפּער, סוף כל סוף ווערט זי פאַרשלונגען פון דעם אור־פייער.

דער סטאָאיציזם און דער פּלאַטאָניזם זיינען ביידע פאַרוואַנ־דעלט געוואָרען אין עלעמענטען פון קריסטענטום, און האָבען אויף דעם אופן באַזיגט דעם עפּיקור'שען מאַטעריאַליזם. דער עפּיקור'שער מאַטעריאַליזם האָט געקענט בלויז צופרידענשטעלען די יעניגע, וואָס זיינען געווען צופרידען מיט דער ווירקליכקייט, דעם קלאַס אָדער גע־זעלשאַפט, וואָס האָבען אין דער עקזיסטירענדער ווירקליכקייט גע־פונען זייער פרייד און פאַרגעניגען, און האָבען זיך ניט גענויטיגט אין קיין אַנדער אָרדענונג.

די קלאַסען אבער, פאר וועמען די ווירקליכקייט האָט אויסגע־זעהן שלעכט און פול מיט ליידען, זיינען געווען געצוואונגען זיך פון איהם צו אנטזאָגען: פּונקט אזוי נעגאַטיוו האָבען זיך צו איהם געמוזט באַציהען די אַפּשטאַרבענדע אַריסטאָקראַטישע קלאַסען, וועמעס צו־קונפט, אזוי גוט ווי געגענוואַרט, אויף דער וועלט, וואַלט, פּונקט ווי פאר די עקספּלואַטירטע קלאַסען, געווען זעהר האָפענונגסלאָז, אויב זיי זאָלען אנעמען, אַז קיין אנדער וועלט, אויסער דער מאַטעריעלער איז ניטאָ, און אַז מען קען קיין האָפענונג ניט האָבען אויף דעם אַל־

מעכטיגען גייסט, וואס איז בכח אט די גאנצע וועלט צוצושטערען. שליסליך האט דער מאטעריאליזם געדארפט פארוואַרפען ווערען פון דער גאנצער געזעלשאפט, ווען זי, די געזעלשאפט, איז שוין געווען אזוי דעגענערירט, אז אפילו די הערשענדע קלאסען האבען שוין דערפון געליטען; אפילו זיי זיינען שוין געקומען צום שלוס, אז דאס גוטע קען ניט קומען פון דער נאטירליכער וועלט, וועלכע קען נאר שאפען שלעכטס. דער איינציגער אויסוועג פאר זיי איז געווען — אדער פאראכטען די וועלט, ווי די סטאאיקער האבען געלערענט, אדער האָפען אויף א משיח, „ניט פון ד ע ר וועלט", ווי די קריסטען האבען געלערענט.

די פעלקער וואנדערונג האט אין קריסטענטום אריינגעטראגען א נייעם עלעמענט. דאס אריינדרינגען פון די בארבארען האט פארביטען די אפשטארבענדע געזעלשאפט פון דער רוימישער אימפעריע. אויף אנ'אנדערע, אין וועלכער דאס איבערבלייבאכץ פון דעם רוימישען פראדוקציאנס אופן און געדאנקענגאנג, צונויפמישענדיג זיך מיט דער יונגער גערמאנישער געזעלשאפט, מיט איהרע נאאיווע לעבענס-פרייידיגע אידעען, האבען באשאפען א גאנץ איינענטימליכע נייע געביידע.

פון איין זייט איז די קריסטליכע קירכע געווארען די קראפט, וועלכע האט צוזאמענגעהאלטען דעם נייעם שטאט. דא האט זיך, ווי עס ווייזט אויס, נאך אמאל ארויסגעוויזען דער אמת וועגען דער איבערמאכט פון גייסט איבער מאטעריע, ווייל די אינטעליגענץ פון די קריסטליכע גלחים, האט זיך ארויסגעצייגט פאר גענוג שטארק צו איינצוינען און מאכען אונטערטעניג צו זיך, די ברוטאלע קראפט פון די גערמאנישע בארבארען. אט די גראבע קראפט, וועלכע איז אנטשטאנען אין און א דאנק דער מאטעריעלער וועלט, האט זיך פאר די גלחים אויסגעצייגט אלס קוואל פון אל־דאס־בייז, אויב זי זאל ניט רעגולירט און איינגעהאלטען ווערען פון גייסט. דער גייסט, פארקערט, האט זיך זיי געצייגט אלס קוואל פון אל־דאס־גוטס.

אויף דעם אופן האט דער נייער געזעלשאפטליכער צושטאנד, געהאלפען צו פארשטארקערען די פילאסאפישע גרונדלאגען פון קריס־

טענטום און פון דער קריסטליכער עטיק. פון דער צווייטער זייט האָט אָבער דער נייער צושטאַנד אריינגעבראַכט אין דער געזעלשאַפט דעם עלעמענט פון לעבענס פריי־יגקייט און צוטרויען צו זיך זעלבסט, עפּעס וואָס דער קריסטענטום האָט פריהער ניט פאַרמאָגט. די קריסטליכע פּרעדיגער זעלבסט, אם ווענינסטענס אין דער מאַסע, האָבען ניט געהאַלטען די וועלט פאַר א טאָל פון טרערען, ווי פריהער, פאַרקערט, זיי זיינען געווען פיל מיט פריידיגען פאַרגעניגען און עפּיקוריזם, הגם אביסעל א נראָבליכען, וועלכער האָט ווענינ געמיינשאַפטליכעס געהאט מיט דער אַלטער עפּיקורייאישער פילאָסאָפיע. ניט קוקענדיג אבער דערויף, האָבען די קריסטליכע גלחים געמוזט זיך האַלטען אָן דער קריסטליכער עטיק, אבער שוין ניט מעהר אַלס אויסדרוק פון זייערע אייגענע געפילען, נאָר בלויז אַלס מיטעל אויפצוהאַלטען זייער הערשאַפט איבער'ן פאָלק. אַלעס ארום האָט זיי געלערענט, אַז זיי זאָלען אויך אויף ווייטער אנערקענען די פילאָסאָפישע גרונדלאַגען פון אַט דער עטיק, ד. ה. די זעלבסטשטענדיגקייט און אפילו די אויבער־הערשאַפט פון גייסט איבער דערווירקליכער וועלט. אויף דעם אופן האָט די נייע געזעלשאַפטליכע סיטואַציע פון איין זייט באַשאַפען נייע אימפּולסען פאַר א מאַטעריאַליסטישער עטיק און פון דער צווייטער זייט — א גאַנצע רייהע אורזאַכען, וועלכע האָבען געשטאַרקט און אויפגעהאַלטען די טראַדיציאָנעלע קריסטליכע עטיק. אזוי איז אנטשטאַנען די צווייפאַכע עטיק, וועלכע איז דער כאַראַקטעריסטישסטער סמן פון קריסטענטום, די פאָרמאַלע אנערקענונג פון אַן עטישער סיסטעם, וועלכע איז בלויז טיילווייז דער אויסדרוק פון אונזערע ווירקליכע עטישע איבערלעבונגען אין ווילען, און פאָלגליך אויך דערפון וואָס רעגולירט אונזערע האַנדלונגען. מאָראַלישע היפּאָקריטסוואָ איז פון איצט אָן געוואָרען א שטענדיגע סאָציאַלע אינסטיטוציע, און האָט אין ערגעץ ניט געקריגען אַזאַ בולט'ען אויסדרוק ווי אין קריסטענטום.

עטיק און רעליגיאָן זיינען איצט ערשינען אַלס אונצוטיילבאַר. באמת, איז דער מאָראַלישער געזעץ געווען דער לאָגישער שעפער פון איינציגען גאָט, אין קריסטענטום איז אבער גאָט, פאַרקערט, ערשי־

# די עטיק

נען אלס שעפער פון דעם מאראלישען געזעץ.

אהן א גלויבען אין גאט, אהן א רעליגיע איז ניטא קיין מאראל. יעדע עטישע פראגע איז געווארען א טעאלאגישע פראגע. היות אבער ווי יעדע אריגינעלע און איינפאכע סאציאלע עמפערונג נעמט געוועהנליך אן די פארמע פון א מאראלער עמפערונג, וועלכע קומט ארויס פון דעם געפיהל, אז די עקזיסטירענדע געזעלשאפטליכע ארדענונג איז ניט מאראליש, האט זיך דערפאר יעדע סאציאלע עמפערונג אנגעהויבען מיט א טעאלאגישער קריטיק. דאס איז נאך פארשטארקט געווארען דורך דעם, וואס די קירכע איז געווארען דער אנשטענדיגסטער מיטעלפאר הערשאפט. די רוימישע גייסטליכע זיינען געוועזן די סאמע ערגסטע און אם מערסטענס פארשפרייטסטע עקספלואטאטארען אין מיטעל־אלטער, אזוי, אז יעדער אויפשטאנד געגען עקספלואטאציע, אין וועלכער פארמע דאס זאל זיך ניט געוועזן אויסדריקען, איז גלייך געריכטעט געווארען געגען דער קירכע.

אפילו נאך דעם פעריאד פון רענעסאנס (15טען און 16טען יאהרהונדערט), ווען דער פילאסאפישער געדאנק איז ווידער אויפגעלעבט געווארען, זיינען נאך אלץ פאר א לאנגער צייט די פראגען פון עטיק פארבליבען פראגען פון טעאלאגיע.

## צווייטער קאַפּיטעל.

# די עטיק פון דער אויפקלערונגס עפּאָכע.

נאכ׳ן רענעסאנס הויבט צוריק אן אויפלעבען דער אינטערעס צו דער נאטור, און דערמיט אויך צו דער פילאָסאָפיע. פון אָט דער צייט ביז אין דעם 18טען יארהונדערט איז די פילאָסאָפיע איבער־הויפט געווען א נאטור־פילאָסאָפיע, און אלס אזעלכע האָט זי אונזער קענטעניס פון דער וועלט אויפגעהויבען אויף א פיל העכערען שטאַ־פעל, ווי דער צו וועלכען די אלטע פילאָסאָפיע האָט דערגרייכט. אלס אנפאנגס־פונקט האבען פאר איהר געדינט די ערפאלגען, וועלכע די אראבער האבען געמאכט אין מיטעל־אלטער אויפ׳ן פעלד פון דער נאטור־וויסענשאפט, און איהר העכסטען פונקט דערגרייכט זי אין דער פילאָסאָפיע פון ספינאָזא, (1632—1677).

די עטיק האָט ביי די דענקער פון דער צייט פארנומען דעם צווייטען פלאַץ. זי איז ביי זיי געווען אונטערוואָרפען דער נאטור־וויסענשאפט, פון וועלכער זי איז געווען א טייל. זי ווערט אבער צו־ריק ארויסגערוקט צום אויבען־אַן, ווען דער שנעלער וואוקס פון קאַ־פּיטאליזם האָט אין דעם 18טען יאהרהונדערט באשאפען אין מעריב־אייראָפּאַ פונקט אזאַ סיטואציע, ווי די שטארקע עקאָנאָמישע אויפ־בליהונג אין אלטען גריכענלאנד, וואָס איז געקומען נאָך די פּערסישע מלחמות; עס קומט פאר אַ שנעלע אומענדערונג פון דער גאַנצער אלטער עקאָנאָמישער ארדענונג, אין צוזאמען מיט דעם אַ צוזאַמען־ברוך פון דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער ארגאניזאציע, און די ביז דאַן עקזיסטירענדע מאראלישע אנשויאונגען. עס הויבט זיך דאַן אַן, רעדענדיג אין אַ מאָדערנער שפּראַך, אַן איבערשאַצונג פון אַלע

# די עטיק

ווערטען, און א מיהזאמער נאכדענקען און אויספארשונג פון דעם תמצית און באזיס פון מאראל. גלייכצייטיג הויבט זיך אויך אן, נאטירליך, ניט קיין ווייניגער מיהזאמע אויספארשונג וועגען דעם וועזען פון די נייע פראדוקציאנס מעטאדען. גלייכצייטיג מיט דער ערשיינונג פון עטיק ווערט געבוירען א נייע וויסענשאפט, וועלכע איז אין אלטערטום איגנאנצען אומבאקאנט געווען, א ספעציפישע קינד פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציע פון סחורה: די פאליטישע עקאנאמיע.

אין דער עטיק געפינען מיר ווייטער דריי ריכטונגען, וועלכע ווייזען ארויס א פאראלעלע ענליכקייט צו די דריי ריכטונגען פון אל־טערטום: דער פלאטאנישער, עפיקורייאישער און סטאאישער. איצט זיינען דאס געווען די ניט־מאטעריאליסטישע (קריסטליכע), די מאטע־ריאליסטישע, און איינע וועלכע איז געשטאנען צווישען אט דיביידע. דער לעבענסלוסט און דער הונגער נאך פארגעניגענס פון דער וואק־סענדער בורזשואזיע, אם ווייניגסטענס פון איהרע פראגרעסיווע עלע־מענטען, און איבערהויפט פון איהר אינטעליגענץ, איז שוין געווען שטארק געווען פאר אן אפענעם ארויסטריט און פאר אן אפענעם ענט־זאגען זיך אויף ווייטער צו טראגען די היפאקריטישע מאסקעס, וועלכע דער הערשענדער קריסטענטום האט אויף זיי ארויפגעצוואונגען. ווי טרויעריג די געגענוואַרט זאל ניט געווען צייטענווייז אויסקוקען, האט אבער דאך די וואקסענדע בורזשואזיע געפילט, אז דער בעסטער חלק, די צוקונפט, באלאנגט צו איהר. זי האט אין זיך געפיהלט דעם כח צו פארוואנדלען דעם טאל פון טרערען אין א גן־עדן, אין וועלכען מענשען זאלען קענען פריי נאכפאלגען זייערע נייגונגען. די דענקער פון דער בורזשואזיע האבען געפונען אין דער ווירקליכקייט און אין די נאטירליכע נייגונגען פון די מענשען, ניט דעם קוואל פון אל־דאס־בייז, נאר פון אל־דאס־גוטס. אט די נייע ריכטונג האט אין אנהויב פאר זיך געפונען אנהענגער, ניט נאר אין דעם פראגרעסיווען טייל פון דער בורזשואזיע, נאר אויך אין דער הויף־אריסטאקראטיע, וועל־כע האט דאן באזעסען אזא גרויסע, אבסאלוטע מאכט אין דער רע־גירונג, אז זי האט געהאלטען פאר מעגליך צו ענטזאגען זיך איגנאנ־

# קאַרל קאוטסקי

צען פון דער קריסטליכער היפאקריטססטווא און הנאה האבען פון לע־בען: איבערהויפט נאך ווען פון די ברייטע פאלקס־מאסען זיינען זיי געווען אפגעטיילט דורך א טיפען אפגרונד. אויף די אלגעמיינע בירגער און פויערים האבען זיי געקוקט אלס נידעריגערע וועזענס. ווען זייער פילאסאפיע וואלט אבסאלוט זיין אומפארשטענדליך: דערפאר מעגען זיי גאנץ רוהיג זייער פילאסאפיע פריי אנטוויקלען. ניט מורא האבענדיג, אז דורך דעם קענען זיי אפשוואכען די קריסט־ליכע רעליגיע און עטיק, וועלכע זיינען געווען די הויפט־שטיצען פון זייער הערשאפט.

די באדינגונגען פאר אט דער נייער אנשויאונג אויפ'ן לעבען און עטיק האבען זיך מעהר ווי אומעטום אנטוויקעלט אין פראנקרייך. און טאקי אין פראנקרייך האבען זיי געקראגען זייער בעסטען און שארפסטען אויסדרוק. פונקט ווי אין דעם אלטען עפיקוריזם, אזוי אויך ביי די נייע פילאסאפען פון דער אויפקלערונגס־עפאכע, ל א־מ ע ט ר י (1709—1751), האלבאך (1723—1789) און העלוועל־ציוס (1715—1771) שטעהט די עטיק פון עגאאיזם, פון נוצבאר־קייט און פארגעניגען אין אן ענגען לאגישען צוזאמענהאנג מיט דער מאטעריאליסטישער פילאסאפיע. די וועלט, וועלכע מיר דערקענען דורך אונזער ערפאהרונג, איז דאס איינציגע מיט וואס מיר קענען זיך רעכענען.

די אורזאכען פון דעם נייעם עפיקוריזם זיינען אין פיל פרטים געווען ענליך צו די אורזאכען פון דעם אלטען עפיקוריזם. פונקט אזוי ענליך זיינען אויך געווען די שלוסען צו וועלכע ער איז געקו־מען, פונדעסטוועגען זיינען זיי ביידע, אין זייערע הויפט שטריכען געווען פארשידען. דער אלטער עפיקוריזם איז ניט אנטשטאנען אלס צוברעכער פון די טראדיציאנאלע רעליגיעזע גלויבונגען, ער האט זיך צו זיי צוגעפאסט. ער איז ניט געווען די לערע פון א רעוואלוציא־נערען קלאס און געפרעדיגט האט ער ניט קריג, נאר דעם פארגעני־גען פון נשמה־רוהיגקייט. דער אידעאליזם און טעאיזם פון פלאטאנען איז פיל מעהר געווען א לערע וואס האט געפיהרט צו דער איבער־

קערעניש אין די רעליגיעזע אנשויאונגען, א לערע פון די אונצופרידע־נע קלאסען.

אנדערש אבער איז דאס מיט דער פילאסאפיע פון דער אויפ־קלערונגס צייט. עס איז אמת, אז בעצם איז זי אויך געווען קאנסער־וואטיוו, אויך זי האט געזעהן דעם גליק אין דער נשמה רוהיגקייט. אויף אזוי ווייט, ווי זי האט געדינט די אינטערעסען פון דער הויף אריסטאקראטיע, וועלכע האט געלעבט אויפ'ן רעכענונג פון שטאט. איבערהויפט אבער איז זי געווען די פילאסאפיע פון די סאמע אינ־טעליגענטסטע, אם מערסטענס אנטוויקעלטע און דרייסטע עלעמענ־טען פון דער וואקסענדער בורזשואזיע. דאס האט איהר צוגעגעבען א רעוואלוציאנערען כאראקטער. ארויסטרעטענדיג גלייך אין אנהויב אלס אפאזיציע צו דער אלטער רעליגיע און עטיק, האט די פילא־סאפיע, וואס מעהר עס זיינען געוואקסען די כחות און זעלבסטבא־וואוסטזיין פון דער בורזשואזיע אליין מעהר און מעהר געקראגען דעם כאראקטער פון א לערע, אין וועלכער עס האט זיך אפגעשפיגעלט דער קאמף געגען די גלחים און טיראנען, דער קאמף פאר נייע אידעאלען, עפעס וואס איז דעם אלטען עפיקוריזם געווען אינגאנצען פרעמד.

די מאראלישע אנשויאונגען און די שטופע פון די מאראלישע געפיהלען, ווערען באשטימט נאך דער מיינונג פון די פראנצויזישע מאטעריאליסטען, דורך די לעבענס־באדינגונגען פון די מענשען, אי־בערהויפט, דורך דער געזעצגעבונג, רעגירונג און ערציהונג. די פער־זענליכע אינטערעסען באשטימען שטענדיג דעם מענשען, אבער אט די אינטערעסען קענען ווערען געזעלשאפטליכע, אויב די געזעלשאפט זאל זיין אזוי ארגאניזירט, אז דער פערזענליכער אינטערעס פון יע־דען איינעם זאל צוזאמענפאלען מיט דעם אינטערעס פון דער געזעל־שאפט, דאן דינען די פארלאנגען פון יחיד דעם אלגעמיינעם וואהל־זיין. די אמת'ע טוגענד באשטעהט אין דעם זארגען זיך פאר'ן אל־געמיינעם וואהלזיין, זי קען אבער אויפבליהען בלויז אין אזא געזעל־שאפט, וואו דער מענש, ארבייטענדיג פאר'ן אלגעמיינעם וואהלזיין, ארבייט שוין במילא אויך פאר זיין אייגענעם וואהלזיין, וואו דער

יחיד זאל ניט קענען שאדען דער געזעלשאפט. ניט שאדענדיג גלייכ־צייטיג אויך זיך.

די אומפעהיגקייט צו פארשטעהן די מעהר דויערהאפטע, העכערע אינטערעסען פון דער מענשהייט, די אומוויסענהייט וועגען דעם וועלכע איז די בעסטע פארמע פון רעגירונג, פון געזעלשאפט און פון ערציהונג, מאכט מעגליך אזא צושטאנד, אין וועלכען דער אלגעמיינער וואהלזיין קומט אומפארמיידליך אין א קאנפליקט מיט דעם וואהלזיין פון דעם יחיד. עס מוז געמאכט ווערען אן ענדע צו אט דער אומוויסענהייט, עס מוזען געפונען ווערען פארנונפטיגע פארמען פון רעגירונג, געזעלשאפט און ערציהונג, כדי אויף אימער פעסט פארזיכערען דעם מענשליכען גליק און טוגענד. אין דעם באשטעהט דער רעוואלוציאנערער כאראקטער פון פראנצויזישען מאטעריאליזם. ער באשולדיגט די רעגירונג, אז זי איז שולדיג אין דעם מענשענס אומאראליטעט, אין דעם ווידערשפרוך צווישען די אינטערעסען פון יחיד און פון דער געזעלשאפט. דערמיט דערהויבט ער זיך איבער דעם אלטען עפיקוריזם, הגם ער שוואכט אליין אפ דערמיט די פאזיציע פון זיין עטיק.

געפינען א בעסערע פארמע פון רעגירונג אין געזעלשאפט, איז דאך נאך אן און פאר זיך ניט גענוג, מען מוז אויך קעמפען פאר איהר, מען מוז ארויסטרעטען געגען די עקזיסטירענדע הערשער און באזיגען זיי, איידער מען קען אויפבויען דאס קעניגרייך פון טוגענד. פאר אזא קאמף איז נויטיג א שטארקע מאראלע ליידענשאפט, אבער פון וואנען וועט זי זיך נעמען, אויב די געזעלשאפט איז אזוי שלעכט, אז זי גיט קיין מעגליכקייט ניט פאר דעם וואוקס פון מאראל און טוגענד? מוז דען ניט אפריהער עקזיסטירען א הויכער צושטאנד פון מאראל איידער עס קען באשאפען ווערען א העכערע געזעלשאפט? מוז דען ניט אין אונז אליין לעבען דער מאראלישער אידעאל, איידער די מאראלישע געזעלשאפט קען ווערען א ווירקליכקייט? אבער, ווי אזוי קען אט די מאראלע אידעע אנטשטעהן אין א זינדיגער וועלט?

אויף אט די פראגען קריגען מיר ניט קיין צופרידענשטעלענדע ענטפער.

# די עטיק

גאנץ אנדערש ווי די פראנצויזען, האבען די ענגלענדער פון 18טען יארהונדערט געפרובט דערקלערען די מאראלע געזעצען. אין אלגעמיין האבען זיי זיך ארויסגעוויזען פאר ניט אזוי דרייסט, און מעהר גענייגט צו קאמפראמיסען, וואס איז אויך אין איינקלאנג מיט דער געשיכטע פון ענגלאנד פון זינט דער רעפארמאציע. די לאגע אין וועלכער זי האט זיך געפונען אלס אן אינזעל־לאנד, איז זעהר גינסטיג געווען פאר איהר עקאנאמישער אנטוויקלונג פון יענער צייט. זיי האבען געמוזט מאכען א סך ים־רייזעס, און דאס איז אין 17טען און 18טען יארהונדערט, א דאנק דער קאלאניאל־סיסטעם, געווען דער שנעלסטער וועג צו רייכטום. דאס האט אויך באפרייט ענגלאנד פון די אלע שוועריגקייטען און חורבנות פון לאנד־מלחמות, וועלכע האבען אזוי אויסגעמאטערט אלע אנדערע רעגירונגען, א דאנק אט די אלע זאכען ווערט ענגלאנד אין 17טען און 18טען יארהונדערט בארייכערט שנעלער ווי אלע אנדערע לענדער, און פארנעמט עקאנאמיש דעם אויבען אן. אויב אבער אין א וועלכער עס איז לאנד אנטשטעהען נייע קלאסען, נייע קלאסען היפוכים, און דערמיט אויך נייע סאציאלע פראבלעמען, פריהער ווי אין אלע אנדערע לענדער, איז דער זעלבסט באוואוסטזיין פון אט די נייע קלאסען געוועהנליך שוואך אנטוויקעלט, און זיי האבען ניט קיין צייט צו באפרייען זיך פון די אלטע פארמען פון דענקען. אזוי אז אויך די קלאסען היפוכים ערשיינען אין אן אומאנטוויקעלטער פארמע. א דאנק דעם קומט אין אזא לאנד דער קלאסען־קאמף ניט גלייך צו אן ענטגילטיגער לעזונג, צו א זיג איבער די אלטע קלאסען, וועלכע האבען דארט ביז דער צייט געהערשט אומבאגרענעצט, און וועלכע האלטען נאך אין סאמע בליהען אין די אנדערע שכונ׳ישע לענדער. די נייע קלאסען זיינען נאך ניט פעהיג פאר זעלבסט הערשאפט, ווייל עס קומט זיי נאך גאנץ שווער אן צו באשטימען פאר זיך אליין, זייער פלאץ אין דער געזעלשאפט, זיי שרעקען זיך אליין פאר דער נייקייט פון זייערע שטרעבונגען, און זוכען אפילו שטיצע און אנהאלטס־פונקטען אין די אלטע באדינגונגען.

מיר דאכט זיך, אז מען קען דערפאר פעסטשטעלען דעם פאלגענ־

# קאַרל קאַוטסקי

דעו נעזעץ פון דער געזעלשאַפטליכער אנטוויקלונג: די לענדער, וועל־כע אנטוויקלען זיך עקאָנאָמיש פריהער פון אלע זיינען געגייגט צו פארבייטען ראַדיקאַלע לייזונגען אויף קאָמפּראָמיסען.

אזוי איז אין מיטעל־אלטער פראנקרייך צוגלייך מיט איטאַליע. געשטאַנען אן דער שפּיץ פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פון איי־ראָפּאַ. דערפאַר איז זי די ערשטע געקומען אין צוזאַמענשטויס מיט׳ן רוימישען פּאַפּסט. אין איהר רעגירונגס מאַכט איז זי די ערשטע ארויס־געטראָטען געגען רוים. אבער טאַקי דערפאַר, ווייל זי איז געווען די ערשטע, האט זיך איהר ניט איינגעגעבען צו גרינדען אן אייגענע נאַציאָנאַלע קירכע, זי האט בלויז געקענט צווינגען דעם פּאַפּסט צו איינ־געהן אויף קאָמפּראָמיסען, וועלכע האבען זיך, מיט קליינע אונטער־ברעכונגען, געצויגען ביז דער איצטיגער צייט. די סאַמע ראַדיקאַלע קעמפּער געגען דער מאַכט פון פּאַפּסט, זיינען גאַר געווען צוויי עקאָ־נאָמיש־אָפּגעשטאַנענסטע לענדער, סקאָטלאַנד און די שווייץ.

זינט פון דער רעפאָרמאַציע האָבען דעם פּלאַץ פון פראנקרייך און איטאַליע אלס פּיאָנערען פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פארנו־מען ענגלאַנד און סקאָטלאַנד. און דער קאָמפּראָמיס איז געווארען פאר ענגלאַנד און סקאָטלאַנד דער כאַראַקטעריסטישער אופן צו ליי־זען די פּראָבלעמען פון קלאַסען־קאַמף. טאַקי דערפאַר, ווייל דער קאַ־פּיטאַליזם איז געווארען א גרעסערע מאַכט אין ענגלאַנד ווי וואו עס איז אין אייראָפּאַ, טאַקי דערפאַר, ווייל דער קאַמף געגען פעאָדאַליזם האָט זיך דאָרט אָנגעהויבען פריהער ווי אומעטום, האָט ער זיך געענדיגט מיט א קאָמפּראָמיס. דאָס ערקלערט אונז ווארום די פעאָדאַלע סיס־טעם פון לאַנד־אייגענטום איז נאָך אפילו היינט שטאַרקער אין ענג־לאַנד, ווי אין א וועלכער עס איז אנדער לאַנד אין אייראָפּאַ. אז אויסנאָם איז אפשר עסטרייך־אונגאַרן. א דאַנק די זעלבע אורזאַכען, ד. ה. דער שנעלער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג, האָט זיך אויך דער קלאַסען־קאַמף צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע, פאָנאַנדערגעפּלאַקערט אין אַזאַ צייט, ווען ניט דער פּראָלעטאַריער און ניט דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליסט, האָבען זיך נאָך ניט אָפּ־געוואָהנט פון דעם קליינבירגערליכען ארט דענקען, און אסך אפילו

# די עטיק

גאנץ דורכדרינגליכע באאבאכטער האבען צונויפגעמישט ביידע קלא־סען צוזאמען אין איין אינדוסטריעלען קלאס. דער טיפ פון באוואוסט־זיניגען פראלעטאריער, וועלכער איז זיכער אין דער צוקונפט פון זיין קלאס אזוי גוט ווי דער טיפ פון דעם אינדוסטריעלען קאפיטאליסט, וועלכער הערשט אומבאגרענעצט אין דער רעגירונג, זיינען נאך דאן פאלקאם ניט געווען אנטוויקעלט. א דאנק דעם איז דער קאמף צוויי־שען אט די צוויי קלאסען, נאך א קורצען פעריאד פון הייסען קאמף, געענדיגט געווארען דורך א קאמפראמיס. די הערשאפט פון דער בורזשואזיע איבער'ן פראלעטאריאט איז, אין משך פון פיל צענדליגע יאהרען, אין ענגלאנד פארבליבען אומבאגרענעצט, פיל מעהר ווי אין א וועלכער עס איז אנדער מאדערנער לאנד.

די ווירקונג פון אט דעם געזעץ קען, פארשטעהט זיך, פונקט ווי יעדער אנדער געזעץ, פארהאלטען ווערען, אדער פארשטארקט ווערען, פון פארשידענע טענדענצען פון צווייטען ראנג, אבער, יעדענפאלס פארבלייבט ער אין קראפט אם וועניגסטענס אויף אזוי פיל, ער זאל אונז קענען פארהיטען פון דער פאפולערער פארשטענדעניס פון דעם היסטארישען מאטעריאליזם, לויט נאך וועלכען עס קומט אויס, אז אין דער לאנד, וועלכע געהט פאראויס איז איהר עקאנאמישער אנטוויק־לונג, מוז דער קלאסען־קאמף ארויסטרעטען שארפער און ביטערער ווי אומעטום.

דער גייסט פון קאמפראמיס, וועלכער האט געהערשט אין ענג־לאנד אין 17טען יארהונדערט, איז אויך אריינגעדרונגען אין זייער מאטעריאליזם, אין זייער אטעאיזם, און אין זייער עטיק. דער קאמף פון די וואקסענדע דעמאקראטישע קלאסען געגען דער מאכט פון דער מאנארכיע, וועלכע זייענדיג אומאפהענגיג פון דער בורזשואזיע, האט זיך אינגאנצען איבערגעגעבען צו דער פעאדאלער אריסטאקראטיע. מיט איהר הויף־אריסטאקראטיע און איהר שטאטס־קירכע, האט זיך אין ענגלאנד אנגעהויבען מיט א גאנצען יארהונדערט פריהער ווי אין פראנקרייך, און דערצו נאך אין אזא צייט, ווען זעהר וועניג מענשען האבען זיך שוין באפרייט פון קריסטליכען ארט דענקען. אויב אין פראנקרייך איז דער קאמף געגען דער ארגאניזירטער שטאטס־מאכט

פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ קאַמף צווישען קריסטענטום און אַטעאיסטישען מאַטעריאַליזם. איז ער אָבער אין ענגלאַנד פאַרבליבען אַ קאַמף פון איין קריסטליכער סעקטע, וועלכע איז דעמאָקראַטיש געגען אַ צווייטער סעקטע, וועלכע איז אָרגאַניזירט אַלס די שטאַט'ס קירכע. אין דער צייט וואָס אין פראַנקרייך האָט די גאַנצע אינטעליגענץ און די קלאַסען וועלכע זיינען פון איהר באַאיינפלוסט געוואָרען זינט דער אויפקלערונגס־צייט, געדענקט ווי מאַטעריאַליסטען און אַטעאיסטען, האָט די ענגלישע אינטעליגענץ געזוכט אַ קאָמפּראָמיס צווישען מאַטעריאַליזם און קריסטענטום. עס איז אמת, אַז דער נייער מאַטעריאַליזם האָט צום ערשטען מאָל געקריגען זיין אויסדרוק אין ענגלאַנד, אין דער לעהרע פון טהאָמאַס האָבס (1588—1679). עס איז אויך אויסער יעדען צווייפעל, אַז ענגלאַנד קען אָנווייזען אויף אַזוינע דענקער, וועמעס דרייסטקייט אין עטישע פראַגען, האָבען ווייט איבערגעיאָגט די סאַמע דרייסטע פראַנצויזישע דענקער, אַזאַ צ. ב. ש. ווי מאַנדעוויל (1670—1733), וועלכער האָט געהאַלטען, אַז מאָראַל איז אַ מיטעל פאַר פאַרשקלאַפונג, וואָס איז אויסגעטראַכט געוואָרען, כדי מען זאָל קענען פאַרשקלאַפען די אַרבייטער, און וועלכער האָט באַטראַכט די זינד אַלס אורקוואַל פון יעדער סאָציאַלער וואָלטאַט. אָבער אויף דעם געדאַנק פון דער נאַציאָן האָבען אָט די אידעען געהאַט אַ גאַנץ קליינעם איינפלוס. דער קריסטליכער דענקונגס־אַרט איז אַלץ פאַרבליבען דער סמן פון אַנשטענדיגקייט און יעדער געלערנטער וואָס האָט ניט געוואָלט אַרויס אין קאַמף מיט דער געזעלשאַפט, האָט איהם געמוזט אָננעמען, אָדער אַמווועניגסטענס זיך מאַכען, אַז ער נעמט איהם אָן.

די ענגלענדער האָבען זיך דערפאַר באַצויגען זעהר קריטיש צו דער מאַטעריאַליסטישער עטיק, וועלכע האָט געוואָלט באַגרינדען דעם מאָראַלישען געזעץ אויף דעם פאַרגעניגען אָדער נוצען פון דעם יחיד. אמת, די אינטעליגענטע פאַרשטעהער פון דער אויפוואַקסענדער ענגלישער בורזשואַזיע האָבען געפּרובט ערקלערען דעם מאָראַלישען געזעץ אַלס אַ נ אַ ט י ר ל י כ ע ערשיינונג. זיי האָבען אָבער באַלד איינגעזעהן, אַז זיין צוואַנגס־קראַפט קען ניט דערקלערט ווערען פּשוט

דורד נוצליכקייט, און אז די פראבען צו פאראייניגען די צווינגענדע מאכט פון דער מאראל מיט דער נוצליכקייט אדער פארגעניגען פין יחיד, זיינען אויפגעבויט אויף א צו קינסטליכען פונדאמענט. זיי האבען דערפאר אימער געמאכט אן אונטערשיד צווישען די עגאאיסטישע און סימפאטישע אינטערעסען פון מענשען, און האבען אנערקענט א מאראלען געפיהל, וועלכער טרייבט דעם מענשען צו ארבייטען פאר דעם וואלזיין פון זיינע מיטמענשען. נאך דעם סקאטישען דענקער האטשעסאן, איז אט די טעאריע אמישטארקסטענס פארטיידיגט געווארען פון דעם גרויסען עקאנאמיסט אדאם כמיט. (1723—1790). אין צוויי פון זיינע הויפטארבייטען פארשט ער אויס אט דיביידע אימפולסען פון דער מענשליכער טעטיגקייט. אין זיין „טעאריע פון די מאראלע געפיהלען“ (1759) דערקלערט ער דעם געפיהל פון סימפאטיע אלס דעם וויכטיגסטען פאקטאר, וואס האלט צונויף די געזעלשאפט. אין זיין „רייכטום פון נאציאנען“ נעמט ער אן דעם עגאאיזם, די מאטעריעלע אינטערעסען פון די יחידים, אלס הויפט טרייבקראפט פון מענשליכע טאטען. אט דער לעצטער בוך איז ערשט ערשיענען אין 1776, די פרינציפען אבער וועלכע דער בוך אנטהאלט, זיינען מינדליך פון סמיט׳ען אנטוויקעלט געווארען נאך אין 1752 און 1753 אין גלאזגאו. עס איז קענטיג, אז זיין טעאריע פון געאאיזם און זיין טעאריע פון סימפאטיע שליסען ניט אויס, נאר באגרענעצען איינס דאס צווייטע.

אויב די ענגלענדער האבען אנטקעגענגעשטעלט דעם עגאאיזם אין דעם מאראלישען געפיהל איינס געגען צווייטען, איז דאס געווען, וואס אנבאלאנגט די מאטעריאליסטען א דערנעהענטערונג צום פלאטאניזם און קריסטענטום. דאך איז זייער בליק זעהר ווייט געווען פון די לעצטע. לויט דער קריסטליכער לעהרע, איז דער מענש על פי זיין נאטור שלעכט, לויט נאכ׳ן פלאטאניזם זיינען אונזערע נאטירליכע פארלאנגען בייז פאר אוממאראלישער און דאס מאראלישע פאר איבערנאטירליך און אומנאטירליך. די ענגלישע מאראליסטען אבער פון 18טען יארהונדערט, אויב זיי האבען אפילו אוועקגעשטעלט

דעם מאָראַלישען געפיהל אין נעגענזאַץ צום ענאָאיזם, האָבען זיי אבער ביידען געהאַלטען פאַר נאַטירליכע אינסטינקטען. אפילו דעם עגאָאיזם האָבען זיי געהאַלטען פאַר אַ גאַנץ באַרעכטיגטען אינס־טינקט, וועלכער איז פאַר דער עקזיסטענץ פון דער געזעלשאַפט פונקט אַזוי נויטיג ווי רחמנות. דער מאָראַלישער געפיהל איז פאַר זיי געווען פונקט אַזאַ נאַטירליכער געפיהל ווי אַלע אַנדערע: אַ סאָרט זעקסטער חוש פון מענשען.

דאָס האָט אָבער די פראַגע בלויז אָפּגערוקט, אָבער ניט גע־לייזט, פונקט ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט די פראַנצויזישע מאַטעריאַליסטען. אויף דער פראַגע, פון וואַנען נעמט זיך גראָדע צום מענשען אַט דער באַזונדערער מאָראַלער געפיהל, האָבען די ענג־לענדער ניט געקענט ענטפערן. די נאַטור האָט דעם מענשען דערמיט באַשאַנקען. דאָס האָט געקענט צופרידענשטעלען די, וואָס האָבען זיך נאָך געהאַלטען מיט דער פאַרשטעלונג וועגען אַ באַשאַפער פון דער וועלט. אָבער דאָס האָט אַט דעם באַשאַפער ניט געמאַכט פאַר איבעריג.

די אויפגאַבע פון דער ווייטערער וויסענשאַפטליכער אַנטוויקלונג פון דער עטיק איז אונטער די אומשטענדען געווען גאַנץ קלאָר. די פראַנצויזישע און די ענגלישע דענקער האָבען פיל אויפגעטאָן אויפ׳ן פעלד פון דער פּסיכאָלאָגישער און היסטאָרישער דערקלערונג פון די איינצעלנע מאָראַלע געפיהלען און אנשויאונגען. אָבער זיי ביידען האָט זיך ניט איינגעגעבען צו באַווייזען, אַז די מאָראַל איז דער רע־זולטאַט פון אַזוינע אורזאַכען, וועלכע געפינען זיך אין אונזער ער־פאַרונג. עס איז נויטיג געווען צו דערהויבען זיך איבער דער ענגלישער שולע און אויספאָרשען די אורזאַכען פון דעם מאָראַלען געפיהל: עס איז אויך נויטיג געווען אריבער־צו־טרעטען די גרענעצען פון דער פראַנצויזישער שולע און אויסגעפינען די אורזאַכען פון מאָראַלע אי־דעאַלען.

די אַנטוויקלונג געהט ניט אין קיין גלייכער ליניע, נאָר אין אַ דיאַלעקטישער. זי באַוועגט זיך אין ווידערשפּרוכען. דער נעקסטער שריט אין דער אַנטוויקלונג פון עטיק, איז געריכט געוואָרען אין אַ געגענגעזעצטער ריכטונג. אנשטאָט נאָך מעהר אריינפיהרען די עטישע

נאַטור פון מענשען אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער נויטווענדיג־קייט, האָט זיך פילאָסאָפיע נאָך מעהר דערווייטערט דערפון.

אַט דער שריט איז אין דער דייטשער פילאָסאָפיע דערגרייכט געוואָרען דורך קאַנט'ן (1724—1804). איצט הערט מען אָפט דעם געשריי „צוריק צו קאַנט'ען.“ אויב אָבער מען האָט אין זינען קאַנט'ס עטיק, מעג מען מיט דער זעלבער רעכט שרייען „צוריק צו פּלאַ־טאָנ'ען.“

## דריטער קאפיטעל.

# קאַנט'ס עטיק.

### 1. די קריטיק פון דער דערקענטעניש.

קאנט האט זיך אוועקגעשטעלט אויפ'ן זעלבען באדען ווי די מאַטעריאליסטען. ער האט אנערקענט די ווירקליכקייט פון דער אויסערער וועלט און געהאלטען אז דער אויסגאנגס פונקט פון אונזער וויסען איז אונזער זינליכע ערפאהרונג. אבער דאס וויסען וועלכען מיר קריגען דורך ערפאהרונג, באשטעהט טיילווייז פון די איינדרוקען וואס די חושים ברענגען אונז, און טיילווייז פון דעם, וואס אונזערע אייגענע דערקענטעניש פעהיגקייטען שטעלען אונז צו פון זיך אליין. אין אנדערע ווערטער, אונזער דערקענטעניש פון דער וועלט ווערט באַשטימט ניט בלויז דורך דער נאַטור פון דער אויסערער וועלט, נאר אויך דורך דער נאטור פון אונזערע דערקענטעניש אָרגאנען. פאר אונזער דערקענטעניש פון דער וועלט, איז פונקט אזוי נויטיג אן אויספאָרשונג פון אונזערע דערקענטעניש פעהיגקייטען, ווי אן אויספאָרשונג פון דער אויסערליכער וועלט. דאס ערשטע איז די אויפגאבע פון דער פילאָסאָפיע: זי איז די וויסענשאַפט פון די וויסענשאַפטען.

אין דעם אלעמען איז ניטאָ קיין זאך אונטער וואס יעדער מאַטעריאליסט וואלט זיך אנטזאגט צו אונטערשרייבען. אלץ, אפשר מיט'ן אויסנאַם פון דעם לעצטען זאץ, איז שוין פון פריהער געזאגט געווארען פון די מאטעריאליסטען. אבער דאס איז געזאגט געווארען בלויז אויף דעם אופן ווי עס זיינען צ. ב. ש. ארויסגעזאגט געווארען די געדאַנקען וועגען דער מאַטעריאליסטישער אויפאַסונג פון דער

געשיכטע פאר מארקס'ען. דאס זיינען געווען פרובטלאזע געדאנקען.
קאנט האט דער ערשטער אט די געדאנקען אוועקגעלייגט אלס פונ־
דאמענט פאר זיין גאנצער לערע. א דאנק איהם איז די פילאסאפיע
ווירקליך געווארען די וויסענשאפט פון אלע וויסענשאפטען, וועמ׳ס
אויפגאבע עס איז ניט צו פרעדיגען א וועלכע עס איז באשטימטע
פילאסאפיע, נאר דורך דער קריטיק פון אונזער דערקענטעניש אויס־
לערנען אונז פילאסאפירען, צו דערקענען דעם פראצעס פון אונזער דער־
קענטעניש און צו דענקען מעטאדיש.

אבער קאנט איז אוועק נאך ווייטער. זיין גרעסטע פארדינסט
פאר דער פילאסאפיע — די אויספארשונג פון אונזער דערקענטע־
ניש פעהיגקייטען, איז פארוואנדעלט געווארען אין דער גרעסטער
שטערונג פאר זיין אייגענער פילאסאפיע.

היות די ערפארונג וואס מיר קריגען דורך אונזערע חושים, באַ־
ווייזט אונז די וועלט ניט ווי זי איז אין און פאר זיך,
נאר בלויז ווי זי שטעלט זיך אונז פאר, א דאנק דער אייגענארטיג־
קייט פון אונזערע דערקענטעניש פעהיגקייטען. איז קלאר אז די וועלט,
אין זיך אליין, איז ניט אזוי ווי זי שטעלט זיך אונז פאר.
דערפאר אונטערשיידט קאנט צווישען דער וועלט פון ערשיינונגען
„פענאמענען“, און די וועלט פון די זאכען ווי זיי זיינען אין זיך,
„נומענען“, פון דער וועלט וואס מיר קענען באגרייפען מיט
אונזער שכל. דאס לעצטע קענען מיר ניט דערקענען, ווייל דאס
ליגט אויף יענער זייט פון אונזער ערפארונג, און דערפאר דארפען
מיר זיך דערמיט גאר ניט באשעפטיגען. מען קען דאס פשוט נע־
מען אלס באווייז, אז די וועלט פון אונזער דערקענטעניש איז באגרע־
נעצט דורך דעם כאראקטער פון אונזער דערקענטעניש פעהיגקייט, אז
עס איז אמאל רעלאטיוו און קען אונז בלויז געבען רעלאטיווע, און ניט
קיין אבסאלוטע אמת'ן, אז אונזער וויסען איז ניט קיין פארענדיגטע
דערקענטעניש, נאר אן אומענדליכער פראצעס פון דערקענען.

אבער קאנט האט זיך דערמיט ניט צופרידענגעשטעלט. א שטאר־
קער פארלאנג וועלכען ער האט ניט געקענט בייקומען, האט איהם גע־
טריבען צו ווארפען א קוק אויף יענער אומבאוואוסטער, ניט אויס־

געפאַרשטער, וועלט פון נומענען, כדי צו קריגען כאַטש די קלענסטע פאַרשטעלונג וועגען איהר.

ער איז ווירקליך אוועק אַזוי ווייט, אַז ער האָט אַנגעהויבען זאָגען גאַנץ באַשטימטע זאַכען וועגען יענער וועלט. דעם וועג צו דעם האָט ער געזעהן אין דער קריטיק פון אונזערע דערקענטעניש פעהיגקייטען.

באַפרייענדיג די ערפאַרונג פון אַלץ וואָס קומט דורך אונזערע חושים, דאַרף אַט די קריטיק אויפדעקען פאַר אונז די פאָרמען פון דערקענטעניש און אַנשויאונגען, וועלכע געפינען זיך אין אונזער דערקענטעניש אַפּריאָרי, נאָך איידער מיר האָבען וועלכע עס איז ערפאַרונג. אויף דעם אופן האָט ער אַנטדעקט די אידעאַליטעט פון צייט און רוים. דאָס זיינען ניט קיין באַגריפען וועלכע מיר קריגען דורך ערפאַרונג, נאָר בלויז די פאָרמען פון אונזערע באַגריפען וועגען דער וועלט. וואָס געפינען זיך בלויז אין אונזערע דערקענטעניש אָרגאַנען; מיר קענען דערקענען די וועלט בלויז אין די פאָרמען פון צייט און רוים. דרויסען פון אונזערע דערקענטעניש אָרגאַנען איז ניטאָ קיין צייט און ניט קיין רוים. אויף דעם אופן דערגעהט קאַנט אַזוי ווייט, אַז ער זאָגט אונז וועגען דער דורכאויס אומבאַוואוסטער וועלט פון זאַכען אין זיך, עטוואָס גאַנץ באַשטימטעס: אַז דאָרט איז ניטאָ ניט קיין צייט און ניט קיין רוים.

עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אַז אַט די לאָגישע אַנטוויקלונג איז איינע פון די גרעסטע פאַרדינסטען פון דעם מענשליכען גייסט. דאָס מיינט נאָך אָבער ניט, אַז דערפאַר איז זי דורכאויס אמת. פאַרקערט, עס איז דאָ זעהר פיל וואָס אויסצוזעצען געגען איהר, און עס זיינען ווירקליך געמאַכט געוואָרען זעהר פיל ערנסטע אויסזעצונגען געגען אַט דער אַנשויאונג. ווען מען נעמט אָן מיט קאַנט'ען די אידעאַליטעט פון צייט און רוים, מוז מען קומען צו פיל אומלייזבאַרע ווידערשפּרוכען.

עס איז זיכער, אַז אונזער פאַרשטעלונג וועגען צייט און רוים ווערט באַשטימט דורך דעם כאַראַקטער פון אונזערע דערקענטעניש אָרגאַנען, אָבער עס דוכט מיר, אַז דערפון קענען מיר בלויז שליסען,

# די עטיק

אז מיר קענען דערקאַנען בלויז אַזעלכע ערשיינונגען, וואָס רופן אַרויס אין אונזערע דערקענטעניש אָרגאַנען די פאָרשטעלונגען פון צייט און רוים. די אידעאַליטעט פון צייט און רוים וואָלט דאַן בלויז גע־מיינט, פונקט ווי די זאַך אין זיך, אַ באַשטימטער גרענעץ פאַר אונזער דערקענטעניש. די ערשיינונגען וועלכע קענען ניט אָנ־נעמען קיין צייטליך־רוימליכע פאָרמען, אויב זיי עקזיסטירן ווירק־ליך, און דאָך קענען מיר ניט וויסן — זיינען פאַר אונז אונדער־גרייכבאַר, פונקט ווי אונזער חוש הראיה קען ניט באַגרייפן קיין אולטראַ־וויאָלעט אָדער אולטראַ־רויטע שטראַלן. ווייל רוים און צייט שטעלן צו די פאָרמען אין וועלכע אַליין נאָר אונזערע דערקענ־טעניש אָרגאַנען קענען דערקענען די וועלט, נעמט קאַנט אָן, אַז רוים און צייט זיינען טאַקי אַליין די פאָרמען, און זיי געפינען זיך בלויז אין אונזערע דערקענטעניש־אָרגאַנען, אין דערווירקליכער וועלט זיינען זיי אינגאַנצן ניטאָ. אין זיין „פּראָלעגאָמענאַ צו יעדער צוקונפטיגער מעטאַפיזיק“ פאַרגלייכט ער אין איין פּלאַץ אונזער פאָרשטעלונג פון רוים, מיט אונזערע פאָרשטעלונגען פון פאַרבען, עס שיינט אונז, אַז אַט דער פאַרגלייך איז זעהר אַן איינגעגעבענער, עס באַווייזט אָבער ניט דאָס וואָס קאַנט וויל באַווייזן.

אויב סינאָבאָר ווייזט זיך מיר אויס רויט, איז דאָס אָהן צוויי־פעל באַשטימט דורך דער אייגענטימליכקייט פון מיינע זעהונגס־אָר־גאַנען. דרויסען פון זיי זיינען קיינע קאָלירען ניטאָ. דאָס וואָס מיר ווייזט זיך אויס אַלס קאָליר, ווערט אַרויסגערופען דורך וואָלען פון עטער פון אַ באַשטימטער לענג, וועלכע ווירקען אויף מיין אויג. ווען איינער זאָל וועלען באַטראַכטען אַט די וואָלען, בנוגע דער פאַרב, אַלס זאַך אין זיך, וואָס זיי זיינען באמת ניט, דעמאָלט וואָלט אונזער פע־היגקייט צו זעהן געווען ניט אַ פעהיגקייט צו זעהן די זאַכען אין זיך ווי זיי זיינען, נאָר אַזוי ווי זיי זיינען באמת ניט, ד. ה. אַנשטאָט זיין אַ הילף פאַר דערקענטעניש, וואָלט עס ווערען אַ הילף צו שאַפען אילוזיעס.

אַנדערש איז דאָס, ווען מיר באַטראַכטען ניט איין קאָליר, נאָר עטליכע מיט אַמאָל, און אונטערשיידען צווישען איינעם און דעם

צווייטען. יעדער איינער פון זיי איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך א באַזונדערען עטער־וואַל פון א באַשטימטער לענג. דער אונטער־שיד אין די קאָלירען איז ענליך צו דעם אונטערשיד אין דער לענג פון די וואַלען. אָט דער אונטערשיד געפינט זיך ניט אין מיינע וויזועלע אָרגאַנען. נאָר אין דער דרויסענדיגער וועלט. א דאַנק מיין פעהיגקייט צו זעהן קומען אָט די אונטערשידען אַריין אין מיין באַ־וואוסטזיין אין א באַשטימטער פאָרמע, אין דער פאָרמע פון קאָלי־רען. אַלס מיטעל צו דערקענען אָט די אונטערשידען זיינען מיינע זעה־אָרגאַנען ווירקליכע מיטלען פון דערקענטעניש און ניט פון אילו־זיעס. אָט די אונטערשידען זיינען ניט בלויז ערשיינונגען, די קאָלי־רען גרין, רויט און ווייס, וועלכע איך זעה זיינען פּראָדוקט בלויז פון מיינע זעה אָרגאַנען, אבער אז גרין איז אנדערש ווי רויט איז שוין א סמן פון עפּעס וואָס געפינט זיך אויסער מיר, א סמן פון א ווירקליכען אונטערשיד צווישען די זאַכען.

אויסער דעם קען איך, א דאַנק דעם ספּעציעלען כאַראַקטער פון מיינע אָרגאַנען, דורך זיי בלויז דערקענען די באַוועגונג פון עטער, קיין אנדער ווירקונג פון דער אויסערער וועלט קען איך דורך זיי ניט דערקענען.

מיט די דערקענטעניש פעהיגקייטען בכלל איז דאָס זעלבע ווי מיט די וויזועלע פעהיגקייטען בפרט. מיט זיי קענען מיר בלויז פאַר־נעמען אַזוינע באַציהונגען צווישען זאַכען, וואָס זיינען בכח אין אונ־זער מאָרך אַרויסרופען די פאָרשטעלונג פון צייט און פּלאַץ. אויף די אנדערע איינדרוקען, אויב אַזעלכע זיינען דאָ, קענען זיי ניט רעאַגירען. א דאַנק מיינע דערקענטעניש פעהיגקייטען קענען אָט די איינדרוקען אויף א באַשטימטען אופן דערגרייכען מיין באַוואוסט־זיין, און בלויז אויף אַזוי פיל ווערען די קאַטעגאָריעס פון צייט און רוים באַשטימט דורך דעם כאַראַקטער פון מיינע דערקענטעניש אָרגאַ־נען. אבער די באַציהונגען און אונטערשידען גופא צווישען זאַכען, וועגען וועלכע איך דערוויס זיך פון די רוימליך־צייטליכע פאָרשטע־לונגען און א דאַנק וועלכע פאַרשידענע זאַכען זיינען פאַר מיר, קליין אָדער גרויס, נאָהענט אָדער ווייט, פריהער אָדער שפּעטער, זיינען

ווירקליכע באַציהונגען, און אונטערשידען פון דער אויסערער וועלט, און זיינען ניט באַשטימט דורכ'ן כאַראַקטער פון מיינע דער־קענטעניש אָרגאַנען.

אויב מיר קענען ניט באַגרייפען קיין איין באַזונדערע זאַך־אין־זיך, און אונזערע דערקענטעניש פעהיגקייטען פאַרוואַנדלען זיך אין דעם פאַל אין פעהיגקייטען ניט צו דערקענען, קענען מיר אַבער דער־קענען די ווירקליכע אונטערשידען פון זאַכען. אָט די אונטערשידען, זיינען ניט בלויז איינפאַכע ערשיינונגען, הגם אונזער באַגריף וועגען זיי קריגען מיר דורך ערשיינונגען. זיי עקזיסטירען דרויסען פון אונז און קענען פון אונז דערקענט ווערען, הגם נאָר אין באַשטימטע פאָר־מען.

קאַנט, פאַרקערט, האָט געדענקט, אַז ניט נאָר זיינען רוים און צייט באַגריפליכע פאָרמען פאַר אונז, נאָר אויך אַז די רוימליך־צייט־ליכע אונטערשידען אנטשטעהען בלויז אין אונזער מח, און דריקען קיין ווירקליכע זאַך ניט אויס. ווען דאָס זאָל זיין אמת, וואָלטען אַלע ערשיינונגען פאַרגעקומען בלויז אין אונזערע מחות, ווייל זיי נעמען דאָך אַלע אָן רוימליך־צייטליכע פאָרמען פון אונטערשידען. דעמאָלט וואָלטען מיר בכלל גאָר ניט געקענט וויסען וועגען דער אויסערליכער וועלט, מיר וואָלטען אפילו ניט געקענט וויסען, אַז אַן אויסערליכע וועלט עקזיסטירט. אויב דרויסען פון אונז עקזיסטירט אַ וועלכע עס איז וועלט, דאַן דאַרפען אונזערע דערקענטעניש אָרגאַנען פאַרשטעל־לען מיט זיך, אַ דאַנק דער אידענטיטעט פון רוים און צייט, ניט קיין אונפאָלקאָמענעם איינזייטיגען מעכאַניזם, נאָר אַ פאָלקאָמענעם אַפּאַ־ראַט, וועלכער באַזיצט אַלע אייגענשאַפטען וואָס זיינען נויטיג, כדי אונז ניט צו דערלאָזען צו האָבען אַ וועלכען עס איז וויסען וועגען דער וועלט. אָבער אַזאַ כאַרט אַפּאַראַט קען זיכער קיין שום געמיינ־שאַפטליכעס ניט האָבען, מיט דעם וואָס מיר רופען דערקענטעניש פעהיגקייט.

קאַנט האָט ענערגיש געקעמפט געגען בערקלי'ס מיסטישען אי־דעאַליזם, און האָט גערעכענט, אַז דורך זיין „קריטישען" אידעאַליזם האָט זיך איהם איינגעגעבען דעם ערשטען צו פאַרטרייבען. באמת האָט

זיין קריטיק סוף כל סוף געמאכט צו גאָר ניט זיין אייגענעם גרונד־געדאַנק, אַז די וועלט איז ווירקליך, און מיר קענען פון איהר וויסען בלויז דורך ערפאַרונג, אויף דעם אופן איז פאַר דעם מיסטיציזם, וואָס איז אַרויסגעוואָרפען געוואָרען דורכ'ן פענסטער, ברייט פאַנאַנדער־געעפענט געוואָרען די טיר, דורך וועלכער ער איז צוריק אריינגעקו־מען.

## 2. דער מאָראַלער געזעץ.

קאַנט איז אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז די וועלט עקזיסטירט ווירקליך דרויסען פון אונז, און ניט נאָר אין אונזער מח, און אַז דער־קענען איהר קענען מיר בלויז שטיצענדיג זיך אויף אונזער ערפאַ־רונג. זיין פילאָסאָפישער פאַרדינסט האָט געדאַרפט זיין זיין אויס־פאָרשונג וועגען די באַדינגונגען פון דער ערפאַרונג און וועגען די גרענעצען פון אונזער דערקענטניש. אבער, פּונקט אָט די אויספאָר־שונגען האָבען איהם געבראַכט דערצו, אַז ער אַליין זאָל אַוועקלאָזען זיך איבער אָט די גרענעצען און אַנטדעקען די אומדערקענבאַרע וועלט. וועגען וועלכער ער האָט פּינקטליך געוואוסט, אַז זי איז פון אַ גאַנץ אַנדער מין ווי די וועלט פון אונזערע פאַרשטעלונגען, אַז זי איז אוי־סער צייט און רוים, און דעריבער אויסער די געזעצען פון אורזאַכ־ליכקייט.

אָבער צו וואָס איז נויטיג געווען אָט דער משונה'דיגער שפּרונג אויף יענער זייט גרענעץ פון אונזער דערקענטעניש, אַ דאַנק וועלכען ער האָט פאַרלאָרען דעם פעסטען באָדען פון אונטער זיינע פיס? די לאָ־גישע נאָכטראַכטונגען האָבען איהם ניט געקענט שטויסען אויף דעם וועג, ווייל טאַקי אַ דאַנק אָט דעם שפּרונג, האָט ער זיך פאַרפּלאָנ־טערט אין אַ גאַנצען לאַבירינט פון ווידערשפּרוכען, וועלכע האָבען פאַרניכטעט דעם גרונד געדאַנק פון זיין אייגענער פילאָסאָפיע. די אורזאַכען וואָס האָבען איהם געטריבען צו אַנערקענען אַן איבער־חושים'דיגע וועלט זיינען געווען היסטאָרישע. ער האָט דאָס געמוזט טאָן אונטער אַלע אומשטענדען.

# די עטיק

אויב פראנקרייך פון 18טען יארהונדערט איז אפגעשטאנען פון ענגלאנד אויף הונדערט יאר, איז דייטשלאנד פונקט אזוי געווען אפגעשטאנען פון פראנקרייך. אויב די ענגלישע בורזשואזיע האט זיך מעהר ניט גענויטיגט אין דעם מאטעריאליזם, ווייל זי האט גע־קענט אויך אן איהם, אויפ'ן רעליגיעזען באדען, בייקומען די פעאדאל־אבסאלוטיסטישע שטאטס־מאכט און קירך, איז אבער די דייטשישע בורזשואזיע פון יענער צייט נאך ניט גענוג שטארק געווען כדי ארויס־געהן אין אן אפענעם קאמף מיט דער שטאטליכער מאכט און מיט איהר קירך. זי האט דערפאר פאר'ן מאטעריאליזם מורא געהאט. דער מאטעריאליזם איז געקומען אין 18טען יארהונדערט אין דייטש־לאנד, פונקט ווי אין רוסלאנד, ניט אלס פילאסאפיע פון קאמף, נאר אלס פילאסאפיע פון פארגעניגען, וואס איז געווען צוגעפאסט צו די נויטען פון דעם אויפגעקלערטען דעספאטיזם; ער איז איינגעוואקסען אין די פרינציפיעלע הויפען זייט ביי זייט מיט א זעהר באגרענעצטען ארטאדאקסאליזם. די בורזשואזיע אבער האט, אפילו אין די פערזא־נען פון איהרע געוואגטסטע און אומאפהענגיגסטע פארשטעהער, אויפגעהאלטען די רעשטלאך פון איהר קריסטליכען באוואוסטזיין. פון וועלכען זי האט זיך בשום אופן ניט געקענט באפרייען.

דאס האט געמוזט ארויסרופען ביי די דייטשישע פילאסאפען א סימפאטיע צו דער ענגלישער פילאסאפיע. אויף קאנט'ען האט זי ווירקליך געהאט א זעהר גרויסען איינפלוס. איך געדענק עפעס ניט, אז ער זאל ווען עס איז אין זיינע ארבייטען דערמאנען א פראנ־צויזישען מאטעריאליסט פון 18טען יארהונדערט, דערפאר אבער ציי־טירט ער מיט א באזונדערען פארגעניגען די ענגלישע דענקער פון 17טען און 18טען יאהרהונדערט ווי צ. ב. ש. לאק, בערקלי, יום און פריסטלי.

אבער צווישען דער דייטשישער און ענגלישער פילאסאפיע איז פונדעסטוועגען געווען א גרויסער אונטערשיד. די ענגלענדער האבען פילאסאפירט אין דער צייט פון א גרויסען פראקטישען פארטשריט און פונקט אזא גרויסען פראקטישען קאמף. די פראקטיק האט אוועק־גענומען זייערע אלע גייסטיגע כחות, און זייער פילאסאפיע האט גע־

# קאַרל קאוטסקי

טראַגען בולט'ע סמנים פון פּראַקטישע אויסרעכענונגען: די ענגלישע פילאָסאָפן האָבן זיך מעהר אויסגעצייכענט אויף די פעלדער פון עקאָנאָמיע, פּאָליטיק, און די נאַטור־וויסענשאַפטען, ווי אויף דעם פעלד פון דער פילאָסאָפיע.

קיין זאַך האָט אָבער ניט געשטערט די דייטשישע דענקער צו קאָנצענטרירען דעם גאַנצען כח פון זייער דענקען אויף די טיפסטע און אבסטראַקטסטע פּראָבלעמען פון דער וויסענשאַפט. קיינער, אויסער די גרענעצען פון דייטשלאַנד, האָט זיך דערפאַר מיט זיי ניט געקענט גלייכען אין דעם. דאָס דערקלערט זיך ניט דורך אַ וועלכער עס איז אייגענשאַפט פון דער גערמאַנישער ראַסע, נאָר בלויז דורך די באַדינגונגען פון דער צייט. אין 16טען און אין די ערשטע דריי פערטעל פון 17טען יאָרהונדערט האָבן די גרעסטע פילאָסאָפען און דענקער געלעבט אין איטאַליע, פראַנקרייך, האָלאַנד און ענגלאַנד, און ניט אין דייטשלאַנד. בלויז דער שטילשטאַנד, וואָס איז אָנגעקומען נאָך דעם דרייסיג־יאָהריגען קריג האָט געבראַכט דערצו, אַז די דייטשישע פילאָסאָפיע זאָל איבערשטייגען אַלע אַנדערע. אַזוי איז אויך מאַרקסעס „קאַפּיטאַל" אַנשטאַנען אין דער רעאַקציאָנערער עפּאָכע נאָך דעם 1848טען יאָהר.

ניט קוקענדיג אויף זיין סימפּאַטיע צו דער ענגלישער פילאָסאָפיע, האָט זיך אָבער קאַנט מיט איהר ניט געקענט צופרידענשטעלען, ער האָט זיך צו איהר באַצויגען פּונקט אַזוי קריטיש, ווי צום מאַטעריאַליזם.

אַלס שוואַכסטער פּונקט פון די ביידע, האָט זיך פאַר איהם געמוזט אויסווייזען זייער עטיק. איהם האָט זיך געדוכט, אַז עס איז בשום אופן ניט מעגליך צו שאַפען אַ פאַרבינדונג צווישען מאָראַלען געזעץ און דער נאַטור, ד. ה. מיט „דער וועלט פון ערשיינונגען". כדי צו דערקלערען דעם מאָראַלען געזעץ, האָט זיך איהם געדוכט, אַז עס איז נויטיג אַן אַנדער וועלט, אַ וועלט, וואָס איז אויסער צייט און רוים, אַ וועלט פון ריינעם גייסט, אַ וועלט פון פרייהייט להפך צו דער וועלט פון ערשיינונגען, וואו עס הערשט דער צווינגענדער געזעץ פון אורזאַך און רעזולטאַט.

# די עטיק

פון דער צווייטער זייט האָט דער קריסטליכער גֹעפיל אין איהם, דער רעזולטאַט פון דער רעליגיעזער ערציהונג וואָס ער האָט געקריגען, אויפגעוועקט אין איהם די באדערפעניש צו געפינען אַן אַנדער וועלט, וועלכע זאָל האָבען פּלאַץ פאר גאָט און אומשטערבליכקייט. צוגעבענדיג, אַז גאָט און אומשטערבליכקייט זיינען דורכאויס איבעריג אין דער וועלט פון אונזער ערפאַרונג, האָט ער געמוזט זוכען אַן אנדער וועלט, אויסער דער ערפאַרונג. אַ צייטלאָזע, אַ רוימלאָזע וועלט פון „זאַכען אין זיך“ איז פונקט געוועזן וואָס ער האָט געדאַרפט.

די בעסטע באווייזען פאר דער עקזיסטענץ פון גאָט און אומשטערבליכקייט אין דער צווייטער וועלט וואָס איז דרויסען פון אונזער ערפאַרונג, האָט קאַנט געקראָגען פון דעם מאָראַלען געזעץ. פּונקט ווי פּלאַטאָנ׳ען, איז דאָס אנטזאגען זיך פון דער נאַטוראַליסטישער דערקלערונג פון עטיק און דער גלויבען אין אַ באַזונדערער וועלט פון גייסטֵער, אדער אויב איהר ווילט, אין אַ גייסטיגער וועלט נויטיג איינס פאר דאָס צווייטע און שטיצען זיך געגענזייטיג.

אָבער, ווי אַזוי גיט זיך קאַנט׳ען איין אַריינצובליקען אין יענער וועלט? די קריטיק פון דער ריינער פארנונפט האָט איהם געגעבען בלויז די מעגליכקייט צו דערקלערען, אַז זי איז רוימלאָז און צייטלאָז: וואָס עס איז אַלזאָ נויטיג געוועזן, איז אָט די רוימלאָזיגקייט מיט עפּעס אויסצופילען. קאַנט האָט דאָ אויך געפונען אַן אויסוועג.

די אומדערקענבאַרע וועלט פון זאַכען־אין־זיך קען, אַכ׳וועניגסטענס טיילווייז, דערקענט ווערען, אויב מיר זאָלען קענען פעסטשטעלען אַכווּעניגסטענס אַ י י ן זאַך־אין־זיך. קאַנט געפינט דאָס פאר אונז. דאָס איז די מ ע נ ש ל י כ ע פּ ע ר ז ע נ ל י כ ק י י ט. איך בין פאר מיר אליין, גלייכצייטיג אי אַן ערשיינונג, אי אַ זאַך־אין־זיך. מיין ריינער פארנונפט (שכל) איז אַ זאַך־אין־זיך. אַלס טייל פון דער זינליכער וועלט בין איך אונטערוואָרפען אונטער די געזעצען פון אורזאַכען און רעזולטאַטען. ד. ה. אונטער די געזעצען פון נויטווענדיגקייטען, אָבער אַלס זאַך־אין־זיך, בין איך פריי, ד. ה. מיינע טאַטען ווערען ניט באַשטימט דורך די אורזאַכען פון

# קאַרל קאַוטסקי

דער זינליכער וועלט, נאָר דורך דעם מאָראַלען געזעץ, וואָס לעבט אין מיר, און וועלכער קומט פון דער ריינער פאַרנונפט. ער דערקלערט ניט „דו מוזט“, נאָר „דו דאַרפסט“. אָבער דאָס וואָלט דאָך ניט מעג־ליך זיין, אויב איך קען דאָס ניט אויספירען, ד. ה. אויב איך בין ניט פריי.

די מאָראַלע פרייהייט פון מענשען איז א זעהר פאַרפּלאָנטערטע זאַך. זי פאַרשלעפּט אונז איז ניט וועניגער ווידערשפּרוכען ווי די אידעאַליטעט פון רוים און צייט. די זאַך איז, אז אַט די פרייהייט דריקט זיך אויס אין טאַטען, וועלכע זיינען טיילען פון דער וועלט פון ערשיינונגען, אלס אַזיינע מוזען זיי אריינגעצויגען ווערען אין דער קייט פון אורזאַכען און רעזולטאַטען. און פאָלגליך ווערען זיי נויטווענדיגע. הייסט דאָס אַלזאָ, אז איינע און די זעלבע טאַטען זיינען גלייכצייטיג אי פרייע, אי נויטווענדיגע. אויסער דעם אנט־שטעהט דאַך אַט די פרייהייט אין דער צייטלאָזער וועלט, בעת אור־זאַכען און רעזולטאַטען זיינען שטענדיג אין א באַשטימטער צייט. קומט אויס אז די זעלבע טאַט האָט אי א צייטלאָזע אי א צייטליכע אורזאַכע.

אָבער וואָס איז דאָס, אַט דער מאָראַלער געזעץ, וועמעס וויר־קונג, ארויסגעהענדיג פון דער וועלט פון זאַכען־אין־זיך, פון דער וועלט וואָס מיר קענען בלויז באַגרייפען מיט'ן שכל, פאַרשפּרייט זיך אויף דער וועלט פון די ערשיינונגען און מאַכט איהר אונטערטעניג צו זיך? ווייל ער נעמט זיך פון דער וועלט פון פאַרנונפט, קען זיין באַשטימונג אויך זיין נאָר א פאַרנונפטיגע.

ער קען זיין בלויז ריין־פאָרמאַל, ווייל ער מוז זיין דורכ־אויס פריי פון יענער שיכות מיט דער חושים'דיגער וועלט, וואָס וואָלט איהם גלייך אריינגעצויגען אין די שיכות'ען פון אורזאַכען און עפעקט, און וואָלט איהם דורך דעם באַרויבט פון זיין פרייהייט.

„אָבער“ זאָגט קאַנט אין זיין קריטיק פון דער פּראַקטישער פאַרנונפט, „מיט'ן אויסנאַם פון דער מאַטעריע גופא פון געזעץ, איז אין איהם קיין אנדער זאַך ניטאָ אויסער די געזעצגעבערישע פאָרמע. פאָלגליך איז די געזעצגעבערישע פאָרמע, אויף ווי פיל זי איז אנט־

האַלטען איז דעם מאַקסים. דאָס איינציגע וואָס קען געבען אַ גרונד פאַר דעם פרייען ווילען."

דערפון פירט ער אַרויס דעם פאָלגענדען „גרונד־געזעץ פון דעם ריינעם פּראַקטישען פאַרנונפט."

„האַנדעל אַזוי, אַז דער מאַקסים פון דיינע טאַטען זאָל צו יעדער צייט קענען דינען אַלס פּרינציפּ פון אַלגעמיינער געזעצגעבונג".

דער פּרינציפּ איז גאָר ניט קיין נייער, דאָס איז בלויז אַן איבערזעצונג אין אַ פילאָסאָפישער שפּראַך פון דעם אַלטען שפּריך־וואָרט, „באַהאַנדעל אַנדערע אַזוי ווי דו ווילסט אַנדערע זאָלען דיך באַהאַנדלען", ניי איז דאָ בלויז די דערקלערונג, אַז אָט דער שפּריך־וואָרט איז אַן אַנטדעקונג פון דער וועלט פון פאַרנונפט, וועלכען עס האָט זיך איינגעגעבען פון איהר אַרויסרייסען בלויז דורך דער אַנ־ווענדונג פון אַ גוואַלדיגער פילאָסאָפישער טיפזיניגקייט, און אַז דאָס איז אַנווענדבאַר ניט נאָר אויף מענשען „נאָר אויך אויף אַלע ברואים וועלכע באַזיצען אַ שכל און אַ ווילען, זאָגאָר איינשליסענדיג דעם אומענדליכען וועזען. אַלס די העכסטע אינטעליגענץ."

אומגליקליכערווייזע, אבער האָבען די באַווייזען פאַר אָט דעם געזעץ, וואָס ווערט אַנגעווענדעט אפילו אויף דער העכסטער אינ־טעליגענץ, אַ גרויסען חסרון. ער דאַרף זיין „אומאָפּהענגיג פון אַלעם וואָס איז שייך צו דער חושים׳דיגער וועלט" דאָס איז אבער לייכטער צו זאָגען ווי דורכפירען. פּונקט ווי מען קען ניט דורך אַ לופט־פּאָמפּ באַקומען קיין אבסאָלוט לופטלאָזען רוים, ווייל ער וועט שטענדיג אַנטהאַלטען אין זיך עטוואָס לופט, אויב אפילו אין אַזאַ קליינער מאָס. אַז מיר זאָלען עס כמעט ניט קענען דערקענען, פּונקט אַזוי קענען מיר ניט באַגרייפען קיין געדאַנק וואָס איז אינגאַנצען אָפּגעריסען פון דער חושים׳דיגער וועלט. דער מאָראַלער געזעץ איז אין דעם ניט קיין אויסנאַם.

דער באַגריף גופא פון מאָראַלען געזעץ שליסט אין זיך איין באַ־דינגונגען, וועלכע זיינען פאַרבונדען מיט דער חושים׳דיגער וועלט. דאָס איז ניט קיין געזעץ פון דעם פּרייען ווילען אין זיך, נאָר דער געזעץ פון זיינע פאַרלאַנגען בנוגע מיינע נאָ־

ה ע נ ט ע. ער זעצט זיי פאראויס, פאר מיר אבער זיינען אט די ערשיינונגען א טייל פון דער זינליכער וועלט.

די פאָרמולירונג פון דעם מאָראַלען געזעץ געהט נאָך ווייטער. האַנדעל אזוי, אז דער פרינציפּ פון דיינע טאַטען זאָל קענען צו יעדער צייט דינען פאַר א פרינציפּ פון אלגעמיינער געזעצגעבונג." דאָס זעצט פאראויס ניט נאָר די עקזיסטענץ פון מענשען אויסער מיר, נאָר אויך דעם ווילען, אז יענע מענשען זאָלען האנדלען אויף א באַשטימטען אופן. ז י י מ ו ז ע ן האנדלען אזוי ווי דער מאָראַלער געזעץ ה י י ס ט מ י ר. דאָ ווערט אָנגענומען ניט נאָר די מעגליכקייט און וואונשבארקייט פון א געזעלשאפט בכלל, נאָר אויך א וואונשבארקייט פון א באַשטימטען געזעלשאַפטליכען צושטאַנד.

אַז אַזאַ נויטווענדיגקייט ליגט באמת באַהאַלטען אלס גרונד פאַר זיין פראַקטישען פארנונפט, און אז זי באַשטימט ווירקליך זיין רוימלאַזען און צייטלאָזען געזעץ, האָט זיך איין מאָל קאַנט אליין מודה געווען. פאָלעמיזירענדיג געגען די וואס ווילען באַגרינדען די מאָראַל אויף פארגעניגען, זאָגט ער אין זיין „קריטיק פון פּראַקטישען פאַרנונפט":

„עס איז צו באוואונדערען ווי אזוי האָבען דאָס קלוגע מענשען געקענט דענקען, אז דאָס שטרעבען צו גליק איז אַן אלגעמיינער פּראַקטישער געזעץ, אויפ'ן גרונד דערפון וואס אַט דאָס שטרעבען איז אלגעמיין, און פאָלגליך איז אויך אַלגעמיין דער מאַקסים דורך וועלכען יעדער איינער מאַכט זיין שטרעבען צו גליק פאר דעם באַשטימטען מאָטיוו פון זיין ווילען. אין דער צייט וואָס אין אַלע אנדערע פאַלען מאַכט אַן אוניווערסאַלער נאַטור־געזעץ אַלעס האַרמאָניש, וועט אָבער אין דעם פאַל, ווען מיר ווילען צושרייבען אן אלגעמיינהייט פון געזעץ צו אָט דעם מאַקסים, ארויסקומען פונקט דער היפוך פון האַרמאָניע, די שטאַרקסטע געגנערשאפט און פולע צושטערונג פון דעם מאַקסים גופא און זיינע צוועקען. ווייל דער ווילען פון אַלעמען האָט שוין דעמאָלט ניט איינעם און דעם זעלבען געגענשטאַנד, נאָר יעדער איינער האָט זיך זיין אייגענעם, (זיין אייגענעם וואָלזיין) וואס קען זיך אפשר אָפּט גאַנץ רוהיג צוזאַמענלעבען מיט די צוועקען פון

די אנדערע, וואס זיינען אבער ניט גענוג פאר א געזעץ, ווייל די אפטע אויסנאמען, וועלכע איינער קען מאכען, זיינען ענדלאז און מען קען זיי ניט ארומנעמען מיט איין אלגעמיינער באשטימונג. אויף דעם אופן קומט ארויס פונקט אזא הארמאניע, וועלכע עס מאלט א באקאנטע פאראדיע אויף דער גייסטיגער איינשטימיגקייט פון א פאר פאלק, וואס זיינען אנטשלאסען צו מאכען אן ענדע צו זיך: „א. וואונדערבארע הארמאניע, וואס ער וויל, וויל זי אויך.“

אלזא, הייסט עס, אז פארגעניגען קען ניט ווערען דער מאקסים וואס זאל קענען דינען אלס פרינציפּ פון אלגעמיינער געזעצגעבונג, ווייל דאס וואלט געבראכט צו א סאציאלער דיסהארמאניע. דער מאראלער געזעץ קען הייסט דאס באשאפען א הארמאנישע געזעלשאפט. אזא געזעלשאפט מוז, פארשטעהט זיך, מעגליך זיין, אויב ניט וואלט דאך זיין אן אונזין צו וועלען איהר באשאפען.

דער קאנטישער מאראלישער געזעץ נעמט פאלגליך אן אין פאראויס די וואונשבארקייט און מעגליכקייט פון א הארמאנישער געזעלשאפט. אויסער דעם נעמט ער אויך אן, אז דער מאראל־געזעץ איז טאקי אליין דער מיטעל, דורך וועמעס הילף אזא געזעלשאפט קען באשאפען ווערען, און דאס קען **דערגרייכט ווערען** דורך דעם וואס יעדער יחיד וועט אננעמען באשטימטע געזעצען פון אויפפירונג. דערפון קען מען זעהן אויף וויפיל קאנט איז ניט גערעכט, ווען ער נעמט אן, אז דער מאראלער געזעץ איז אומאפהענגיג פון וועלכע עס איז באדינגונגען פון דער זינליכער וועלט, און איז דערפאר א פרינציפּ וואס איז אנווענדבאר אויף אלע צייטלאזע און רוימלאזע גייסטער, איינשליסענדיג אפילו גאט אליין.

אין דער ווירקליכקייט איז קאנט'ס מאראלער געזעץ דער רעזולטאט פון גאנץ באשטימטע געזעלשאפטליכע באדערפענישען. היות ווי ער איז אנטשטאנען א דאנק דאס שטרעבען צו א הארמאנישער געזעלשאפט, קען מען פון איהם דעדוצירען דעם אידעאל פון א הארמאנישער געזעלשאפט. דאס האט געגעבען פאר מאנכע א געלעגענהייט צו דערקלערען קאנט'ען פאר'ן באגרינדער פון סאציאליזם.

# קאַרל קאַוטסקי

אין זיין נייעסטען בוך „די עטיק פון דעם ריינעם ווילען" חזר'ט דאָס הערמאַן קאָהען נאָך אַמאָל איבער. באמת אָבער איז קאַנט פּונקט אַזוי ווייט פון סאָציאַליזם, ווי עס זיינען געווען די פראַנצויזישע מאַטעריאַליסטען פון 18טען יאָרהונדערט, און אפשר נאָך ווייטער. לויט די פראַנצויזישע מאַטעריאַליסטען איז די מאָראַל באַשטימט געוואָרען דורך דעם צושטאַנד פון שטאַט און געזעלשאַפט, דער קאַמף אַלזאָ פאַר א העכערער מאָראַל האָט געמוזט אויך זיין א קאַמף געגען דער הערשענדער מאַכט. לויט נאָך קאַנט'ען אָבער באַהערשט די געזעלשאַפט, וואָס געפינט זיך אין צייט און רוים, א מאָראַלען געזעץ וואָס געפינט זיך אויסער צייט און רוים, און וועלכער דיקטירט זיינע פאַרלאַנגען ניט צו דער געזעלשאַפט, נאָר צו די יחידים. אויב די מאָראַל פון יחיד איז ניט גוט גענוג, דאַרף מען אין דעם באַשולדיגען ניט דעם שטאַט אדער די געזעלשאַפט, נאָר דעם אומשטאַנד וואָס דער מענש איז ניט קיין מלאך, נאָר א האַלב־חיה, און וואָס זיין טירישע נאַטור שטרעבט איהם שטענדיג צו דעגראַדירען. קעמפען געגען דעם קען ער בלויז דורך אַז אינערליכער זעלבסט דער־הויבונג און זעלבסט־ריינינגונג. די פּערזענליכקייט מוז זיך אליין פאַר־פאָלקאָמענען כדי די געזעלשאַפט זאָל זיך קענען פאַרבעסערען. עס איז קלאָר, אַז אַננעמענדיג קאַנט'ען פאַר'ן באַגרינדער פון סאָציאַליזם, צווינגען מיר דעם סאָציאַליזם אַנצונעמען גאַנץ זאָנדערבאַרע פאַר־מען. ווען מיר באַטראַכטען די ווייטערע אַנטוויקלונג וואָס דער מאָ־ראַלער געזעץ האָט ביי איהם דורכגעמאַכט, ווערען די זאָנדערבאַרקייטען בשום אופן ניט פאַרקלענערט. דער מאָראַלער געזעץ רופט אַרויס די געבורט פון „ער פּערזענליכקייט און חשיבות פון דעם מענשען, דערפון פאָלגט אויך די פאָראָרדענונג:

„האַנדעל אַזוי, אַז די מענשהייט, אין דיין אייגענער פּערזאָן, אַזוי גוט ווי אין דער פּערזאָן פון יעדען אַנדערען, זאָל פאַר דיר שטענדיג דינען אַלס א ציל און ניט נאָר אַלס א מיטעל."

„אָט די ווערטער" — זאָגט קאָהען — „דריקען אויס דעם טיפס־טען זין פון דעם קאַטעגאָרישען אימפּעראַטיוו: זיי אַנטהאַלטען די מאָראַלע פּראָגראַם פון דער נייער צייט און פון דער גאַנצער צו־

קונפּטיגער וועלט־געשיכטע... די אידעע וועגן דער מענשהייט אלס ציל, ווערט אויף דעם אופן פאַרוואַנדעלט אין דער אידעע פון סאָציאַליזם, אין וועלכער יעדער מענש ווערט באַשטימט אַלס אַן ענד־ציל, אַלס אַ ציל פאַר זיך אַליין."

אין דעם פאַל איז די פּראָגראַם פון דער „גאַנצער צוקונפטיגער וועלט־געשיכטע" זעהר ענג פאַרשטאַנען געוואָרען. דער צייטלאַזער מאָראַלער געזעץ וועגען דעם, אַז דער מענש דאַרף שטענדיג דינען ניט נאָר אַלס מיטעל, נאָר אויך אַלס צוועק, האָט אַ זין בלויז אין אַזאַ געזעלשאַפט וואו דער מענש קען זיין פּשוט בלויז אַ מיטעל פאַר אַ צווייטענס באַדערפעניישען. אין אַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, וואו אַט די מעגליכקייט פאַרשווינדט, ווערט איבעריג קאַנט'ס פּראָגראַם „פאַר דער גאַנצער צוקונפטיגער וועלט־געשיכטע". וואָס זשע מיינט דאָס? פּשוט, אַדער מיר דאַרפען ניט דערוואַרטען די פאַרווירקלי־כונג פון סאָציאַליזם, אַדער עס וועט קיין וועלט געשיכטע ניט זיין.

קאַנט'ס מאָראַלער געזעץ איז געווען אַ פּראָטעסט געגען דער גאַנץ קאָנקרעטער פעאָדאַלער געזעלשאַפט, מיט איהר פאַרשקלאַפונג פון דער פּערזענליכקייט און חשיבות פון מענשען, און קען מיט'ן זעל־בען ערפאָלג פאַרעכענט ווערען אַלס פּרינציפּ פון ליבעראַליזם אַדער אַנאַרכיזם. דער געדאַנק וועלכער איז אין דעם פּרינציפּ אַנטהאַלטען, איז פּונקט אַזוי ניט ניי ווי דער אויבען געבראַכטער געדאַנק בנוגע דער אַלגעמיינער געזעצגעבונג. דאָס איז בלויז די פילאָסאָפישע פאָרמולי־רונג פון דער אידעע פון „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט" וועלכע רוסאָ האָט פיל פריהער אַנטוויקעלט, און וועלכע מיר קענען שוין אפילו געפינען אין דעם אַלטען קריסטענטום. אויך דאָ האָט קאַנט בלויז דעם פאַרדינסט, וואָס ער האָט געגעבען אַ באַזונדערע פאָרמע פאַר אַן אַלטען פּרינציפּ.

די חשיבות פון דעם מענשען נעמט זיך פון דעם פאַקט, וואָס דער מענש איז אַ טייל פון דער איבער־זינליכער וועלט, און וועלכער שטעהט אַלס מאָראַלער וועזען, אויסער און איבער דער נאַטור. די מענשליכע אינדיווידואַליטעט מיינט — „פרייהייט און אומאָפּהענגיגקייט פון דעם מעכאַניזם פון דער גאַנצער נאַטור" אַזוי, אַז „די פּערזענליכ־

קייט, וועלכע געהערט צו דער זינליכער וועלט, איז אונטערוואַרפען אונטער דער אייגענער אינדיווידואַליטעט אויף וויפיל זי געהערט גלייכצייטיג אויך צו דער איבערזינליכער וועלט." מען דאַרף זיך דער־פאַר ניט וואונדערען אויף דעם וואָס „דער מענש, וועלכער געהערט צוביידע וועלטען דאַרף זיך באַציהען מיט דער גרעסטער אכטונג צו זיין צווייטער העכערער באַשטימונג, און צו די געזעצען וואָס פאָלגען דערפון."

הייסט עס, אז מיר זיינען מיט מזל צוריק אַנגעקומען צו דער אַלטער קריסטליכער באַגרינדונג פון דער גלייכהייט פון אַלע מענ־שען דורך דעם וואָס מיר זיינען אַלע קינדער פון דעם זעלבען אַל־מעכטיגען גאָט.

### 3. פרייהייט און נויטווענדיגקייט.

אין דער צייט וואָס מיר אנטזאגען זיך אַנצונעמען די צוויי וועל־טען אין וועלכע עס לעבט דער מענש, לויט נאָך קאַנט און פּלאַטאָ, האַלטען מיר אבער דאָך פאַר אמת דעם געדאַנק, אז דער מענש לעבט אין צוויי גאַנץ באַזונדערע וועלטען, און אז דער מאָראַלער געזעץ באַוואוהנט בלויז איינע פון זיי, וועלכע איז ניט די וועלט פון אונזערע ערפאַרונגען. אבער ניט קוקענדיג דאַרויף איז אויך אַט די צווייטע וועלט ניט קיין איבערנאַטירליכע.

ד י פ אַ ר ג אַ נ ג ע נ ה י י ט א ו ן ד י צ ו ק ו נ פ ט. דאָס זיינען די צוויי וועלטען אין וועלכע דער מענש לעבט. די געגענ־וואַרט איז דער גרענעץ צווישען זיי. די גאַנצע ערפאַרונג פון דעם מענשען ליגט אין זיין פאַרגאַנגענהייט. ערפאַרונג — איז פאַרגאַנ־גענהייט. די אַלע באַציהונגען וואָס די פאַרגאַנגענע ערפאַרונג האָט אויסגעאַרבייט ליגען אונפאַרמיידליך פאַר איהם, אדער בעסער גע־זאָגט הינטער איהם. ער איז ניט בכח זיי אומענדערען אפילו אויף א האָר, ער קען בלויז אנערקענען זייער נויטווענדיגקייט. די עמפּירי־שע וועלט, די וועלט פון דערקענטעניש, איז פאָלגליך די וועלט פון נויטווענדיגקייט.

אנדערש איז דאָס מיט דער צוקונפט. די ערפאַרונג קען אונז גאָר ניט דערצעהלען וועגען דער צוקונפט. זי ליגט פאַר אונז א פרייע, און עפענט פאַר אונז אויף א וועלט, אין וועלכער מיר טרעטען אריין ניט אַלס דערקענענדע, נאָר אַלס האַנדלענדע מענשען. עס איז אמת, אז איך קען די ערפאַרונג פון דער פאַרגאַנגענהייט אַנ־ווענדען אויף דער צוקונפט: איך קען קומען צום שלוס, אז די צו־קונפט איז פּונקט אזוי באשטימט דורך דער נויטווענדיגקייט, ווי די פאַרגאַנגענהייט, אבער, פּונקט ווי כדי צו דערקענען די וועלט מוז איך פון פריהער אַננעמען איהר נויטווענדיגקייט, אזוי מוז איך, כדי צו האַנדלען אין איהר, אַננעמען א געוויסע מאָס פון פרייהייט. אויב אפילו אויף מיינע האַנדלונגען וועט ארויפגעצוואונגען ווערען א גע־וויסער דרוק, וועט דאָך פאַר מיר אלץ בלייבען די ברירה, צי איך זאָל זיך דעם דאָזיגען דרוק אונטערוואַרפען אָדער ניט. אין מיינע הענט בלייבט מיר שטענדיג דער לעצטער מיטעל. איך קען אויס־מיידען דעם צוואַנג דורך א פרייוויליגען טויט. האַנדלען, מיינט שטענדיג אויסקלייבען צווישען פאַרשיעדענע מעגליכקייטען, אפילו דעמאָלט, ווען פאַר מיר זיינען דאָ בלויז צוויי מעגליכקייטען: האַנד־לען אָדער ניט. האַנדלען, מיינט אַננעמען און זיך אנטזאָגען, פאַר־טיידיגען און אַנפאַלען. דער אויסוואַל אבער, נעמט פון פריהער אן די מעגליכקייט פון אויסוואַל, פּונקט אזוי ווי דער אונטערשיד צווי־שען וואָס איך נעם אָן און פון וואָס איך אנטזאָג זיך צווישען דאָס גוטע און שלעכטע. דער מאָראַלער אורטייל איז אן אומזין אין דער וועלט פון דער פאַרגאַנגענהייט, אין דער וועלט פון ערפאַרונג, וואו קיין אויסוואַל איז ניטאָ, וואו עס הערשט בלויז די אייזערנע נויט־ווענדיגקייט. אין דער וועלט אבער פון דער צוקונפט, אין דער דאָזי־גער קעניגרייך פון פרייהייט איז ער אומפאַרמיידליך.

נאָך מעהר, האַנדלונג זעצט פאַראויס ניט נאָר דעם געפיל פון פרייהייט, נאָר אויך א באשטימטען ציל, פּונקט ווי אין דער וועלט פון דער פאַרגאַנגענהייט הערשט די סעקוועניז פון אורזאַך און רעזול־טאַט (קאַוזאַליטעט) אזוי הערשט אין דער וועלט פון האַנדלונגען, פון דער צוקונפט, די אידעע פון אַ ציל (טעלעאָלאָגיע).

# קאַרל קאוטסקי

דער געפיהל פון פרייהייט איז אן אומפארמיידליכע פסיכאלאגי־שע נויטווענדיגקייט פאר יעדער האנדלונג, און קען ניט אפגעשאפט ווערען דורך קיין שום דערקענטעניש, דער שטרענגסטער פאטאליזם. אזוי גוט ווי די טיפסטע איבערצייגונג, אז דער מענש איז אליין א נויטווענדיגער פּראָדוקט פון דער סביבה, קען אונז ניט צווינגען צו אויפהערען ליבען און האסען, זיך פארטיידיגען און אטאקירען.

דער מענש אבער האָט ניט אויף דעם קיין אויסשליסליכען מאָ־נאָפּאָל. דאָס איז פּונקט אזוי אמת פאר די אנדערע לעבעדיגע ווע־זענס, זיי באזיצען אויך, פונקט ווי דער מענש, די פרייהייט פון ווע־לען, אָט דעם סוביעקטיווען, אומפארמיידליכען געפיל פון פרייהייט, וועלכער שטראָמט ארויס פון אונזער אומוויסענהייט בנוגע דער צו־קונפט. אין דער נויטיגקייט צו ווירקען אויף איהר, פונקט ווי דער מענש, האבען אויך די אנדערע לעבעדיגע באשעפענישען, א געוויסע פאָרשטעלונג וועגען דער פארבינדונג וואס הערשט צווישען אורזאַך און רעזולטאַט, און שליסליך, אויך די אידעע פון א באשטימטען ציל. אין דער הינזיכט פון פארשטעהן די פארגאנגענהייט און איהר נויט־ווענדיגקייט פון איין זייט און פון פאראויסזעהן די צוקונפט און באַ־שטימען געוויסע צילען פאר זיין טעטיגקייט, אונטערשיידט זיך דער ווילדער מענש, פיל ווייניגער פון די חיות ווי פון די קולטורעלע מענ־שען.

די באשטימונגען פון געוויסע צילען פאר מיינע האנדלונגען, שטעהען אבער ניט, אז און פאר זיך, אויסער די גרענעצען פון נויט־ווענדיגקייט, פון אורזאַך און רעזולטאַט. די צילען וועלכע איך שטעל מיר, געהערען דער צוקונפט, דער קעניגרייך וואו עס הערשט, דאכט זיך, פרייהייט. אבער די באשטימונג פון די צילען געהערען צו דער פארגאנגענהייט פון דער מינוט אַז ווען זיי זיינען באשטימט געוואָ־רען, פונקט ווי יעדער אנדער געדאנק וועלכען איך האָב שוין פון פרי־הער. דאָס קען דערפאר דערקענט ווערען אלס רעזולטאַט פון באַ־שטימטע אורזאכען. דער פאקט, אז די דערגרייכונג פון די צילען ליגט נאָך אין דער צוקונפט אין דער ספערע פון אומזיכערהייט, ד. ה. אין א געוויסען זין אין דער ספערע פון פרייהייט, בייט די זאך אפילו

אויף א האר ניט אום. ווי ווייט מיר זאָלען ניט זיין פון דער דערגרייכונג פון אונזערע צילען, זייער באשטימונג אבער ליגט אַלץ אין דער פארגאנגענהייט. אין דער קעניגרייך פון פרייהייט געפינען זיך בלויז די צילען, וועלכע מיר האָבען זיך נאָך ניט געשטעלט און וועגען וועלכע מיר ווייסען נאָך דערווייל גאָר ניט.

די וועלט פון באשטימטע צילען קען אלזאָ ניט אוועקגעשטעלט ווערען אלס וועלט פון פרייהייט אין געגענזאץ צו דער וועלט פון נויטווענדיגקייט. פאר יעדען ציל וואס מיר שטעלען זיך, אזוי גוט ווי פאר די מיטלען וואָס מיר באנוצען פאר די דערגרייכונג פון א ציל, זיינען די אורזאכען שוין פון פריהער געגעבען געווארען, און זיי קענען אונטער באשטימטע אומשטענדען דערקענט ווערען.

פונדעסטוועגען קען מען ניט אונטערשידען די קעניגרייכען פון פרייהייט און נויטווענדיגקייט בלויז אלס פארגאנגענהייט און צוקונפט. דער אונטערשיד פאלט אָפט צוזאמען מיט'ן אונטערשיד צווישען דער נאַטור און דער געזעלשאפט, אָדער צו זיין פּינקטליכער, צווישען דער געזעלשאפט און יענער צווייטער נאַטור, פון וועלכער די געזעלשאפט איז אַ טייל.

ווען מיר באטראכטען די נאַטור אין דעם ענגען זין, אפּגעזונדערט פון דער געזעלשאפט און נאָכהער בײדען אין זייער שייכות צו דער צוקונפט, דערזעהען מיר גלייך א וויכטיגען אונטערשיד די נאַטור־באדינגונגען ענדערען זיך פיל לאנגזאמער ווי די סאָציאלע. אין דער נאַטור עקזיסטירט א גאנצע רייהע איינפאכע ערשיינונגען, וועמעס געזעצמעסיגקייט מען קען פארהעלטניסמעסיג לייכט דערקענען. די געזעלשאפטליכע ערשיינונגען אבער זיינען מערסטענס גוואלדיג פארפלאָנטערט, איבערהויפּט ווען מענשען הויבען אָן פילאָסאָפירען, אין דער צייט פון דער פּראָדוקציע פון סחורה.

מיר זיינען דערפאר געצוואונגען אָננעמען, אז אונזערע האנדלונגען בנוגע דער צוקונפט, וועלכע שיינען צו זיין פריי, זיינען נויטווענדיג אויף וויפיל עס אנבאלאנגט דער נאַטור. ווי אומקלאָר די צוקונפט זאל מיר ניט אויסקוקען, בין איך אבער דאָך זיכער, אז נאָכ'ן ווינטער וועט קומען דער זומער, אז מאָרגען וועט די זון אויפגעהן,

# קאַרל קאוטסקי

אז מאָרגען וועל איך וועלען עסען, אַז ווינטער וועל איך פּילען אַ באַ־דערפעניש אין וואַרימקייט א. אַז. וו. מיינע האַנדלונגען וועלען קיינמאָל ניט זיין געריכטעט אויף פאַרמיידען דאָס אונפאַרמיידליכע, נאָר פאַרקערט, אויף צופרידענשטעלען זיי. איך מוז אַלזאָ, טראָץ דער איינענשיינליכער פרייהייט, אַנערקענען, אַז מיינע האַנדלונגען זיינען, בנוגע דער נאַטור, נויטווענדיגע און פאַראויס באַשטימטע. דער געבוי פון דער אויסערליכער נאַטור און פון מיין קערפער שאַפט אַ גאַנצע רייהע פון באַדערפענישען, וועלכע צווינגען אויף מיר אַרויף אַ געוויסען ווילען צו געוויסע האַנדלונגען, וועלכע קענען פאַראויס באַשטימט ווערען, ווייל זיי אַנטשטעהען אין איינקלאַנג מיט מיין ערפאַרונג.

אַנדערש איז אָבער די זאַך בנוגע מיינע נאָהענטע, בנוגע מיינע סאָציאַלע טאַטען. דאָ איז שוין ניט אַזוי לייכט צו זעהן די אַלע אויסערליכע און אינערליכע אורזאַכען, וועלכע באַשטימען (דעטער־מינירען) מיינע טאַטען. דאָ קום איך אין צוזאַמענשטויס ניט מיט די מעכטיגע כחות פון דער נאַטור, צו וועלכער איך מוז זיך אונטערגע־בען, נאָר מיט מענשען, אַזוינע ווי איך אַליין בין, וועלכע באַזיצען ניט על פּי זייער נאַטור, קיין גרעסערע כחות ווי איך. געגען זיי פיהל איך זיך פריי, אָבער אויך זיי, און זייערע באַציהונגען צו זייערע נאָהענטע, דאַכט זיך מיר, זיינען פריי. צו זיי פיהל איך ליעבע אָדער האַס, וועגען זיי, און וועגען מיינע באַציהונגען צו זיי, זאָג איך אַרויס מאָראַלע אורטיילען.

די וועלט פון פרייהייט און פון מאָראַלען געזעץ, איז וואַרשיינ־ליך אינגאַנצען אַנדערש ווי די וועלט פון דער אַנערקענטער נויט־ווענדיגקייט, אָבער דאָס איז ניט קיין צייטלאָזע און רוימלאָזע וועלט, נאָר בלויז אַ באַזונדער טיילכעלע פון דער חושים׳דיגער וועלט, באַ־טראַכט פון אַ באַזונדערען שטאַנדפּונקט. דאָס איז די וועלט באַטראַכט ווי זי באַרירט אונז, אויף וועלכער מיר דאַרפען ווירקען, און וועלכע מיר דאַרפען אומענדערען; דאָס איז פריהער פון אַלעם די וועלט פון סאָציאַלע באַציהונגען.

אָבער דאָס וואָס איז היינט צוקונפט, איז שוין מאָרגען פאַר־

גאנגענהייט, אזוי אז דאס וואס עס רעכענט זיך היינט פאר פריי, ווערט מארגען דערקענט אלס א נויטווענדיג באשטימטע זאך. דערמיט אבער אליין, הערט אויף דער מאראלער געזעץ וועלכער רעגולירט אונ־זערע טאטען, צו זיין אן אורזאכלאזע אורזאכע. ער איז אין דער וועלט פון ערפארונג און קען דערקענט ווערען אלס א נויטווענדיגער רעזולטאט פון א וועלכער עס איז אורזאכע, און בלויז אלס אזעל־כער, קען ער דערקענט ווערען בכלל און ווערען א געגענשטאנד פאר דער וויסענשאפט.

אריבערטראגענדיג דעם מאראלען געזעץ פון דער זינליכער אין דער איבערזינליכער וועלט, האט קאנט ניט נאר ניט געהאלפען איהם וויסענשאפטליך דערקענען, נאר ער האט אלע וועגען דערצו פארשטעלט. אויב מיר וועלען אנגעהן ווייטער מיט דער לייזונג פון דער רעטעניש, פון דעם מאראלישען געזעץ, מוזען מיר פריהער פון אלעס באזייטיגען אט די שטערונגען, מיר מוזען, אזוי צו זאגען, ארי־בערטרעטען איבער קאנט'ען.

## 4. די פילאסאפיע פון שלום.

די שוואכסטע זייט פון קאנט'ס פילאסאפיע איז זיין עטיק, אבער ניט קוקענדיג אויף דעם, האט זיין עטיק געהאט א געוואלדיגען היס־טארישען ערפאלג; דאס איז דערפאר ווייל זי איז געוועזן צוגעפאסט צו די וויכטיגסטע פאדערונגען פון איהר צייט.

דער פראנצויזישער מאטעריאליזם איז געוועזן די פילאסאפיע פון קאמף געגען אלע טראדיציאנעלע מעטאדען פון דענקען און א דאנק דעם אויך, געגען אלע אינסטיטוציעס וואס האבען זיך הינטער זיי באהאלטען. א דאנק זיין ביטערען האס צום קריסטענטום, איז דער פראנצויזישער מאטעריאליזם, געווארען דער לאזונג פון קאמף ניט נאר געגען דער קירכע, נאר אויך געגען אלע סאציאלע און פאליטישע כחות וואס זיינען מיט איהר געוועזן צונויפגעבונדען.

קאנט'ס קריטיק פון דער ריינער פארנונפט, האט אויך ארויס־געטריבען דעם קריסטענטום פון זיין טעמפעל. אבער זיין קריטיק פון

פראַקטישען פאַרנונפט, וועלכע האַט אנטדעקט דעם מאָראַלען גע־
זעץ, האָט פון דאָס ניי ברייט און מיט יראת הכבוד אויפגעעפענט
פאַר איהם די טירען. אויף דעם אופן ווערט די פילאָסאָפיע פאַר־
וואנדעלט, א דאנק קאַנט'ען פון א קאַמפּס־מיטעל געגען די טראַדיציאָ־
נעלע פאָרמען פון דענקען און פון דער געזעלשאַפט, אין א מיטעל
צו אויסגלייכען די ווידערשפּרוכען.

די מיטלען פון דער אנטוויקלונג איז קאַמף. די אויסגלייכונג
פון ווידערשפּרוכען באַצייכענט מיט זיך אַז אָפּשטעל אין דעם אַנט־
וויקלונגס־פּראָצעס. דערפאַר איז קאַנט'ס פילאָסאָפיע געוואָרען א
קאָנסערוואַטיווער פאַקטאָר.

בעסער פון אַלעמען און פריהער פון אַלעמען האָט זיך מיט די
שלוסען פון קאַנט'ס פילאָסאָפיע באַנוצט די ט ע אָ ל אָ ג י ע.
באַווייזענדיג די מעגליכקייט צו מאַכען שלום צווישען דער וויסענ־
שאַפט און דער רעליגיע, האָט די דאָזיגע פילאָסאָפיע באַפרייט די
טעאָלאָגיע פון די שוועריגקייטען וועלכע די וויסענשאַפט האָט פאַר
איהר באַשאַפען.

„קיין איין וויסענשאַפט" זאָגט צעלער „האָט ניט אזוי שטאַרק
געפיהלט דעם איינפלוס פון קאַנט'ס פילאָסאָפיע ווי די טעאָלאָגיע.
דאָ האָבען קאַנט'ס פּרינציפּען געפונען דעם אַמבעסטענס צוגעגרייטען
האָפען פאַר זיך. דערביי האָבען זיי אויך פאַרטיפט און פאַרבעסערט
זייער גערדאַנקען־גאַנג, אין וואָס עס האָט זיך דאָן געפיהלט א שטאַרקע
באַדערפעניש." (געשיכטע דער דייטשען פילאָזאָפי 1873 ז. 519).

פונקט נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט זיך געפיהלט
די באַדערפעניש אין אזאַ טעאָלאָגיע וועלכע זאָל זיך קענען פאַרמעס־
טען אין כחות מיט'ן מאַטעריאַליזם, און פאַרטרייבען איהם פון די
מוחות פון דער אינטעליגענץ.

צעלער זאָגט ווייטער דאָס פאָלגענדע:

„קאַנט'ס בליק אויף דער רעליגיע איז געווען צוגעפאַסט צו די
מאָראַלע אזוי גוט ווי צו די אינטעלעקטועלע פאָדערונגען פון דער
צייט. ביי די פּראָגרעסיווע עלעמענטען האָט זיין פילאָסאָפיע געפונען
אַן אָפּקלאַנג א דאַנק איהר שכל'דיגקייט (פאַרנונפטיגקייט) און איהר

פולער אומאפהענגיגקייט פון דאס פאזיטיווע און א דאנק איהר ריינ־
פראקטישער טענדענץ, ביי די רעליגיעזע — מיט איהר מאראלישער
שטרענגקייט, און איהר אכטענדען בליק אויף דעם קריסטענטום און זיי־
נע שעפער. די דייטשישע טעאלאגיע האט זיך ווירקליך אוועקגעשטעלט
אויפ'ן באדען פון דער קאנט'ישער פילאסאפיע. „זיין מאראלע טעא־
לאגיע, איז אין פארלויף פון עטליכע יאר געווארען דער באזיס, אויף
וועלכען די פראטעסטאנטישע טעאלאגיע האט זיך אויסשליסליך גע־
שטיצט, און אפילו אויך א גרויסער טייל פון דער קאטוילישער... די
קאנט'ישע פילאסאפיע האט געהאט א פעסטען און ברייטען איינ־
פלוס אויף דער דייטשישער ערציהונג א דאנק דעם וואס די גרעסטע
טייל טעאלאגען האבען אין פארלויף פון א האלבען יאר הונדערט
זיך אויף איהר געשטיצט.“

ווארלענדער ציטירט אין זיין געשיכטע פון פילאסאפיע, די ווער־
טער פון דעם טעאלאג ריטשעל, וועלכער ערקלערט אז:... דערפאר,
האט די ווייטערדיגע אנטוויקלונג פון קאנט'ס מעטאדע פון דערקענ־
טניש און עטיק אויך א באדייטונג פאר דער פראקטי־
שער ווידערשטעלונג פון פראטעסטאנ־
טיזם. (ב. 2 ז. 476).

די גרויסע רעוואלוציע האט באשאפען פאר קאנט'ס ווירקונג
א גינסטיגע לאגע. איבערהויפט איז אט די ווירקונג שטארק געווען
אין די צוויי דורות נאכ'ן טעראר. נאכהער הויבט אט דער איינפלוס
אן ביסלאכווייז פאלען. אנהויבענדיג פון די דרייסיגער יארען פון
19טען יארהונדערט, ווערט די בורזשואזיע אין דייטשלאנד אזוי
שטארק, אז זי קען שוין אויך ארויס אין קאמף מיט די הערשענדע
פארמען פון גנדאזק און שטאט. אויך ביי איהר איז שוין דא מוט
גענוג צו דערקלערען, אז די זינליכע וועלט איז די איינציגע ווירק־
ליכע, אזוי אנטשטעהען דורך דער העגעלשער דיאלעקטיק, נייע פאר־
מען פון מאטעריאליזם, וועלכער דריקט זיך אויס אין דייטשלאנד
שארפער ווי אומעטום, דערפאר, ווייל די דייטשישע בורזשואזיע איז
געבליבען הינטערשטעליג אין פארגלייך מיט דער פראנצויזישער און
ענגלישער; זי האט נאך ניט אויסגעקעמפט פאר זיך די שטאטליכע

מאַכט, זי האָט נאָך אָט דעם קאַמף ערשט געדאַרפט אויסקעמפען, און האָט זיך דערפאַר געגויטיגט אין א קאַמפס פילאָסאָפיע, און ניט אין קיין פילאָסאָפיע פון שלום.

פאַר די לעצטע עטליכע צענדליג יאָר האָט זיך דער בורזשואזיעס באַדערפעניש אין קאַמף אָפּגעשוואַכט. הגם זי האָט ניט דערגרייכט אַלץ צו וואָס זי האָט געשטרעבט, האָט זיך איהר אבער איינגענגעבען צו דערגרייכען גענוג גינסטיגע אומשטענדען, כדי זי זאָל זיך קענען פאַנאַנדערבליהען. דער ווייטערדיגער שטאַרקער קאַמף און בכלל אַלע אָנפאַלען אויף דער עקזיסטירענדער אָרדענונג קען זיין ווענינגער נוצליך פאַר איהר, ווי פאַר איהר גרויסען שונא — דעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער וואַקסט זיך אַלץ מעהר און געפעהרליכער פאַנאַנדער און נויטיגט זיך אין אַן אייגענער קאַמפּס־פילאָסאָפיע. דער מאַטעריאַליזם איז אַלץ מעהר צוגעפּאַסט צום פּראָלעטאַריאַט, וואָס מעהר די אַנטוויקלונג פון דער זינליכער וועלט צייגט דעם גאַנצען אבסורד פון דער הערשענדער אָרדענונג, און זאָגט פאָראויס דעם זיעג פון פּראָלעטאַריאַט.

די פילאָסאָפיע פון שלום געפינט זיך איצט אַלץ מעהר און מעהר אָנהענגער אין די רייהען פון דער בורזשואזיע, וועלכע לעבט, אויף דעם אופן, אויף דעם קאַנטעאיזם. דער איינפלוס פון שאָפּענהויער'ן וועלכער הויבט זיך אָן אין דער צייט פון דער רעאַקציע נאָכ'ן 1848טען יאָר, מאַכט פריי דעם וועג פאַר דער דאָזיגער ווידעראויפלעבונג.

אין דער לעצטער צייט האָט קאַנט'ס עטיק אויך אָנגעהויבען אַריינדרינגען אין דער עקאָנאָמיע און סאָציאַליזם. די בורזשואזע עקאָנאָמיע איז געצוואונגען צו זוכען פאַר זיך שוץ אין דער קאַנט'ישער עטיק, דערפאַר ווייל די קלאַסישע עקאָנאָמיע, אַנטדעקענדיג די געזעצען פון דער בורזשואזער געזעלשאַפט, האָט אַלץ קלערער און קלערער באַוויזען די אונפאַרמיידליכקייט פון קלאַסען־קאַמף און דעם אונטערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם. דער קאַנטישער מאָראַלער געזעץ, שטעהענדיג אויסער צייט און פּלאַץ האָט געדאַרפט אויסגלייכען די קלאַסען היפּוכים און שטערען די רעוואָלוציעס, וועלכע קומען פאָר אין צייט און רוים.

## די עטיק

גלייכצייטיג מיט דער עטישער ריכטונג אין דער עקאנאמיע איז אויך געקומען דער עטישער סאציאליזם, א שטרעבונג וואס איז אנטשטאנען אין אונזערע אייגענע רייהען. צו פארשטיקען די קלאַסען היפּוכים, און צו טרעפען זיך אמוועניגסטענס מיט א טייל פון דער בורזשואזיע „אויפ'ן האלבען וועג". אט די פּאָליטיק פון שלום האט אויך אנגעהויבען מיט'ן אויסגעשריי „צוריק צו קאנט'ען" און מיט אנטזאגען זיך פון מאַטעריאליזם, וועלכער לייקענט כלומרשט אָפּ די פרייהייט פון ווילען.

**די היסטארישע סאציאלע טענדענץ** פון קאנט'ס מאַראַלען געזעץ איז געווען שטענדיג, ניט קוקענדיג אויף דעם קאטעגאַרישען אימפּעראטיוו, א טענדענץ צו פארגלעטען און שלום צו מאכען צווישען די היפּוכים און ניט צו באזיגען זיי דורך קאמף.

## פערטער קאַפּיטעל.

# די עטיק פון דאַרוויניזם.

### 1. דער קאמף פאר עקזיסטענץ.

קאַנט האָט פונקט ווי פּלאַטאָ, צוטיילט דעם מענשליכען מין אויף צוויי טיילען; אויף א טהירישען אדער נאַטירליכען, און א מלאכים ענליכען אדער איבערנאַטירליכען. אבער די באדערפעניש צו פארשטעהן די וועלט און אונזערע גייסטיגע פונקציעס, אלס אן איינהייט און ווירקליכקייט איז געווען אזוי שטאַרק, דער פארלאַנג צו באפרייען זיך פון אלע אויסערנאַטירליכע פאַקטאָרען, אדער קיר־צער גערעדט, דער מאַטעריאליסטישער אַרט דענקען, האָט זיך גע־ווארצעלט אזוי טיף אין די באַדינגונגען פון יענער צייט, אז קאַנט האָט איהם אויף קיין לאנגער צייט ניט געקענט אָפּשוואכען. די וואונ־דערבאַרע פאַנאַנדערבליהונג פון די נאַטור־וויסענשאפטען, גלייך נאך קאַנט'ס טויט, האָט געגעבען דעם ערשטען שטויס פאר א גאנצער רייהע אנטדעקונגען, וואָס האָבען אלץ מעהר און מעהר פארפילט דעם אפּגרונד, וועלכער טיילט אָפּ דעם מענשען פון דער נאַטור. צווי־שען אנדערע זאכען האָבען אָט די נייע אַנטדעקונגען אויך באַוויזען, אַז די מלאכים־ענליכע שטריכען אין מענשען קען מען געפינען אויך אין דער וועלט פון חיות, ד. ה. אז אויך דאָס זיינען ריין נאַטירליכע ערשיינונגען.

די מאַטעריאליסטישע עטיק פון 19טען יאָהרהונדערט, אויף וויפיל זי איז פארבליבען אין די ראַמען פון די נאַטור־וויסענשאַפטען איז ניט אַוועק ווייטער ווי אין 18טען יאָהרהונדערט. ניט אין דייטש־לאַנד וואו זי האָט אַנגענומען אָפענע און דרייסטע פאָרמען, ניט אין ענגלאַנד, און איצט, אויך ניט אין פראַנקרייך, וואו זי האָט פאר זיך

איצט געפונען א באשיידענערען און באהאלטענערען אויסדרוק. אזוי צ. ב. ש. האט פייערבאך באגרינדעט זיין מאראל אויף דעם מענשענס שטרעבען צו גליק. אוגוסט קאנט, דער גרינדער פון פאזיטיוויזם, האט איבערגענומען פון די ענגלענדער זייער צוטיילונג אויף עגאאיס־טישע און מאראלע, אדער „אלטרואיסטישע" געפיהלען, וועלכע ווארצלען זיך ביידע גלייך אין דער מענשליכער נאטור.

א גרויסען און וויכטיגען שריט פאראורטס אין אט דער ריכטונג האט צום ערשטען געמאכט ד א ר ו ו י ן. אין זיין בוך וועגען דער „אנטשטעהונג פון מענשען", האט ער באוויזען, אז די אלטרואיסטישע געפיהלען זיינען ניט קיין אויסשליסליך מענשליכע אייגענשאפט, מען קען זיי אויך געפינען אין דער טהיערישער וועלט, און אז סיי ביי מענ־שען, סיי ביי חיות זיינען זיי ארויסגערופען דורך די זעלבע אורזא־כען; די זעלבע אורזאכען דורך וועלכע עס דערקלערט זיך בכלל די ערשיינונג און אנטוויקלונג פון פעהיגקייטען ביי אלע לעבעדיגע בא־שעפענישען, וועלכע האבען דעם כח פון זעלבסט־באוועגונג. דורך דעם איז כמעט אינגאנצען צושטערט געווארען דער לעצטער צוים וואס האט אפגעטיילט דעם מענשען פון דער חיה. דארווין האט זיינע אנטדעקונגען ניט אנטוויקעלט ווייטער אין דער זעלבער ריכטונג, פונדעסטוועגען דארפען זיי פאררעכענט ווערען צווישען די גרעסטע און פרוכטבארסטע אנטדעקונגען פון מענשליכען גייסט; זיי האבען אויך געגעבען א מעגליכקייט צו אנטוויקלען א נייע קריטיק פון אונזער דערקענטעניש.

באטראכטענדיג די ארגאנישע (לעבעדיגע) וועלט, שטויסען מיר זיך גלייך אן אויף אן אייגענשאפט, דורך וועלכער זי אונטערשיידט זיך פון דער אומארגאנישער (ניט לעבעדיגער) וועלט. אין דער אר־גאנישער וועלט געפינען מיר צוועקמעסיגקייט. אלע ארגאנישע ווע־זענס זיינען אויסגעבויט און באשאפען, מעהר אדער ווייניגער, מיט צוועקמעסיגקייט, אבער דער ציל, וועלכען זיי דארפען דינען, ליגט ניט אויסער זיי. די וועלט אלס גאנצע האט ניט קיין ציל. דער ציל ליגט אין דעם יחיד גופא. זיינע טיילען זיינען געבויט און צוגע־פאסט אזוי, אז זיי זאלען דינען דעם יחיד אלס א גאנצען. דער ציל

און די צוטיילונג פון ארבייט אנטשטעהט גלייכצייטיג. די צוטיילונג פון ארבייט איז פונקט אזוי וויכטיג פאר'ן ארגאניזם, ווי די זעלבסט־באוואוסטהייט, איינס ציהט מיט דאס צווייטע. די צוטיילונג פון ארבייט אונטערשיידט דעם לעבעדיגען ארגאניזם פון די ניט לעבעדיגע ווי צ. ב. ש. פון קריסטאל. קריסטאלען זיינען אויך יחידים פון א באשטימטער פארמע, זיי וואקסען, אויב זיי געפינען נאר די מאטעריאלען און די גינסטיגע באדינגונגען, וועלכע זיינען פאר זייער וואקסען נויטיג, זיי זיינען אבער סימעטריש דורך און דורך. דער נידעריגסטער פון די לעבעדיגע ארגאניזמען אבער, איז א קייקעלע ווענינער קאמפליצירט און ווענינער קענטיג ווי א קריסטאל, דערפאר אבער איז זיין אויסערליכער טייל אינגאנצען אנדעריש ווי דער אינער־ליכער, און ערפילט גאנץ אנדערע פונקציעס ווי דער צווייטער. געוועהנ־ליך צייגט זיך עס וואונדערבאר, וואס די צוטיילונג פון ארבייט איז צילבאוואוסט, ד. ה. נוצליך פאר'ן יחיד און גיט איהם די מעג־ליכקייט צו לעבען, אדער פארלייכטערט אמוועניגסטענס זיין לעבען. באמת, וואלט זיין מעהר וואונדערבאר, ווען עס זאל ניט זיין אזוי. ווען די יחידים וואלטען אויפגעהאלטען זייער עקזיסטענץ און וואל־טען זיך פארמערט, אהן א צילבאוואוסטער פאנאנדערטיילונג פון אר־בייט, וועלכע וואלט פארשווערערט, אדער אפשר אינגאנצען אומ־מעגליך געמאכט זייער עקזיסטענץ.

אבער וואס איז די ארבייט, וועלכע די ארגאנען פון ארגאניזם דארפען טאן? זייער ארבייט איז דער ק א מ ף פ א ר ד ע ר ע ק ז י ס ט ע נ ץ, דאס איז אבער ניט, ווי מען וויל דאס אפט אויסטייטשען, א קאמף מיט א נ ד ע ר ע יחידים פון זעלבען מין, נאר א קאמף מיט דער גאנצער נאטור. די נאטור געפינט זיך אין א שטענדיגער באוועגונג, איהרע פארמען האלטען זיך אין איין בייטען, און איז אט דעם פראצעס פון אונאויפהערליכע ענדערונגען, קע־נען נאר די יחידים איינהאלטען זייערע פארמען, וועלכע זיינען בכח צו אנטוויקלען פאר זיך באזונדערע ארגאנען, מיט וועלכע זיי זאלען זיך קענען פ א ר ט י י ד י ג ע ן געגען די אויסערליכע סכנות וואס לויערן אויף זיי, און וועלכע זאלען קענען פארנעמען דעם פלאץ פון

יענע פון זייערע טיילען, וועלכע זיי זיינען געצוואונגען אימער אפצוגע־
בען דער אויסערליכער וועלט. אמבעסטען און אמזיכערסטען ווערען
אויפגעהאלטען די יחידים און גרופּעס, וועמעס פ א ר ט י י ד י־
ג ו נ ג ס־ו ו א פ ע ן א ו ן מ י ט ל ע ן צ ו ב א ק ו מ ע ן
פ א ר ז י ך ש פ י י ז, זיינען אממערסטענס צילבאוואוסט.
ד. ה. די וועלכע זיינען בעסער צוגעפּאסט צו דער אויסערליכער וועלט.
וועלכע קענען אמבעסטען פארמיידען איהרע געפארען און געפינען
שפּייז. דער אומאויפהערליכער פּראצעס פון צופּאסונג און דער אויס־
וואל פון די מעהר־צוגעפּאסטע, באשאפט, אונטער נארמאלע אומ־
שטענדען, אן אלץ מעהר וואקסענדע צוטיילונג פון ארבייט. וואס
מעהר עס איז אין א וועלכען עס איז ארגאניזם אנטוויקעלט די צו־
טיילונג פון דער ארבייט, אלץ מעהר פאלקאם צייגט ער אונז אויס
צו זיין. די שטענדיגע פארפאלקאמענונג פון דער ארגאנישער וועלט
איז דערפאר ביז איצט געוועזן דער רעזולטאט פון דעם קאמף פאר
דער עקזיסטענץ, און וועט, ווארשיינליך, נאך אויף לאנג אזוי פאר־
בלייבען, ביז די באדינגונגען פון אונזער פּלאנעט וועלען זיך ראדיקאל
ענדערען. פונדעסטוועגען האבען מיר קיין רעכט ניט צו האלטען אט
די פארפאלקאמענונג פאר אן אייביגען געזעץ, נוייל דאס וואלט גע־
הייסען צושרייבען דער וועלט אזא ציל, וואס איז אין איהר באמת
ניטא.

די אנטוויקלונג מוז אויך ניט געהן אלע מאל מיט דער זעלבער
שנעלקייט. עס קענען פון צייט צו צייט אנקומען אזוינע פעריאדען,
אין וועלכע פארשידענע ארגאניזמען, יעדער איינער אויף זיין אופן,
וועלען דערגרייכען די העכסטע שטופע פון צוועקמעסיגקייט און די
בעסטע צופּאסונג צו די הערשענדע באדינגונגען. אזוי לאנג ווי אט
די באדינגונגען וועלען עקזיסטירען, וועלען זיך די ארגאניזמען וויי־
טער ניט אנטוויקלען: די פארמע וועלכע זיי האבען ביז איצט דער־
גרייכט, וועט פארוואנדעלט ווערען אין א שטענדיגען טיפּ, וועלכער
וועט זיך פארמעהרען אהן קיינע ענדערונגען. די ווייטערע אנטוויק־
לונג הויבט זיך ערשט אן, ווען די סביבה ווערט באדייטענד פאר־
ענדערט, און עס ערשיינען אין דער נאטור אזוינע ענדערונגען, וועל־

כע צושטערן דעם גלייכגעוויכט פון דער אָרגאַנישער וועלט. אַזוינע ענדערונגען קומען אָן פון צייט צו צייט, אַמאָל זיינען זיי פּלוצליכע, איינצעלנע און באַדייטענדע, אָן אַנדערש מאָל — פיל־צאָליגע און אומבאַמערקבאַרע, אָבער סיי די ערשטע, סיי די לעצטע שאַפען אָן אַנדער לאַגע, ווי צ. ב. ש. אַן ענדערונג אין דעם פלוס פון ים, אין דער אויבערפלעך פון דער ערד, אָדער גאָר אין דער פּאָזיציע, וועלכע אונזער פּלאַנעט פאַרנעמט אין דעם אוניווערסום, וואָס ענדערט דעם קלימאַט, פאַרוואַנדעלט געדיכטע וועלדער אין זאַמדיגע מדבריות, באַדעקט טראָפּישע לענדער מיט אייז און אַז. וו. אַט די ענדערונגען שאַפען אַ נויטווענדיגקייט זיך צו צופּאַסען צו דער נייער פאַרענדערטער סביבה, פאַראורזאַכען איבערוואַנדערונגען אין נייע פלעצער. אַ דאַנק דעם ווערט דער אָרגאַניזם איבערגעפּלאַנצט אין אַ נייער סביבה, און דורך דעם פלאַקערט זיך אָפּט פאַנאַנדער אַ קאַמף צווישען די אַלטע איינוואָהנער און די נייע, נאָר וואָס אָנגעקומענע. די שלעכט צוגעפּאַסטע און אומפעהיגע יחידים קומען אין אַזאַ צייט אום. עס ווערט באַשאַפען אַ נייע צוטיילונג פון אַרבייט, נייע פונקציעס, נייע אָרגאַנען, אָדער עס ענדערען זיך די אַלטע. אָבער ניט אַלע מאָל זיינען דאָס די העכערע אָרגאַניזמען, וועלכע קענען בעסער אָט דעם קאַמף אויסהאַלטען. אין יעדער צוטיילונג פון דער אַרבייט איז פאַרוויקעלט אַ געוויסע איינזייטיגקייט. די הויך אַנטוויקעלטע אָרגאַנען, וועלכע זיינען צוגעפּאַסט צו באַשטימטע לעבענס באַדינגונגען, ווייזען זיך אָפּט אַרויס, אונטער אַנדערע באַדינגונגען, פאַר פיל ווייניגער נוצליך, ווי די ווייניגער אַנטוויקעלטע, וועלכע זיינען אונטער די נייע אומשטענדען, אפשר ווייניגער ווירקזאַם, אָבער דערפאַר פילזייטיגער און קענען זיך לייכטער צופּאַסען צו דער נייער סביבה. מיר באַאָבאַכטען דערפאַר גאַנץ אָפּט, ווי עס שטאַרבען אויס הויך אַנטוויקעלטע מינים פון לעבעדיגע וועזענס און פלאַנצען, אין דער צייט, וואָס די נידעריגערע מינים נעמען איבער די ווייטערע אַנטוויקלונג פון העכערע אָרגאַניזמען. דער מענש שטאַמט אָפּט וואַרשיינליך, אויך ניט פון די העכערע מינים מענשען־ענליכע אַפען, וועלכע שטאַרבען איצט אויס, נאָר פון דעם נידעריגערען מין פון פיר־הענטיגע חיות.

## 2. זעלבסט־באוועגונג און דערקענטעניש פעהיגקייטען.

גאַנץ פריי האָבען זיך די אָרגאַניזמען צוטיילט אויף צוויי גרויסע גרופּען: די וועלכע האָבען פאַר זיך אַנטוויקעלט די אָרגאַנען פון זעלבסט־באַוועגונג, און די וועלכע האָבען דאָס ניט, ד. ה. חיות און פלאַנצען. עס איז קלאָר אַז די זעלבסט־באַוועגונג איז אַ מעכטיגער פאַקטאָר אין דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ. דאָס גיט דעם לעבעדיגען וועזען אַ מעגליכקייט צו געהן זוכען פאַר זיך שפּייז, אַנטלויפען פון אַ געפאַר, און באַהאַלטען זיינע קינדער אין אַזעלכע פּלעצער וואו זיי זאָלען אַמבעסטען זיין באַשיצט פון געפאַר און פאַרזיכערט מיט שפּייז.

דערקענטעניש־פעהיגקייט און זעלבסט־באַוועגונג מוזען געהן האַנט אין האַנט. איינס אָהן דאָס צווייטע זיינען זיי אינגאַנצען נוצלאָז, ערשטביידע צוזאַמען קענען זיי ווערען אַ וויכטיגער מיטעל אין דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ. די פעהיגקייט צו באַוועגען זיך איז אינגאַנצען נוצלאָז, אויב איך בין ניט פעהיג צו דערקענען די וועלט, אין וועלכער איך באַוועג זיך. וואָס וואָלט דעם הירש געווען פאַר אַ נוץ פון זיינע פיס, ווען ער זאָל ניט קענען דערקענען זיינע שונאים און ניט די פּלעצער וואו ער קען קריגען שפּייז? פון דער צווייטער זייט וואָלט פאַר די פּלאַנצען יעדע דערקענטעניש־פעהיגקייט געווען נוצלאָז, אויב די גראָז זאָל קענען זעהן, הערען אדער פיהלען די אָנקומענדע בהמה, וואָלט עס איהר אָבער פאָרט ניט געהאָלפען צו אַנטלויפען פון דער אָנקומענדער געפאַר.

זעלבסט־באַוועגונג און אינטעלעקט זיינען אַלזאָ אונצוטיילבאַר. איינס אָהן דאָס צווייטע איז נוצלאָז. וואָס די אַנטשטעהונג פון אַט די ביידע פעהיגקייטען זאָל ניט געווען זיין, זיכער אָבער איז, אַז זיי ערשיינען און אַנטוויקלען זיך צוזאַמען. קיין זעלבסט־באַוועגונג אָהן דערקענטעניש־פעהיגקייטען, פּונקט ווי עס איז ניטאָ קיין דערקענטעניש אָהן זעלבסט־באַוועגונגס־פעהיגקייטען. ביידע צוזאַמען דינען זיי

איינעם און דעם זעלבען צוועק: די פארשטארקונג און פארלייכטע־רונג פון דעם קאמף פאר דער עקזיסטענץ פון יחיד.

אלס אזעלכע מיטלען, און בלויז אלס אזעל־כע, אנטוויקלען זיי זיך אין זייערע ארגאנען, און פארפאלקאמענען זיך אין דעם קאמף פאר דער עקזיסטענץ. אפילו די אמהעכסטענס אנטוויקעלטע אינטעליגענץ האט ניט אזוינע אייגענשאפטען, וועלכע זאלען ניט קענען באנוצט ווערען אין קאמף פאר דער עקזיסטענץ. דערמיט דערקלערט זיך די איינזייטיגקייט און די אייגענטימליכקייט פון אונזער דערקענטעניש.

פאר א סך פילאסאפען, קען זיין, איז זעהר וויכטיג צו דערקע־נען די זאך־אין־זיך. פאר אונזער עקזיסטענץ אבער איז גאר ניט וויכ־טיג, וואס עס זאל פארשטאנען ווערען אונטער דעם באגריף. וואס עס איז אבער זעהר וויכטיג פאר יעדען וועזען, וואס איז באשאנקען מיט זעלבסט־באוועגונג, איז אז ער זאל ריכטיג קענען אונטער־שיידען זאכען, און ריכטיג באגרייפען זייערע געגענזייטיגע שיכות'ן. וואס שארפער זיינע דערקענטעניש־פעהיגקייטען זיינען, אין דעם פאל, אלץ גרעסערע נוצען ברענגען זיי איהם. פאר דער זינג־פויגעל איז אינגאנצען ניט וויכטיג, וואס זיינען די זאכען־אין־זיך, וועלכע זי נעמט אן פאר יאגאדעס, רויב־פויגעל (קארשון) אדער שטורעם. פאר איהר עקזיסטענץ איז אבער דורכאויס יא נויטיג, אז זי זאל קענען אונטערשיידען צווישען א יאגאדע, רויב־פויגעל און שטורעם, און אלע אנדערע זאכען מיט וועלכע זי איז ארומגערינ־געלט, ווייל אהן דעם וואלט זי ניט געקענט געפינען פאר זיך קיין שפייז, ניט אויסמיידען איהר שונא, און ניט געפינען איהר נעסט אין צייט. די דערקענטעניש־פעהיגקייטען פון די לעבעדיגע וועזענס, זיינען אלזא די אומפארמיידליכע פעהיגקייט צו אונטערשיידען צווי־שען פארשידענע זאכען אין רוים.

עס איז אבער פאר זיי פונקט אזוי נויטיג צו קענען אונטער־שיידען די סעקוועניץ פון זאכען אין צייט. איבערהויפט זייער נויט־ווענדיגע סעקוועניץ אלס אורזאך און רעזולטאט. די אויפהאלטונג פון דער עקזיסטענץ קען נאר דאן זיין דער אלגעמיינער רעזולטאט

פון באוועגונג, אויב דאס לעצטע איז אנ:עווענדעט אויף דער דערגרייכונג פון באשטימטע, נאהענטע אדער ווייטע רעזולטאטען, וועלכע קענען פיל לייכטער דערגרייכט ווערען, וואס מעהר דער יחיד איז באקאנט מיט דער פארבינדונג צווישען די רעזולטאטען און זייערע אורזאכען. נעמענדיג נאך אמאל אונזער פריהערדיגען ביישפיל מיט דער זינג־פויגעל. זאגען מיר, עס איז נאך וועניג וואס זי קען אונטערשיידען א יאגאדע, א רויב־פויגעל און א שטורעם פון אנדערע זאכען. זי דארף נאך אויך וויסען, אז פון א יאגאדע ווערט מען זעטיג, אז די דערנעהענטערונג פון א רויב־פויגעל איז א געפאר. אז די ערשטע קליינינקע פויגעלע, וועלכע זי וועט כאפען, וועט זיין איהר רויב, און אז דער רעזולטאט פון אנקומענדע וואלקענס, וועט זיין א שטורעם, א רעגען און א האגעל.

אפילו ביי די נידעריגסטע וועזענס, וועלכע באזיצען די קלענסטע פעהיגקייטען צו אונטערשיידען און צו באוועגען זיך, איז אנטוויקעלט די פארשטעלונג פון אורזאכליכקייט. אויב די ערד ציטערט, איז דאס א סמן פון געפאר פאר דעם ווארים, און ער איילט זיך צו אנטלויפען.

הייסט דאס אלזא, אז כדי די דערקענטעניש־פעהיגקייטען זאלען קענען ברענגען נוצען פאר'ן לעבעדיגען וועזען אין זיין אנטוויקלונג, איז נויטיג, אז זיי זאלען זיין בכח צו אנווייזען איהם אונטערשידען אין רוים און אין צייט, אזוי גוט ווי די אורזאכליכע פארבינדונג פון ערשיינונגען.

אבער דאס איז נאך ניט אלץ. אלע טיילען פון קערפער דינען איין און דעם זעלבן יחיד און איין און דעם זעלבן צוועק: די אויפהאלטונג פון דעם יחיד'ס עקזיסטענץ. די צוטיילונג פון ארבייט טאר קיין מאל ניט קומען צו אזא צושטאנד, אז די באזונדערע טיילען זאלען ווערען זעלבסטשטענדיגע: דאס וואלט געבראכט צו דער פאנאנדערפאלונג פון יחיד. וואס שטארקער די איינצעלנע טיילען וועלען זיין צווישען זיך פארבונדען, און וואס מעהר איינהייטליך עס וועט זיין איבער זיי די דעה, אלץ גרעסער און בעסער וועלען זיין די רעזולטאטען פון דער ארבייטסצוטיילונג. דערפון פאלגט די נויטווענדיגקייט פאר דער איינהייט

פון באוואוסטזיין. ווען יעדער טייל פון קערפּער זאָל באזיצען א באַזונדערע דערקענטעניש־פעהיגקייט, אָדער ווען יעדער איינער פון אונזערע חושים, וועלכע ברענגען אונז וויסען וועגען דער אויסערליכער וועלט, זאָל האָבען זיין אייגענעם באוואוסטזיין, וואָלט אונזער דערקענטעניש פון דער וועלט און די צוזאַמענארבייטונג פון די פאַרשיידענע קערפּערליכע טיילען, פיל פאַרשווערערט געוואָרען. די מעלות פון דער ארבייטס־צוטיילונג וואָלטען דאן אָדער אינגאנצען פאַרשוואונדען, אָדער זיך פאַרוואנדעלט אין חסרונות; די שטיצע, וועלכע די אָרגאַנען קריגען איינס פון דאָס צווייטע, וואָלט אויפגעהערט, אנשטאט דעם וואָלטען זיי בלויז איינס דאָס צווייטע געשטערט.

אם ענגע דאַרפען אונזערע דערקענטעניש־פעהיגקייטען זיין בכח צונויפצאמלען ערפאַרונג און עס פאַרגלייכען. מיר קערען זיך צוריק צו אונזער פויגעל. צו אויסגעפינען אויף צוויי אופנים, וואָס איז פאַר איהר די בעסטע שפּייז, וואו קען זי עס אם לייכטסטען געפינען, וועלכע שונאים זיינען פאַר איהר געפערליך, ווי אזוי קען זי זיי אויסמיידען און אז. וו. קען זי דאָס ערשטענס אויסגעפינען דורך איהר אייגענער ערפאַרונג; צווייטענס, זיך צוקוקענדיג צו דער ערפאַרונג פון די עלטערע פויגלען, וועלכע האָבען שוין די ערפאַרונג פון פריהער. קיינער ווערט ניט געבוירען קיין קענער. וואָס ברייטער עס איז די ערפאַרונג פון יחיד, און וואָס מעהר אָרדענונג עס איז אין זיין ערפאַרונג, אלין לייכטער וועט פאַר איהם זיין צו אויפהאַלטען זיך אין דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ. צו דעם איז נויטיג אַ זכרון און אַ פעהיגקייט צו פאַרגלייכען פריהערדיגע איינדרוקען, מיט שפּעטערדיגע, אויסגעפינען וואָס איז אין זיי געמיינשאַפטליך, און אויסטיילען פון זיי דאָס וויכטיגע פון דאָס אונוויכטיגע. אין אַנדערע ווערטער, עס איז נויטיג צו דענקען. די באַאָבאַכטונג אינפאָרמירט אונז דורך אונזערע חושים דעם אונטערשיד צווישען זאכען און זייערע אייגענשאַפטען, — דער געדאַנק אינפאָרמירט אונז וועגען דאָס אַלגעמיינע, וואָס איז געמיינשאַפטליך אין אַלע זאכען.

„דאָס אַלגעמיינע“ (אוניווערסאלע) זאָגט דיעטצגען. „אין דער

אינהאַלט פון אַלע באַגריפעז, פון יעדעז וויסעז, פון דער גאַנצער וועלט־אנשאַפט, פון אַלע פּראָצעסעז פון געדאַנק. דער אַנאַליז פון דער דענקונגס־פעהיגקייט באַווייזט אונז אויף דעם אופן, אַז דאָס איז די פעהיגקייט צו געפינען דאָס אַלגעמיינע און דאָס באַזונדערע."

אַט די אַלע אייגענשאַפטען פון דער דענקונגס־פעהיגקייט געפינען מיר אויך אין דער טהירישער וועלט. עס איז אמת, אַז זיי דערגרייכען דאָרטען ניט צו אַזאַ הויכער שטופע פון אַנטוויקלונג, ווי ביים מענשען, און אָפט איז גאַנץ שווער פאַר אונז זיי צו דערקענען, ווייל עס איז ניט אַלע מאָל אַזוי לייכט צו אונטערשיידען צווישען באַוואוסטזיניגע און אומבאַוואוסטזיניגע האַנדלונגען, צווישען איינפאַכע רעפלעקס־טאַטען און אינסטינקטיווע באַוועגונגען, וועלכע שפּילען אַ גרויסע ראָליע אפילו ביים מענשען.

אויב מיר געפינען אַט די אינטעלעקטועלע פעהיגקייטען אַלס צוטיילבאַרע באַגלייטער פון דער זעלבסט־באַוועגונג, שוין אין דער טהירישער וועלט, דאַרפען אָבער, פון דער צווייטער זייט, שוין דאָרטען עקזיסטירען די זעלבע באַגרענעצונגען, וועלכע עס קען ניט אַריבערשפּרייזען אפילו דער פאַרשטאַנד פון דעם העכסט אַנטוויקעלטען ציוויליזירטען מענשען.

די כחות און פעהיגקייטען, וואָס ווערען צוגעקריגען אין דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, קענען, פאַרשטעהט זיך, דינען ניט נאָר פאַר דער פאַרזיכערונג פון דער עקזיסטענץ, נאָר אויך פאַר אַנדערע צוועקען, אויב נאָר די זעלבסט־באַוועגונג, די דערקענטעניש־פעהיגקייט, און דער אינסטינקטיווער לעבען פון אָרגאַניזם (וועגען וועלכען מיר וועלען רעדען שפּעטער) זיינען גענוג הויך אַנטוויקעלט. אַזוי קען צ. ב. ש. דער יחיד באַנוצען זיינע מוסקולען, וועלכע זיינען ביי איהם אַנטשטאַנען כדי צו כאַפּען זיין רויב און זיך פאַרטיידיגען געגען זיין שונא — אויף שפּילען זיך און טאַנצען. אָבער בלויז דער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, וועלכער שאַפט אַט די כחות און פעהיגקייטען, גיט זיי צו זייער באַזונדערען כאַראַקטער. שפּילעריי און טענץ אַנטוויקלען ניט קיין באַזונדערע מוסקולען.

דאָס זעלבע קען אויך געזאָגט ווערען וועגען די אינטעלעקטועלע

כחות און פעהיגקייטען. יעדע פון זיי האָט זיך אנטוויקעלט אלס א צוגאָב צו דער זעלבסט־באַוועגונג, כדי מעגליך צו מאַכען פאַר דעם יחיד די אמבעסטענס צוגעפּאַסטע באַוועגונג אין דער ארומיגער וועלט, פונדעסטוועגען קענען זיי אָבער דינען אויך פאַר אַנדערע צוועקען. צו דעם איז נויטיג א ריינע דערקענטעניש, אָהן דער צומישונג פון וועלכע עס איז פּראַקטישע אויסרעכענונגען, וועגען די רעזולטאַטען וועלכע דאָס קען ברענגען. אָבער אונזערע אינטעלעקטועלע פעהיגקייטען אנטוויקלען זיך אין קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, ניט כדי זיי זאָלען קענען דינען אַלס אָרגאַנען פון ריינער דערקענטעניש, נאָר כדי זיי זאָלען קענען צוועקמעסיג רעגולירען אונזערע באַוועגונגען. וואָס מעהר זיי דערפיהלען זייערע אויפגאַבען צו רעגולירען צוועקמעסיג אונזערע באַוועגונגען, אַלץ וועניגער דינען זיי פאַר אָרגאַנען פון ריינער דערקענטעניש. זייענדיג פון אַנפאַנג אָן פאַרבונדען מיט דער זעלבסט־באַוועגונג, אנטוויקלען זיך די אינטעלעקטועלע פעהיגקייטען אַם מעהרסטענס נאָר אין דער פאַרבינדונג; בלויז אין פאַרבינדונג מיט דער זעלבסט־באַוועגונג קען די דערקענטעניש דערגרייכען איהר פאָלקאָמענהייט. די פאַרפאָלקאָמענונג פון די מענשליכע דערקענטעניש־פעהיגקייטען און פון דעם מענשליכען וויסען איז אויך אויפ׳ן ענגסטען אופן פאַרבונדען, ווי מיר וועלען דאָס זעהן ווייטער, מיט דער פאַרפאָלקאָמענונג פון דער מענשליכער פּראַקטיק.

די פּראַקטיק גאַראַנטירט אונז אויך די זיכערהייט פון אונזער וויסען. אזוי שנעל ווי מיין וויסען מאַכט פאַר מיר מעגליך אליין צו באַשאַפען באַשטימטע רעזולטאַטען, הערט אויף דער שיכות צווישען אורזאַך און רעזולאַט צו זיין פאַר מיר אַן איינפאַכער צופאַל, אָדער ערשיינונג, אָדער א פאָרמע פון דערקענטעניש, ווי דאָס ווייזט זיך אויס פאַר׳ן ריינעם געדאַנק אָדער אנשויאונג. די פּראַקטיק דערהויבט דעם וויסען פון אַט די שיכות׳ען צו דער שטופע פון **ז י כ ע ר ע ן** וויסען וועגען עפּעס וואָס איז **ד אָ א י ן ד ע ר ווירקליכקייט**.

די גרענעצען פון אונזער פּראַקטיק זיינען, פאַרשטעהט זיך, **אויך די גרענעצען פון אונזער זיכערען וויסען.**

# די עטיק

דאָס וואָס די טעאָריע און פּראַקטיק זיינען אָפּהענגיג איינס פון דאָס צווייטע, און וואָס בלויז דורך זייער געגענזייטיגער אריינדרינגונג קען מען דערגרייכען די העכסטע רעזולטאַטען אונטער די געגעבענע אימשטענדען, איז בלויז א נויטוועגדיגער רעזולטאַט פון דעם, וואָס די באַוועגונג און דערקענטעניש האָבען זיך פון אָנפאַנג אָן געמוזט אַנטוויקלען צוזאַמען. מיט דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון דער מענשליכען געזעלשאַפט, האָט די ארבייטס צוטיילונג גע־בראַכט צו דער צוטיילונג פון אָט דער נאַטירליכער איינהייט און צו דער באַשאַפוני פון קלאַסען. אויף דעם חלק פון אייניגע איז אויס־געפאַלעי איבערהויפּט די באַוועגונג, אויף דעם חלק פון די אַנדערע — דער באַוואוסטזיין. מיר האָבען שוין אָנגעוויזען ווי אַזוי דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אין דער פילאָסאָפיע דורך דער באַשאַפונג פון צוויי וועלטען, איינע א העכערע א גייסטיגע און די צווייטע — א נידעריגערע קערפּערליכע וועלט.

עס פאַרשטעהט זיך, אז אָט די פאַנאַנדערטיילונג פון די פונק־ציעס האָט אינגאַנצען ניט געקענט דורכגעפיהרט ווערען ביי קיין יחיד, און די געגענוואַרטיגע פּראָלעטאַרישע באַוועגונג שטרעבט צו מאַכען אַן ענדע צו אָט דער צוטיילונג אויף באַזונדערע קלאַסען, און צוזאַמען דערמיט אויך מאַכען אַן ענדע צו דער דואַליסטישער פילאָ־סאָפיע, די פילאָסאָפיע פון ריינעם וויסען. אפילו דער טיפסטער אַבסטראַקטער וויסען, וואָס האָט, דאַכט זיך, גאָר קיין שיכות ניט צו דער פּראַקטיק, ווירקט אויף איהר, און ווערט באַווירקט פון איהר. איינע פון די אויפגאַבען פון דער קריטיק פון דער מענשליכער דער־קענטעניש איז צו דערקלערען אָט די ווירקונג. אונזער וויסען אָבער פאַרבלייבט פונקט ווי פריהער א וואַפען אין דעם קאַמף פאַר עקזיס־טענץ, און א מיטעל צו צוגעבען אונזערע באַוועגונגען וואָס מעהר צוועקמעסיגע פאָרמען און ריכטונגען, אומאָפּהענגיג דערפון, צי קו־מען אָט די באַוועגונגען פאָר אין דער געזעלשאַפט אָדער אין דער נאַטור.

„די פילאָסאָפען" זאָגט מאַרקס, „האָבען בלויז פאַרשידען אויפ־געפאַסט די וועלט, וויכטיג אָבער איז צו ענדערען די וועלט."

### 3. דער אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג אין רעפּראָדוקציע.

די פעהיגקייט פון זעלבסט־באַוועגונג און פון דערקענטעניש, זיינען אונצוטיילבאַר אלס וואָפען אין דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ. זיי אנטוויקלען זיך צוזאַמען, און וואָס מעהר עס פאַרגרעסערט זיך די באַדייטונג פון אַט די צוויי וואָפען, פאַרקלענערט זיך די באַדייטונג פון אַנדערע, וועלכע זיינען וועניגער וויכטיג פאַר'ן אָרגאַניזם, ווי צ. ב. ש. זיין פרוכטבאַרקייט און די לענג פון לעבען. פון דער צווייטער זייט, וואָס מעהר עס פאַרשווינדען די לעצטע, אַלץ מעהר וואַקסט די באַדייטונג פון די ערשטע צוויי פאַקטאָרען אין דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, וועלכער העלפט זיי אַלץ מעהר און מעהר אין זייער אַנטוויקלונג.

אָבער זעלבסט־באַוועגונג און דערקענטעניש קענען אַן און פאַר זיך ניט דינען אלס וואָפען אין דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ. וואָס קומט מיר אַרויס אין דעם קאַמף פון מיינע שטאַרקע מוסקולען, שנעלע פיס, שאַרפע נעפּיהלען און גרויסען שכל, אויב איך פיהל ניט קיין באַדערפעניש צו באַנוצען זיי פאַר מיין דערהאַלטונג? אויב דער אַנזעהן פון עסען, דער באַוואוסטזיין פון א געפאַר, אַרט מיר ניט, און שטויסען מיך ניט צו א וועלכער עס איז באַוועגונג? די זעלבסט־באַוועגונג און די אינטעלעקטועלע פעהיגקייטען ווערען ערשט דאַן וואָפען אין דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, ווען דער אָרגאַניזם ווייזט אַרויס א פאַרלאַנג פאַר זעלבסט־דערהאַלטונג. דאַן ווערט דורך יעדען וויסען, וואָס איז נאָר וויכטיג פאַר דער דערהאַלטונג פון דעם אָרגאַניזם אַרויסגערופען דער ווילען צו אינטערנעמען די באַוועגונגען וואָס זיינען נויטיג דערצו, און דורך דעם ווערט אַרויסגערופען די באַוועגונג גופא.

די זעלבסט־באַוועגונג און די אינטעלעקטועלע פעהיגקייטען איז אינגאַנצען נוצלאָז פאַר דער עקזיסטענץ פון יחיד, אויב ער זאָל ניט באַזיצען דעם אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג, און דער לעצטער וואָלט, פאַרקערט, אויך געווען נוצלאָז אָהן די ערשטע צוויי. די אַלע

דריי פאַקטאָרען זיינען אויפ׳ן ענגסטען אופן צווישען זיך פאַרבונדען, זעצען פאַראויס איינס דעם צווייטען און אַנטוויקלען זיך צוזאַמען. דער אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג איז דער פּרימיטיווס־טער און נויטיגסטער פון אַלע טהירישע אינסטינקטען. אָהן איהם וואָלט ניט מעגליך געווען די עקזיסטענץ פון לעבעדיגע וועזענס, אפילו פאַר אַ קורצער ווײַלע, אפילו אויב זיי זאָלען באַזיצען דעם כח פון זעלבסט־באַוועגונג און דערקענטעניש. אַט דער אינסטינקט באַ־הערשט דעם גאַנצען לעבען פון אַלע לעבעדיגע וועזענס. די סאָציאַלע אַנטוויקלונג, וועלכע גיט איבער די אַנטוויקלונג פון די דערקענטעניש פעהיגקייטען צו איין קלאַס, און די פּראַקטישע באַוועגונג צו אַ צוויי־טען, און באַשאַפט דערמיט ביי דעם ערשטען קלאַס דעם געפיהל פון דער דערהויבונג פון גייסט אין פאַראַכטונג צו דער „גראָבער מאַ־טעריע“, פאַרגעהט אָפט אַזוי ווייט אין איהר אָפּגעזונדערטקייט פון די דערקענטעניש־פעהיגקייטען, אַז פון פאַראַכטונג צו דער פּראַקטיק, געהט זי איבער צו דער פאַראַכטונג פון לעבען גופא. אָבער אַט דעם סאָרט דערקענטעניש האָט זיך קיינמאָל ניט איינגעגעבען בייצוקו־מען דעם אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג און פּאַראַליזירען די לעבענס־שאַפענדע פּראַקטיק. מיט וועלכע פילאָסאָפישע אַרגומענטען מען זאָל ניט וועלען באַגרינדען דעם פאַקט פון זעלבסטמאָרד, ווייזט זיך אָבער אימער אַרויס, אַז די אורזאַכע פון יעדען פּראַקטישען אַקט פון „נעמען זיך דאָס לעבען“, איז אַ געוויסע קראַנקהייט, אָדער אַ פאַר־צווייפעלטע געזעלשאַפטליכע לאַגע, יעדענפאַלס ניט קיין פילאָסאָפי־שע אידעע. דורכ׳ן פּשוט׳ען פילאָסאָפירען קען מען דעם אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג ניט באַזיגען.

אָבער הגם אַט דער אינסטינקט איז דער פּרימיטיווסטער און דער אַממערסטענס פאַרשפּרייטסטער פון די אַלע אינסטינקטען וואָס אַנטוויקלען זיך אין קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, איז ער אָבער ניט דער איינציגער. ער דינט בלויז פאַר דער אויפהאַלטונג פ ו ן י ח י ד. דער יחיד אָבער לעבט ניט לאַנג, ער פאַרשווינדט ניט איבערלאַזענדיג קיין סמן פון זיין אינדיווידואַליטעט הינטער זיך, אויב ער פאַרמערט זיך ניט. אין דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ ווערען

אויפגעהאלטען בלויז אזוינע מינים, וועלכע לאזען א צוקונפטיגען דור נאך זיך.

די פארמערונג פון פלאנצען און די נידעריגערע מינים פאדערט ניט קיין שום באוועגונג און קיין שום דערקענטעניש. דאס ווערט אבער אנדערש ביי לעבעדיגע מינים. אזוי שנעל ווי דער פראצעס פון רעפראדוקציע ווערט א געשלעכטליכער און עס באטייליגען זיך אין איהם צוויי יחידים, וועלכע מוזען זיך פאראייניגען כדי צו לייגען אייער און זריעה אויף איינעם און דעם זעלבען ארט, אוי־סער'ן קערפער, אדער כדי איבערצוגעבען די זריעה אין דעם קערפער פון דעם יחיד, וואס אנטהאלט די אייער אין זיין קערפער. דאס פא־דערט א ווילען, אן אימפולס צו געפינען איינער דעם צווייטען, און זיך פאראייניגען. אהן דעם וואלט קיין געשלעכטליכע רעפראדוקציע ניט פארגעקומען, וואס שטארקער דאס איז אין די פעריאדען, וועלכע זיינען גינסטיג פאר דער רעפראדוקציע, אלץ שנעלער וועט עס פאר־קומען און אלץ בעסער זיינען די אויסזיכטען אויף א קומענדען דור און אויף דער אויפהאלטונג פון מין. פארקערט, די אויסזיכטען ווע־לען זיין זעהר שלעכטע פאר די יחידים און מינים, ביי וועמען דער אינסטינקט פון רעפראדוקציע איז שוואך אנטוויקעלט. אויף א גע־וויסער שטופע פון אנטוויקלונג מוז דערפאר דער נאטירליכער אויס־וואל אין דעם קאמף פאר דער עקזיסטענץ אויסארבייטען, און אלץ מעהר פארשטארקען דעם אינסטינקט פון רעפראדוקציע אין דעם קע־ניגרייך פון לעבעדיגע וועזענס.

כדי צו פארזיכערען זיך מיט א גרויסען קומענדען דור, איז אט דער אינסטינקט אליין נאך ווייניג. מיר האבען שוין געזעהן, אז וואס מעהר עס וואקסען די באוועגונגס און אינטעלעקטועלע פעהיגקייטען ביים יחיד, אלץ מעהר ווערט פארקלענערט די צאהל פון דער זריעה וואס דער יחיד פראדוצירט אין פארלויף פון זיין לעבען. פון דער צווייטער זייט, וואס מעהר עס אנטוויקעלט זיך די צוטיילונג פון אר־בייט און וואס קאמפליצירטער עס ווערט דער ארגאניזם, אלץ א לענ־גערע צייט פאדערט זיך פאר זיין אנטוויקלונג און וואוקס. אפט ווערט א טייל פון אט דער צייט איבערגעטראגען אין דער מוטערס בויך.

אבער דאס איז זעהר באגרענעצט. אפילו בלויז פון שטאנדפונקט פון רוים, קען דער מוטערס קערפער אין זיך ניט טראגען א צווייטען. וואס איז גרוים ווי איהר אייגענער. זי מוז פון זיך ארויסשטויסען דאס קינד פיל פריהער, איידער עס דערגרייכט א באדייטענדען וואוקס. די פעהיגקייטען פון באוועגונג און דערקענטעניש אנטוויקלען זיך אבער פיל שפעטער ווי אלע אנדערע, ביי דעם יונגען וועזען, און ווען ער פארלאזט דעם איי־צודעק, אדער דער מוטערס בויך, וועלכע האט איהם פארהיט, איז ער מערסטענס נאך זעהר שוואך און אומאנטוויקעלט. די איי, וואס איז פון דער מוטער ארויס־געשטויסען געווארען, איז אינגאנצען אהן וועלכע עס איז באוועגונג אדער אינטעליגענץ. די אויפפאסונג אויף איהרע קינדער, דאס באהאל־טען און פארטיידיגען די איי, אדער די יונגע קינדער, באזארגען זיי מיט שפייז און א. ז. וו. ווערט די וויכטיגסטע אויפגאבע פון דער מוטער. פונקט ווי דער אימפולס פון רעפראדוקציע, אזוי איז די מוטערליכע ליעבע פאר איהרע־קליינע קינדער אין דער טהירישער וועלט אנטוויי־קעלט געווארען אלס אן אומפארמיידליכער מיטעל צו פארזיכערען די ווייטערע עקזיסטענץ פון דעם מין.

אט די אינסטינקטען האבען קיין געמיינשאפטליכעס ניט מיט דעם אינדיווידועלען אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאלטונג; אפט קו־מען זיי זאגאר אין קאנפליקט, און ווען זיי זיינען שטארק גענוג, קע־נען זיי אפילו איהם באזיגען. עס איז קלאר, אז אונטער די זעלבע גלייכע באדינגונגען, וועלען זיך גיכער און בעסער פארמערען, און איבערגעבען זייערע אייגענשאפטען בירושה, יענע יחידים און מינים. ביי וועמען דער אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאלטונג קען ניט שא־דען דעם אימפולס פון רעפראדוקציע און קינדער־ליעבע.

## 4. סאציאלע אינסטינקטען.

גלייכצייטיג מיט די אינסטינקטען, וועלכע זיינען אייגענטימליך פאר די העכערע מינים, אנטוויקעלט דער קאמף פאר דער עקזיסטענץ

אין פאַרשידענע באַזונדערע מינים, אויך אַנדערע באַזונדערע אינס־טינקטען, וועלכע ווערען באַשטימט דורך די באַזונדערע באַדינגונגען פון זייער לעבען, ווי צ. ב. ש. דער אינסטינקט צו וואַנדערען, וועגען וועלכען מיר וועלען דאַ ניט רעדען. אונז אינטערעסירען דאַ בלויז די אינסטינקטען וועלכע זיינען איבערהויפּט וויכטיג פאַר דער באַטראַכ־טונג פון אונזער געגענשטאַנד: דאַס זיינען די ס אַ צ י אַ ל ע א י נ ס־ט י נ ק ט ע ן.

גרויסע צונויפזאַמלונגען פון די זעלבע אָרגאַניזמען געפינען מיר שוין אפילו ביי די גאָר נידעריגסטע מינים: די מיקראָבען. דאָס ווערט דערקלערט דורכ'ן פשוט'ען פאַקט פון רעפּראָדוקציע. ביי די אָרגאַניזמען, וועלכע באַזיצען ניט קיין זעלבסט־באַוועגונג, איז נאַ־טירליך, אז זייערע קינדער זאָלען פאַרבלייבען אויף דיזעלבע פּלע־צער ווי זייערע עלטערען, אויב ערגעץ א צופאַל איז דער אוי־סערליכער נאַטור, ווי א לויפענדע וואַסער, א ווינט אָדער עפּעס אַנ־דערש, האָט נאָר ניט אַוועקגעטראָגען די קערנער אין אַן אַנדער פּלאַץ. ווי באַוואוסט, פאַלט דער עפּעל ניט ווייט פון בוים. אויב מען עסט דעם עפּעל נאָר ניט אויף, און ער פאַלט אויף אַ גינסטיגען באָ־דען, וועלען פון זיינע קערנער אויסוואַקסען יונגע בוימלאַך, גלייך אַרום דער אַלטען בוים. אבער אויך ביי די מינים וועלכע באַזיצען זעלבסט־באַוועגונג, פאַרבלייבט אויך דער יונגער דור מיט די עלטערען, אויב אויסערליכע אומשטענדען צושיידען זיי ניט. דער צוזאַמענלעבען פון יחידים פון זעלבען מין, וועלכע איז די פּרימיטיווסטע פאָרמע פון סאָציאַלען לעבען, איז אויך די פּרימיטיווסטע פאָרמע פון לעבען בכלל. די פאַנאַנדערטיילונג פון די אָרגאַניזמען, וועלכע האָבען אַן אַלגעמיינעם אַנטשטעהונגס־קוואַל, איז א שפּעטערער אַקט.

די אורזאַכען דערפון קענען זיין פאַרשידענע. די נאָהענטסטע און איינפאַכסטע איז דאָס פעלען פון שפּייז. יעדער פּלאַץ קען געבען נאָר א באַשטימטע סומע פון שפּייז, אויב א וועלכער עס איז מין פאַרמערט זיך אויף אזוי פיל, אז ער טרעט איבער די שפּייז־גרע־נעצען פון דער געגענד, מוז א טייל זיינער, אָדער אויסשטאַרבען פון

הונגער, אדער אויסזוכען פאר זיך אנ׳אנדער געגענד. די צאל פון ארגאניזמען פון זעלבען מין, וואס לעבען אין איין און דעם זעלבען פלאץ, קען ניט אריבערוואקסען א באשטימטען גרענעץ.

עס זיינען אבער אויך פאראן אזוינע מינים, פאר וועמען אפ־געזונדערטקייט, די צוטיילונג אין באזונדערע פארלאד, וועלכע לע־בען גאנץ באזונדער פון אלע אנדערע, איז א פארצוג אין זייער קאמף פאר דער עקזיסטענץ. אזוי צ. ב. ש. פאר דעם מין, צו וועלכען עס געהערט די קאץ, וועלכע ליגט פארבאהאלטען ווארטענדיג אויף איהר קרבן, און כאפט איהם דורך אן אונערווארטעטען שפרונג, וואלט דער צוזאמענלעבען פון פילע יחידים זעהר שווער געמאכט, אויב ניט אינ־גאנצען אוממעגליך, צו קריגען שפייז; דער ערשטער שפרונג אויפ׳ן ערשטען קרבן, וואלט איבערגעשראקען און פארטריבען אלע אנדערע. פארקערט פאר וועלף, וועלכע שפרינגען ניט אונערווארטעט אויף זיי־ער קרבן, נאר וועלכע מאטערען איהם אויס ביז׳ן טויט, איז דער צו־זאמענלעבען אין גרויסע באנדעס, זעהר נוצליך; איינער טרייבט דעם קרבן צום צווייטען, דער צווייטער פארשטעלט איהם דעם וועג און א. ז. וו. די קאץ אבער קען פיל ערפאלגרייכער זיין אין איהר געיעג ווען זי איז אליין.

פון דער צווייטער זייט עקזיסטירען אנדערע לעבעדיגע וועזענס אפגעזונדערטהייט, דערפאר ווייל זיי קענען אויף דעם אופן זיך בעסער באהאלטען און אנטלויפען פון א שונא. די פאסטקעס, וועלכע מענשען שטעלען אוועק פאר פארשידענע חיות, האבען צ. ב. ש. געווירקט אזוי, אז פיל מינים, וועלכע פלעגען פריהער לעבען אין גע־זעלשאפטען, קענען איצט געפונען ווערען בלויז אפגעזונדערטהייט: אזוינע ווי די ביבערען אין איראפא. דאס איז פאר זיי דער איינצי־גער וועג צו פארבלייבען אומבאמערקט.

גלייכצייטיג עקזיסטירען אבער אויך פיל מינים, פאר וועמען דער געזעלשאפטליכער לעבען איז זעהר נוצליך. מיר האבען פריהער דערמאנט די וועלף. זיי געהען אויף געיעג באנדעסווייז בלויז דאן, ווען שפייז איז דא זעהר ווענוג, אום ווינטער איבערהויפט. אבער

זומער, ווען מען קען קריגען שפּייז פיל לייכטער, לעבען זיי פאַרלאָכ־ווייז. זייער רויבערישע נאַטור איז אימער געניויגט צו קאַמף און גוואַלדטאַטען, און דערפאַר קענען זיי ניט שטימען, און זיך ניט צו־זאַמענלעבען מיט אַנדערע.

די גראַז־עסענדע חיות זיינען אַ דאַנק דעם כאַראַקטער פון זייער שפּייז, פיל פרידליכער. דאַס פאַרלייכטערט זיי ווייטער זיך צוזאַ־מענקלייבען, אָדער, ריכטיגער, צו פאַרבלייבען צוזאַמען מיט׳ן יונגען דור. ווייל זיי זיינען שוצלאָזער ווי אַנדערע, געפינען זיי אין זייער צוזאַמענלעבען נייע כלי זין אין זייער קאַמף פאַר עקזיסטענץ. די פאַראייניגונג פון אַסך שוואַכע כחות צוזאַמען, קען באַשאַפען אַ נייע גרויסע מאַכט, דורך זייער צוזאַמענלעבען האָבען אַלע, אויך די שוואַ־כע, דעם נוצען וועלכען עס ברענגען די איינצעלנע, באַזונדערס שטאַר־קע יחידים; ווען די שטאַרקסטע קעמפען איצט פאַר זיך, קעמפען זיי גלייכצייטיג אויך פאַר די שוואַכסטע, ווען די מעהר ערפאַרענע זאָרגען וועגען דער אייגענער זיכערהייט און זוכען פאַר זיך בעסע־רע פּלעצער, וואו עס איז לייכטער צו קריגען שפּייז, זאָרגען זיי זיך גלייכצייטיג אויך פאַר די אונערפאַרענע. דאָ ווערט שוין מעגליך איינצופירען אַ צוטיילונג פון אַרבייט צווישען די פאַראייניגטע יחידים, ווי קורץ אַזאַ צוטיילונג זאָל ניט געדויערען פאַרגרעסערט עס אָבער דאָך די מאַכט און זיכערהייט פון דער געזעלשאַפט. עס איז אוממעגליך גלייכצייטיג אי אויפמערקזאַם זיך היטען פאַר שונאים אי רוהיג עסען. אין דער צייט פון שלאָף, צ. ב. ש., מוז יעדער הי־טען זיך אויפהערען. אין אַ געזעלשאַפט אָבער איז גענוג איין וואַכ־מאַן, כדי אַלע זאָלען קענען עסען און שלאָפען רוהיג.

די פאַראייניגונג פון פיל יחידים, פאַרוואַנדעלט זיך אַ דאַנק דער צוטיילונג פון אַרבייט אין אַ קערפּער, וואָס האָט פאַרשידענע אָרגאַ־נען, וועלכע פירען אַלע אויס איין אַלגעמיינע צוועקמעסיגע אַרבייט. זייער אַלעמענס צוועק איז די אויפהאַלטונג פון גאַנצען קערפּער, די פאַראייניגונג ווערט אַן אָ ר ג אַ נ י ז ם. דערפון אָבער פאָלגט נאָך ניט. אַז דער נייער אָרגאַניזם (די געזעלשאַפט) איז פונקט אַזאַ סאָרט אָר־

נאַניזם ווי דער טהירישער אָדער פון די פלאַנצען: פאַרקערט. ער איז אַן אָרגאַניזם פון אַ גאַנץ באַזונדערען סאָרט, און צווישען איהם און די פריהער אַנגערופענע צוויי—איז דאַ פונקט אַזאַ גרויסער אונטערשיד ווי צווישען אַ חיה און אַ פלאַנץ. די חיה, פונקט אַזוי גוט ווי אַ פלאַנץ, באַשטעהט פון צעלען. וועלכע האָבען ניט קיין אייגענעם באַוואוסט־זיין אָדער באַוועגונג — די געזעלשאַפט אָבער באַשטעהט פון יחידים, וועלכע זיינען באַשאַנקען מיט ביידע זאַכען. פון דער צווייטער זייט האָט דער לעבעדיגער אָרגאַניזם אַלס גאַנצער, די פעהיגקייט פון זעלבסט־באַוועגונג און באַוואוסטזיין, אָבער די געזעלשאַפט, אַזוי גוט ווי דער אָרגאַניזם פון דער פלאַנץ — האָט דאָס ניט. די יחידים, פון וועלכע די געזעלשאַפט באַשטעהט, קענען אָבער איבערגעבען צו איינצעלנע מיטגלידער די אויספירונג פון מאַנכע פונקציעס, אַ דאַנק וועלכע די געזעלשאַפטליכע כחות ווערען אונטערטעניג צו איין ווילען און רופען אַרויס האַרמאָנישע באַוועגונגען אין דער געזעלשאַפט.

דער בונד צווישען יחיד און געזעלשאַפט איז פיל שוואַכער ווי צווישען אַ צעל און דעם גאַנצען אָרגאַניזם פון אַ חיה אָדער אַ פלאַנץ. דער יחיד קען זיך אַנטזאַגען פון איין געזעלשאַפט און זיך אַנשליסען אַן אַ צווייטער, ווי מיר קענען דאָס זעהן פון דער עמיגראַציע. פאַר אַ צעל, אָבער, איז דאָס ניט מעגליך: פאַר איהר איז זיך אָפּטיילען פון דאָס גאַנצע — די זעלבע זאַך ווי שטאַרבען אַן אויסנאַהם זיינען בלויז עטליכע געצעהלטע צעלען, ווי צ. ב. ש. די קערנער און אייער אין דעם רעפּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. די געזעל־שאַפט קען אויך אונגעשטערט אַריינעמען אין זיך נייע יחידים. אַהן וועלכע עס איז ענדערונגען אין איהרע פאָרמען, פאַר דעם לעבעדיגען קערפּער אָבער איז דאָס אינגאַנצען אוממעגליך. אַם ענדע, קענען די יחידים, וועלכע שטעלען צוזאַמען די געזעלשאַפט, אין געוויסע פאַלען, ענדערען די אָרגאַנען און אָרגאַניזאַציע פון דער געזעלשאַפט, דאָס איז אַבסאָלוט ניט מעגליך אין דער וועלט פון חיות אָדער פלאַנצען.

אויב אַלזאָ די געזעלשאַפט איז אַן אָרגאַניזם, איז זי אָבער ניט קיין טהירישער אָרגאַניזם. זוכען צו דערקלערען וועלכע עס איז ניט איז באַזונדערע ערשיינונגען אין דער געזעלשאַפט, צ. ב. ש. פּאָלי־

טישע, דורך די געזעצן פון טהירישע ארגאניזמען, איז פונקט אזוי זינלאז, ווי צו דערקלערען אלע אייגענשאפטען פון טהירישען ארגא־ניזם דורך די געזעצן פון פלאנצען־לעבען. דאס, פארשטעהט זיך, שליסט ניט אויס די מעגליכקייט, אז די פארשידענע ארגאניזמען זא־לען האבען געוויסע געמיינשאפטליכע שטריכען.

דער געזעלשאפטליכער ארגאניזם, פונקט אזוי ווי דער טהירי־שער, וועט פיל לייכטער איבערהאלטען דעם קאמף פאר עקזיסטענץ, וואס מעהר איינהייט עס וועט זיין אין זיינע באוועגונגען, וואס שטאר־קער עס וועט זיין דער צוזאמענבונד פון זיינע טיילען, און וואס מעהר הארמאניע עס וועט צווישען זיי הערשען. די געזעלשאפט אבער האט ניט קיין געזונטען סקעלעט, וועלכער זאל אויפהאלטען די ווייכערע טיילען, ניט קיין פאראייניגענדע פעל, ניט קיין בלוט־צירקולאציע, וועלכע זאל שפייזען אלע טיילען, ניט קיין הארץ וואס זאל רעגולי־רען אלעס, ניט קיין מארך וואס זאל צוגעבען אן איינהייטליכקייט פאר זיין דערקענטניש, ווילען און באוועגונגען. זיין איינהייטליכ־קייט אין הארמאניע, פונקט ווי זיין צונויפגעבונדענקייט, שטאמט ארויס בלויז פון די טאטען און פארלאנגען פון זיינע מיטגלידער. אבער די איינהייט פון די פארלאנגען וועט אלין מעהר פארזיכערט ווערען, וואס מעהר עס וועט ארויסשטראמען פון איין שטארקען אינסטינקט.

ביי די לעבעדיגע מינים, ביי וועלכע די געזעלשאפטליכע פאר־איינינונג ווערט א מעכטיגער כלי־זין אין זייער קאמף פאר עקזיס־טענץ, אנטוויקעלט אט די פאראייניגונג גופא געזעלשאפטליכע, סאציאלע אינסטינקטען, וועלכע דערגרייכען ביי מאנכע מינים אין יחידים צו אזא מערקווירדיגער קראפט, אז זיי זיינען בכח צו ארי־בערשטייגען דעם אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאלטונג און רעפרא־דוקציע, אויב די לעצטע קומען אין א קאנפליקט מיט זיי.

דעם אנהויב פון די סאציאלע אינסטינקטען קענען מיר זוכען אין דעם אינטערעס, וועלכער ווערט געשאפעןביים יחיד צו זיינע מיט־מענשען, א דאנק דעם פשוט'ען פאקט פון צוזאמענלעבונג, א דאנק דעם וואס ער איז צו זיי צוגעוואהנט פון קינדהייט אן. פון דער צווי־

# די עטיק

טער זייט מוזען אנטשטעהן קירצערע אדער לענגערע, אינטימע פארבינדונגען צווישען פארשידענע יחידים פון זעלבען מין, א דאנק דער רעפראדוקציע און זארג פאר די יונגערע דורות. פונקט ווי אט די פארבינדונגען זיינען געווען דער אויסגאנגס־פונקט פאר די געזעלשאפטען, אזוי קענען די אימפולסען, וועלכע זיינען אין איינקלאנג מיט זיי, דינען אלס אויסגאנגס־פונקט פאר דער אנטוויקלונג פון די סאציאלע אינסטינקטען.

די אינסטינקטען קענען זיין אפהענגיג אן פארשידענע לעבענסבאדינגונגען, פארשידען ביי פארשידענע מינים, עס זיינען אבער דא א גאנצע רייהע אינסטינקטען, וועלכע זיינען די באדינגונגען פאר דער אויפבליהונג פון יעדער סארט געזעלשאפט. אזא אינסטינקט איז קודם כל געוויס ד י ז ע ל ב ס ט ־ א ו י פ א פ ע ר ו נ ג, די איבערגעגעבענהייט צו דער געזעלשאפט. נאך דעם קומט מ ו ט י ג ק י י ט, ביים פארטיידיגען די אלגעמיינע אינטערעסען, ט ר י י ה י י ט צו דער געזעלשאפט, דאס אונטערווארפען זיך אונטער דעם געזעלשאפטליכען ווילען, דאן קומט געהארכזאמקייט און דיסציפלין, א ו י פ ־ ר י כ ט י ג ק י י ט צו דער געזעלשאפט. אפנארענדיג, אדער געבענדיג פאלשע סיגנאלען, שטעלסטו אין געפאר די געזעלשאפט, אדער פארשווענדעסט איהרע כחות, און אם ענדע א מ ב י צ י ע, דאס פיהלען פון געזעלשאפטליכען לויב אדער פארוואורף. די אלע זיינען סאציאלע אינסטינקטען, וועלכע מיר געפינען שוין אויך אין די טהירישע געזעלשאפטען, וואו זיי זיינען אפט גאנץ בולט אויסגעדריקט.

אבער אט די סאציאלע אינסטינקטען זיינען דאך ניט קיין אנדערע זאך ווי די העכסטע טוגענדען, וועלכע שטעלען צוזאמען דעם סכום פון דעם מאראלען געזעץ. אפשר פעהלט דא דער געפיהל פון גערעכטיגקייט, ד. ה. דער שטרעבען צו גלייכהייט. אין די טהירישע געזעלשאפטען קען זיך אט דער געפיהל נאטירליך ניט אנטוויקלען, ווייל זיי ווייסען בלויז אזוינע אונגלייכהייטען, וועלכע זיינען נאטירליכע און אינדיווידועלע, אבער ניט אזעלכע, וואס זיינען ארויסגערופען געווארען דורך געזעלשאפטליכע באדינגונגען. דער מאראלער

# קאַרל קאַוטסקי

געזעץ, לויט וועלכע דיין חבר טאָר קיינמאָל פאַר דיר ניט זיין קיין מיטעל צו אַ ציל. וועלכע אונזערע קאַנטיאַנער רעכענען פאַר דעם גרעסטען פאַרדינסט פון קאַנט'ס געניאַליטעט, און פאַר דער „מאָראַלער פּראָגראַם פון יעדער נייער צייט, אין דער גאַנצער צוקונפטיגער וועלט־געשיכטע" איז אין דער טהירישער געזעלשאַפט אַ זעלבסט פאַרשטענדליכע זאַך. בלויז די אַנטוויקלונג פון דער מענשליכער געזעלשאַפט האָט באַשאַפען די באַדינגונגען, אונטער וועלכע דער מיטמענש איז געוואָרען אַ פּשוט'ע געצייג פאַר די אינטערעסען פון אַ צווייטען.

דאָס וואָס עס האָט זיך קאַנט'ען אויסגעוויזען אַלס די שאַפונג פון דער העכערער וועלט פון די גייסטער, איז בעצם אַ פּראָדוקט פון דער טהירישער וועלט. אַז די סאָציאַלע אינסטינקטען זיינען ענג צוזאַמענגעוואַקסען מיט דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, און אַז אין אַנפאַנג האָבען זיי געדינט בלויז פאַר דער דערהאַלטונג פון מין, קען מען זעהן אפילו פון דעם, אַז זייער ווירקונג ווערט אָפט אויסגעשפּרייט בלויז אויף די יחידים, וועמעס אויפהאַלטונג עס איז נוצליך פאַר דעם גאַנצען מין. אַ גאַנצע רייהע פון חיות, וועלכע זיינען מקריב זייערע לעבענס, כדי צו ראַטעווען זייערע קינדער, אָדער זייערע שוואַכערע חברים, דער'הרג'ענען ניט פאַרטראַכטענדיג זיך זייערע קראַנקע אָדער אַלטע חברים, וועלכע זיינען שוין נוצלאָז פאַר דער דערהאַלטונג פון דעם מין, אָדער וועלכע פאַלען צו לאַסט דער געזעלשאַפט. דער „מאָראַלער געפיהל", די „סימפּאַטיע", ווערען אויף אָט די עלעמענטען ניט אויסגעשפּרייט. פיל ווילדע שבטים טוען דאָס זעלבע.

דער מאָראַלער געזעץ איז ניט קיין אַנדער זאַך ווי דער אינסטינקט פון דער חיה. דערפון נעמט זיך זיין געהיימניספולע נאַטור, פון דאַנען נעמט זיך אָט די אינערליכע שטימע אין אונז, וועלכע שטעהט אין קיין פאַרבינדונג ניט מיט קיין דרויסענדיגען אימפּולס, אָדער מיט וועלכע עס איז אינטערעסען: דאָס איז יענער דעמאָן — אָדער גאָט, וועמעס אַנוועזענהייט האָבען געפיהלט אין זיך די אַלע מאָראַליסטען, וואָס האָבען ניט געוואָלט זייער עטיק באַגרינדען אויף עגאָאיזם אָדער פאַרגעניגען. עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז אָט דער

אינסטינקט איז א זעהר געהיימניספולער, אבער דאך ניט מעהר גע־היימניספול פון דער געשלעכטליכער און מוטער־ליעבע, פון דעם אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאלטונג און דעם עצם פון ארגאניזם בכלל, און פיל אנדערע זאכען, וועלכע געהערען צו דער וועלט פון „ערשיינונגען", וועלכע קיינעם וועט זיכער ניט איינפאלען צוצורע־כענען צו דער איבער־זינליכער וועלט.

דער פאקט וואס דער מאראלער געזעץ איז פונקט אזא לעבענס־אינסטינקט, ווי דער אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאלטונג און רע־פראדוקציע, דערקלערט אונז דעם עצם פון זיין מאכט איבער אונז, דאס דערקלערט אונז זיין צוואנג, אונטער וועלכען מיר ווארפען זיך אונטער, ניט איבערטראכטענדיג. דאס איז די אורזאך פון אונזערע שנעלע אורטיילען, וועלכע מיר גיבען ארויס אין יעדען פאל באזונדער וועגען דער גוטסקייט אדער שלעכטסקייט פון א געוויסען טאט; דער־מיט דערקלערט זיך אויך די פעסטקייט און ענערגישקייט פון אונזערע מאראלע אורטיילען, און דאס איז די אורזאכע ווארום עס איז זיי אזוי שווער צו באגרינדען, ווען דער שכל הויבט נאר אן זיי אנאלי־זירען און זוכען זייערעווארצלען. ערשט דאן קומט מען סוף כל סוף צום שלום, אז אלץ פארשטעהן — מיינט אלץ פארגעבען, אז אלץ איז נויטוועגדיג, אז קיין זאך איז ניט גוט און ניט שלעכט.

אונזערע מאראלע אורטיילען, אזוי גוט ווי אונזער געפיהל פון פ ל י כ ט און ג ע ו ו י ס ע ן, קומען ארויס, פונקט ווי דער מאראלער געזעץ, ניט פון אונזער דערקענטעניש, נאר פון אונזער אינסטינקטיווען לעבען.

די סאציאלע אינסטינקטען דערגרייכען ביי מאנכע מינים אזא מאכט, אז זיי ווערען שטארקער ווי אלע אנדערע. ווען זיי טרעטען אריין אין א קאנפליקט מיט די איבעריגע, דאן טרעטען זיי ארויס אלס פ ל י כ ט ע ן. דאס אבער שטערט ניט, אז א וועלכער עס איז בא־זונדערער אינסטינקט, ווי צ. ב. ש. דער אינסטינקט פון זעלבסט־דער־האלטונג אדער רעפראדוקציע, זאל אויף א באשטימטער צייט קריגען די אויבערמאכט, ווערען שטארקער ווי דער סאציאלער אינסטינקט און איהם באזיגען. אזוי שנעל ווי יעדע געפאר פארשווינדט, פארשווינדט

אויך דער אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאלטונג, פונקט אזוי פאר־שווינדט אויך דער אינסטינקט פון רעפראָדוקציע, נאָך דעם ווי דער נויטיגער אקט איז פאראיבער. דער סאָציאַלער אינסטינקט אבער פארבלייבט ווי פריהער, און הערשט ווייטער איבער׳ן יחיד און ווירקט אויף איהם אלס ש ט י מ ע פ ו ן ג ע ו ו י ס ע ן אָדער ח ר ט ה. די מיינונג, אז דער געוויסען איז בלויז די מורא פאר די מיטמענשען און זייערע מיינונגען, אדער די מורא פאר פיזישען צוואנג, איז דורכאויס א פאלשע. דער געוויסען לאָזט פון זיך הערען אויך אין דעם פאל ווען פון דעם שלעכטען טאָט וועט קיינער קיין מאָל ניט וויסען, נאָך מעהר, גאנץ אָפט פיהלט מען געוויסענסביסע פאר טאָטען, וועלכע אלע אנדערע מענשען האלטען פאר זעהר לויב־ווירדיג, דאס קען זאָגאר אמאָל זיך ארויסווייזען אין א פאראכטונג צו אזוינע טאָטען, וועלכע ווערען אונטערנומען בלויז אויס מורא פאר איינעמס מיטמענשען, און זייער עפענטליכער מיינונג.

די געזעלשאַפטליכע מיינונג, לויב און פארוואורף, זיינען אָהן צווייפעל זעהר איינפלוסרייכע פאקטאָרען, אבער זייער ווירקונג זעצט פאראויס א געוויסען סאָציאלען אינסטינקט: אמביציע; שאפען אבער אליין סאָציאלע אינסטינקטען קענען זיי ניט.

מיר האָבען קיין שום גרונד ניט צו דענקען, אז בלויז דער מענש האָט א געוויסען, עס וואָלט אונז זעהר שווער אָנגעקומען צו דער־קענען עס אפילו ביים מענשען, ווען יעדער איינער וואָלט עס ניט געפיהלט אין זיך. דער געוויסען ווייזט זיך דאָך קיינמאָל ניט אַרויס אָפען, נאָר שטענדיג אין דער טיפעניש פון אונזער נשמה. ניט קו־קענדיג אבער אויף דעם, נעמען פיל פאָרשער אָן, אז אויך ביי חיות איז דאָ א סאָרט געוויסען. אין זיין בוך „די אנטשטעהונג פון מענ־שען“ זאָגט דארווין:

„אויסער ליעבע און סימפּאטיע, ווייזען די חיות ארויס נאָך אנדערע אייגענשאפטען, וועלכע מיר וואָלטען אין מענשען אָנגערופען מאָראלע, און איך שטים איין מיט אגאסיז׳ען, אז הינט באזיצען עט־וואס, וואס איז זעהר ענליך צו א געוויסען. הינט זיינען, אָהן צוויי־פעל, באשאנקען מיט א כח פון זעלבסט־קאנטראל, וועלכער איז ניט

איינגאנצען דער רעזולטאט פון מורא. ווי בראובאך האט שוין באַ־מערקט, האלט זיך א הונט איין פון גנב'ענען שפייז, דאן ווען זיין באלעבאס איז ניטא אין דער היים."

אויב דער געוויסען און די געפיהלען פון פליכט זיינען רעזולטא־טען פון א דויערהאפטער איבערהערשאפט פון די סאציאלע אינס־טינקטען ביי פילע לעבעדיגע מינים, און אויב אט יענע אינסטינקטען זיינען עס די, דורך וועלכע די יחידים פון א געגעבענעם מין ווערען באשטענדיגער און דויערהאפטער באשטימט, אין דער צייט וואס די אנדערע אינסטינקטען וואקלען זיך אפט, איז אבער דער כח פון די סאציאלע אינסטינקטען פון אזא וואקלעניש אויך ניט אינגאנצען פריי. איינע פון די מערקווירדיגסטע ערשיינונגען איז דאס, וואס די אינטענסיוויטעט פון די סאציאלע אינסטינקטען ביי חיות ווערט שטארקער, אזוי שנעל ווי זיי פאראייניגען זיך אין גרויסע אגרעגאטען. אזוי צ. ב. ש. איז עס שוין פון לאנג באקאנט אז אין א גרויסער פאר־זאמלונג הערשט אן אנדער שטימונג, ווי אין א קליינער, און אז א גרוי־סער עולם באגייסטערט דעם אראטאר. ניט נאר זיינען מענשען מו־טיגער, ווען זיי זיינען א סך צוזאמען, (דאס וואלט מען געקענט דער־קלערען דערמיט, וואס יעדער איינער האט אויף א גרויסער שטיצע פון זיין חבר,) נאר זיי זיינען אויך גרויסמוטיגער, מעהר זעלבסט־אויפאפפערענד און מעהר ענטהוזיאסטיש. אמת, ווען זיי בלייבען ווי־דער אליין, טרעפט אפט, אז זיי ווערען נאך ניכטערער, עגאאיסטי־שער און פחדנ'ישער ווי פריהער. דאס איז אמת ניט נאר בנוגע מענ־שען, נאר אויך בנוגע סאציאלע טהירען.

אין זיין בוך „די געזעלשאפט ביי חיות" ציטירט עספינאס א באאבאכטונג וועלכע פארעל האט געמאכט:

„די מוטיגקייט פון יעדען שוואלב ווערט פארגרעסערט אין דער פראפארציע צו דער צאל פון זיינע חברים און פריינד, און פארקלע־נערט זיך אין פראפארציע צו זיין אפגעזונדערטקייט פון די איבעריגע. א מיטגליד פון א געדיכט באזעצטען שוואלבען־נעסט איז פיל מוטי־גער ווי א צווייטער, וועלכער וואהנט אין א נעסט מיט גאנץ ווענ[יג] איינוואהנער. דער זעלבער שוואלב, וואס איז בארייט צעהן מאל

צו שטארבען צווישען זיינע חברים, איז זעהר פחדנ׳יש, און אנטלויפט פון יעדער געפאר, אנטלויפט אפילו פון א פיל שוואכערען שוואלב, אזוי שנעל ווי ער איז אוועק א צוואנציג טריט פון זיין היים.״

דאס מיינט ניט, אז מיט א שטארקער אנטוויקעלטען סאציאלען געפיהל מוז זיין פארבינדען א העכערע דערקענטעניש־פעהיגקייט. פארקערט, די אינסטינקטען פארטונקלען זאגאר אביסעל די פינקט־ליכקייט פון באאבאכטונג פון דער אויסערליכער וועלט. מערסטענס גלויבט מען גערען אין דאס, וואס מען וויל גלויבען, אבער גאנץ אפט שרייט מען אויך זעהר שטארק איבער דאס פאר וואס מען שרעקט זיך. א דאנק די אינסטינקטען, צייגען זיך אונז אוים מאנכע זאכען פאר צו גרויס און אנדערע פאר זעהר נאהענט, און נאך אנדערע ווע־רען אינגאנצען איגנארירט. עס איז באקאנט, אז דער אינסטינקט פון רעפראדוקציע, קען אויף א צייט פארבלענדען און טויב מאכען מאנכע חיות. די סאציאלע אינסטינקטען, וועלכע ערשיינען ניט אזוי אינטענסיוו און ניט אין אזא שארפער פארמע, פארבלענדען אלס א כלל ווייניגער די דערקענטעניש פעהיגקייטען, אבער אונטער געווי־סע אומשטענדען, קענען זיי אויסאיבען אויף די לעצטע א זעהר גרוי־סען איינפלוס. עס איז גענוג צ. ב. ש. צו דערמאנען די דיסציפלין און איבערגעבענהייט ביי שעפסען, וועלכע פאלגען נאך בלינד נאכ׳ן באק, וואוהין ער זאל ניט געהן.

דער מאראלער געזעץ קען פונקט אזוי גוט אפנארען אונזער דער־קענטעניש, ווי יעדער אנדער אינסטינקט. ער אליין איז ניט דער רע־זולטאט און ניט דער שעפער פון פארנונפט. דאס אזוי גערופענע הויכע און געטליכע אין אונז באלאנגט צו דערזעלבער קאטעגאריע ווי דאס ערדישע און טייפעלשע. די נאטור פון דעם מאראלען געזעץ איז די זעלבע ווי די נאטור פון דעם אינסטינקט פון רעפראדוקציע. קיין זאך קען ניט זיין לעכערליכער, ווי דאס זינגען לויב צום ערשטען און זיך אפקערען מיט עקעל און פאראכטונג פון צווייטען. אבער עס איז פאלש צו דענקען, אז דער מענש כוז און קען פאלגען אלע זיינע אינס־טינקטען, אז איינער פון זיי איז פונקט אזוי גוט ווי דער אנדערער. דאס לעצטע איז בלויז אמת אויף ווי פיל מען קען קיין אינסטינקט ניט

פארדאמען. דאס מיינט אויך ניט, אז זיי קענען ניט קומען אין קאָנ־פליקט איינס מיט דאס צווייטע. וועלכער פון זיינע אינסטינקטען עס זאָל אין אַ געגעבענעם מאָמענט זיגען, וואָס וועלען זיין די פאָלגען פון אָט דעם זיג פאר'ן יחיד און פאר דער געזעלשאפט, איז אפּהענגיג פון זעהר אסך אומשטאנדען. אין דעם קען ניט העלפען ניט די עטיק פון פארגעניגען, און ניט די עטיק פון דעם מאָראַלען געזעץ, וועלכע שטעהט אויסער צייט און פּלאַץ.

אויב אבער דער מאָראַלער געזעץ איז א סאָציאַלער אינסטינקט, וועלכער איז אין אונז אויסגעארבייט געוואָרען, פּונקט ווי אַלע אַנ־דערע אינסטינקטען, אין דעם קאמף פאר דער עקזיסטענץ, דאן פאר־לירט די איבערנאַטירליכע וועלט יעדע שטיצע אין דעם מענשליכען געדאַנק. שוין די נאַטור־פילאָסאָפיע האָט ארונטערגעזעצט פון טראָן די איינפאכע פּאָליטעאיסטישע געטער. אויב עס האָט, ניט קוקענדיג דארויף געקענט אנטשטעהן א נייע פילאָסאָפיע, וועלכע האָט ניט נאָר פון דאָס ניי אויפגעוועקט דעם גלויבען אין גאָט און אין דער איבערזינליכער וועלט, נאָר האָט נאָך איהר שטארקער און פעסטער באַ־גרינדעט ווי דאָס האָבען געטאָן פּלאַטאָן אין אַלטערטום און קאַנט ערב דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, איז די אורזאכע דערפון געווען דער מאָראַלער געזעץ, וועלכען עס איז ניט געגוג געווען צו דערקלע־רען דורך פארגעניגען און „מאָראַלען געפיהל" — די איינציגע „נאַ־טירליכע" אורזאכען, וועלכע מען האָט פאר זיין דערקלערונג געפונען. דארווין האָט געמאכט אַן ענדע צו דער צוטיילונג פון מענשען, אויף אַ נאַטירליכער חיה פון איין זייט, און איבערנאַטירליכען הימעל־ווע־זען פון דער צווייטער.

דאָס האָט נאָך אבער ניט געלייזט די גאנצע עטישע פּראָבלעם. דורך דער הילף פון די סאָציאַלע אינסטינקטען איז לייכט צו דער־קלערען דעם מאָראַלען צוואנג, די פליכט און דעם געוויסען. אזוי גוט ווי די גרונד־טיפּען פון טוגענד. מען קען אבער דורך זיי ניט דער־קלערען דעם מ אָ ר אַ ל ע ן  א י ד ע אַ ל. אין דער טהירישער וועלט קען מען קיין סמן דערפון ניט געפינען. בלויז דער מענש איז בכח צו שאפען פאר זיך אידעאלען און שטרעבען צו זייער פאר־

ווירקליכונג. פון וואַנען אָבער נעמען זיי זיך? זיינען זיי פאַראָרדענט געוואָרען צום מענש פון אייביג אָן אַלס אַ געזעץ פון דער נאַטור, אָדער פון אייביגען שכל, אַלס עטוואָס וואָס דער מענש אַליין שאַפט ניט, נאָר וועלכע טרעטען אַרויס אַלס הערשענדע מאַכט איבער איהם, און צייגען איהם די צילען, צו וועלכע ער מוז קומען אַלײן נעהענטער און נעהענטער? דאָס איז, בעצם, געווען דער בליק פון אַלע דענקער פון 18טען יאָרהונדערט; פון די אַטעאיסטען, אַזוי גוט ווי פון די דעאיסטען, פון די מאַטעריאַליסטען, אַזוי גוט ווי פון די אידעאַליסטען; אָט דער בליק איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אפילו ביי די אויסגעהאַל־טענסטע מאַטעריאַליסטען אין אַ טענדענץ אָנצונעמען אָן איבערנאַ־טירליכע קראַפט, וועלכע, הגם זי האָט קיין שום געמיינשאַפטליכעס מיט דער נאַטור, שוועבט איבער דער מענשליכער געזעלשאַפט. די אידעע פון עוואָלוציע אין דער מענשליכער און טהירישער וועלט, האָט אַזאַ סאָרט אידעאַליזם, אין דעם מויל פון אַ מאַטעריאַליסט, פאַר אַן אונזין.

דערווייל אָבער, נאָך איידער דאַרווין האָט באַגרינדעט זיין עפּאָ־כע מאַכענדע טעאָריע, איז אַנטשטאַנען די לערע, וואָס האָט אויפ־געדעקט דעם סוד פון מ אַ ר אַ ל ע ן  א י ד ע אַ ל, דאָס איז גע־ווען די לערע פון מ אַ ר ק ס און ע נ ג ע ל ס.

## פינפטער קאפיטעל.

# די עטיק פון מאַרקסיזם.

### 1. די וואַרצלען פון דער מאַטעריאַליסטישער אויפפאַסונג פון דער געשיכטע.

דער שנעלער וואוקס פון די נאַטור־וויסענשאַפטען, זינט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, איז ענג פאַרבונדען מיט דער אויפבליהונג פון קאַפּיטאַליזם, וואָס האָט זיך דאַן אַנגעהויבען. די קאַפּיטאַליסטישע גרויס אינדוסטרי שטיצט זיך אַלין מעהר און מעהר אויף דער נאַטור־וויסענשאַפט, זי איז דערפאַר פאַראינטערעסירט, אז דער לעצטער זאָלען ניט פעלען קיין מיטלען און מענשען. די נייע טעכניק גיט דער וויסענשאַפט ניט נאָר נייע געגענשטאַנדען נאָר אויך נייע מעטאָדען. דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרקער האָט איהר אויך געגעבען ניט װעניג מאַטעריאַל. אויף דעם האָט די נאַטור־וויסענשאַפט צוגעקריגען כחות און מיטלען פאַר דער זיגרייכער דורכפירונג פון דער עוואָלוציאָנס אידעע.

נאָך אַ גרעסערע באַדייטונג ווי פאַר דער נאַטור־וויסענשאַפט האָט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע געהאַט פאַר דער געזעלשאַפטס וויסענשאַפט, פאַר די אַזוי גערופענע גייסטיגע וויסענשאַפטען. ביי אייניגע פאָרשטעהער פון דער נאַטור־וויסענשאַפט האָט די עוואָלוציאָנס־אידעע נאָך פריהער געקריגען אַ מעכטיגען אויסדרוק. אין די גייסטיגע וויסענשאַפטען אבער, האָט מען איהר, ביז דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע געקענט געפינען בלויז אין אַן אנפאַנגליכער

פּאַרמע. ערשט נאָך דער רעוואָלוציע האָט זי זיך געקענט אין זיי אנטוויקלען.

ביז דער רעוואָלוציע זיינען די גייסטיגע וויסענשאַפטען — ווי פילאָסאָפיע, רעכט, געשיכטע, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, — געווען פאַר דער בורזשואַזיע פריהער פון אַלץ אַ קאַמפּס־מיטעל געגען די הער־שענדע פּאָליטישע און סאָציאַלע כחות, וועלכע זיינען איהר געווען פיינדליך, און וועמעס וואָרצלען זיינען געווען אין דער פאַרגאַנגענ־הייט. דיסקרעדיטירען די פאַרגאַנגענהייט און אין געגענזאַץ צו איהר ארויסשטעלען די נייע, אָנקומענדע צילען פון דער בורזשואַזיע אַלס דאָס איינציג גוטע און נוצליכע — דאָס איז געווען די הויפּט אויפגאַבע פון דער דאַמאָלסטדיגער וויסענשאַפט.

זינט פון דער רעוואָלוציע האָט זיך דאָס געענדערט. זי האָט דער בורזשואַזיע געגעבען דאָס סאַמע וויכטיגסטע, וואָס איז געווען פאַר איהר נויטיג. גלייכצייטיג, אָבער, האָט זי פאַר איהר אויך אויפגע־דעקט נייע סאָציאַלע כחות, וועלכע האָבען געוואָלט געהן ווייטער פון איהר, געפאָדערט מעהר ווי דאָס וואָס די רעוואָלוציע האָט געגע־בען. אַט די נייע כחות האָבען זיך איהר אויסגעצייגט צו זיין גע־פערליכער ווי די אַלטע באַזיגטע. צו קומען צו אַ פאַרשטענדעניש מיט די לעצטע, איז געוואָרען דאָס וויכטיגסטע פאַר דער בורזשואַזער פּאָליטישער חכמה. פאַר דעם צוועק איז אָבער נויטיג געווען, אַז זייי־ערע אורטיילען וועגען דער פאַרגאַנגענהייט זאָל ביסלאַכווייז ווערען מילדער.

פון דער צווייטער זייט האָט די רעוואָלוציע שטאַרק אַנטוישט די אידעאָלאָגען. ווי גרויס עס זאָל ניט געווען זיין דער ערפאָלג פון דער בורזשואַזיע, האָט זי פאָרט ניט באַרעכטיגט די אַלע האָפענונ־גען, וועלכע זיינען געלייגט געוואָרען אויף איהר. זי האָט ניט גע־בראַכט די קעניגרייך פון „מאַראַל“, דעם אַלגעמיינעם וואָלזיין און גליק, וועלכע זיינען ערוואַרטעט געוואָרען אַלס רעזולטאַט פון דעם זיעג איבער דער אַלטער אָרדענונג. קיינער האָט מעהר ניט געוואַגט צו האָפען אויף דאָס נייע, וואָס מעהר עס איז געווען אונצופרידענ־שטעלענד די געגענוואַרט, אַלץ מעהר שרעקליכער זיינען געווען די

# די עטיק

עראינערונגען פון דער נאָהענטער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע האָט די געגענוואַרט באַשאַפען, אַליין שעהנער האָט אויסגעזעהן די ווייטע פאַרגאַנגענהייט. ווי באַקאַנט, האָט דאָס אין דער קונסט באַשאַפען דעם ראָמאַנטיזם. אַן ענליכע ריכטונג איז אויך אַנטשטאַנען אין די גייסטיגע וויסענשאַפטען. עס הייבט זיך אָן די אויספאָרשונג פון דער פאַרגאַנגענהייט, אָבער שוין ניט מעהר כדי איהר פּ אַ ר אָ ו ר ט ײ ־ ל ע ן, נאָר כדי איהר צו פאַרשטעהן, ניט כדי אויפדעקען דעם א ו נ ז י ן אין איהר, נאָר כדי צו באַווייזען פּ אַ ר נ ו נ פ ט י ג־ ק ײ ט.

אָבער די רעוואָלוציע האָט איהר אַרבייט געטאָן צו גוט, אַז עמיצער זאָל קענען חלומ'ען וועגען אויפשטעלען צוריק די צושטערטע באַדינגונגען. אויב אַפילו דאָס פאַרגאַנגענע איז געווען פאַרנונפטיג, האָט מען אָבער געמוזט צוגעבען, אַז ד אָ ס א י ז ג ע ו ו אָ ר ע ן אומפאַרנונפטיג און אומערטרעגליך. אויף דעם אופן האָט דאָס פאַר־נונפטיגע און נויטווענדיגע אין דער געזעלשאַפט אויפגעהערט זיין עטוואָס אומפאַרענדערליכעס. עס אַנטשטעהט דער געדאַנק וועגען דער געזעלשאַפטליכער אַנטוויקלונג. (סאָציאַלע עוואָלוציע).

פריהער ווי אומעטום האָט זיך דאָס באַוויזען אין דער אויספאָר־שונג פון דער פאַר־רעוואָלוציאָנערער דייטשלאַנד. אין דייטשלאַנד איז דער דערמאָנטער פּראָצעס אַריבערגעגאַנגען אומבאַמערקבאַרער ווי אומעטום. דער רעוואָלוציאָנערער געדאַנק איז אין דייטשלאַנד ניט אַריינגעדרונגען אַזוי טיף, האָט דאָרט ניט געלאָזען אַזוינע טיפע וואָרצלען ווי אין פראַנקרייך; די רעוואָלוציע האָט ניט געווירקט אַזוי שטאַרק און האָט וועניגער אויפגעטרייסעלט די כחות און אָנ־שויאונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט; און איבערהויפט איז זי געווען מעהר אַ חרוב־מאַכענדע ווי אַ באַפרייענדע.

אָבער, צו דער אויספאָרשונג פון דער פאַר־רעוואָלוציאָנערער דייטשלאַנד, זיינען באַלד צוגעקומען אויספאָרשונגען פון אַנדערע ענ־ליכע עפּאָכען. אין אַמעריקאַ, האָט די יונגע רעגירונג פון די פאַראיי־ניגטע שטאַטען, צום אָנפאַנג פון 19טען יאָרהונדערט זיך שוין אַזוי אַנטוויקעלט, אַז דאָרט האָט זיך אויסגעבילדעט אַ באַזונדערער קלאַס

פון אינטעליגענטען, א באזונדערע וויסענשאפט און בעלעטריסטיק. אין וואָס אמעריקא האָט זיך איבערהויפּט אונטערשיידט פון אייראָפּא, איז געווען דער לעבען זייט ביי זייט פון דער אייראָפּייאישער ציוויליזאַציע פון די ווייסע, מיט דעם באַרבאַריזם פון די אינדיאַנער. דאָס איז געוואָרען א געגענשטאַנד, וואָס האָט שטארק צוגעצויגען די קינסטלער און וויסענשאפטס־לייט. קורץ נאָך דער אנטשטעהונג פון דייטשישען ראָמאַנטיזם באוויזט זיך אין אמעריקא דער אינדישער ראָמאַן, און באַלד נאָך דעם די אנטשטעהונג פון דער היסטאָרישער שולע אין דער רעכטס וויסענשאפט, דאָס ווידער־אויפלעבען פון די אלטע לעגענדען און זאגען, און די פארגלייכענדע שפּראַך־פּאָרשונג אין דייטשלאַנד, הויבט זיך אָן די וויסענשאפטליכע אויספאָרשונג פון די סאָציאַלע צושטאַנדען און שפּראַך פון די אינדיאַנער אין אמעריקא.

די באפעסטיגונג פון דער ענגלישער הערשאפט אין מזרח אינדיע האָט שוין פריהער באשאפען א מעגליכקייט, אָדער ריכטיגער, א נויטווענדיגקייט דאָרטען אויסצופאָרשען די שפּראַך, זיטען, און סיסטעם פון רעכט. אין אָנפאַנג פון 19טען יאָרהונדערט ווערט די באקאנטשאפט מיט סאנסקריט שטאַרק פארשפּרייט און דער־גרייכט אויך דייטשלאַנד. דאָס האָט אָוועקגעלעגט דעם פונדאַמענט פאר דער פארגלייכענדער שפּראַך־פּאָרשונג, וועלכע האָט פון איהר זייט מעגליך געמאכט א גאנצע רייהע וויכטיגע אנטדעקונגען וועגען דעם פּרימיטיווען לעבען פון די אינדאָ־גערמאַנישע פעלקער.

דאָס אלעס האָט מעגליך געמאכט אן ערנסטע באציהונג צו די באשרייבונגען, וואָס ציוויליזירטע באָאָבאַכטער האָבען געגעבען וועגען די ווילדע שבטים, אזוי גוט ווי צו די אנטדעקטע געוועהר און געצייג פון די אויסגעשטאָרבענע פעלקער; ביז דאַן האָט מען זיי באַטראַכט בלויז אַלס קוריאָז, איצט אָבער זיינען זיי פאַרוואנדעלט געוואָרען אין מאַטעריאַלען צו פארלענגערען אין דער פארגאַנגענהייט די שוין אזוי אויך לאנגע קייט פון דער מענשליכער אנטוויקלונג, און צו אויספילען פיל פּוסטע בלעמער אין איהר.

אין אָט דער גאנצער היסטאָרישער ארבייט, האָט אבער געפעלט

# די עטיק

דער גענענשטאַנד, וועלכער האָט ביז איצט געהערשט אין דער גאַנ־
צער היסטאָרישער ליטעראַטור; עס האָט געפעלט דער באַמערקונגס־
ווערטהער מענשליכער אינדיווידואום. אין די געשריבענע קוואַלען
פון וואַנען מען האָט ביז יענער צייט אויסשליסליך געשעפּט דעם גאַנ־
צען וויסען פון דער מענשליכער געשיכטע, פלעגט דערמאָנט ווערען
בלויז דאָס אויסערגעוועהנליכע, ווייל דעם היסטאָריקער, וועלכער
האָט דערצעהלט די פּאַסירונגען פון זיין צייט, האָט זיך געדאכט, אז
בלויז דאָס איז וויכטיג. ווער וועט עס נעמען פארשרייבען דאָס גע־
וועהנליכע, אלטעגליכע, אַלעמען באוואוסטע! דער אויסערגעוועהנ־
ליכער מענש, אן אויסערגעוועהנליכע ערשיינונג ווי צ. ב. ש. א מלחמה
אָדער א רעוואָלוציע — בלויז דאָס האָט זיך אויסגעדאַכט פאָר דעם
כראָניקער, איז וואָס עס קען אינטערעסירען די צוקונפטיגע דורות.
דערפאר איז פאר די טראדיציאָנעלע היסטאָריקער, וועמעס אויפגאַ־
בע עס איז אייגענטליך געווען, מעהר אָדער ווייניגער, ריכטיג ארונ־
טערשרייבען די היסטאָרישע קוואַלען, דער גרויסער מענש איז געווען
די באַוועגענדע קראַפט פון דער געשיכטע. אין דער צייט פון פעאָדאַ־
ליזם איז דאָס געווען דער קעניג, דער מיליטערישער קאָמאַנדיר, דער
גרינדער פון א רעליגיאָן און דער גייסטליכער. אין דעם 18טען יאָר־
הונדערט, ווען די בורזשואַזע אינטעליגענץ האָט די אלע אויסגעוועה־
כענטע פארדאמט אלס שולדיגע אין אל־דאָס־בייז, האָט זי דערהויי־
בען דערפאר די פילאָסאָפען אלס געזעצגעבער און לערער, אלס די
אויסשליסליכע טרעגער פון אמת'ן פראָגרעס. דער גאַנצער פּראָג־
רעס אָבער האָט אויסגעקוקט צו זיין א ריין אויסערליכער, א סאָרט
ענדערונג פון בגדים. די עפּאָכע פון דעם גריכישען זיג איבער זיי־
ערע פערסישע אונטערדריקער, וואָס איז אויך די צייט, ווען די היס־
טאָרישע קוואלען און געשיכטס־שרייבעריי איז אמערסטענס אנט־
וויקעלט געוואָרען, איז פאר זיי געווען דער קולמינאַציאָנס־פונקט פון
דער געזעלשאַפטליכער אנטוויקלונג. פון יענער צייט פאַנגט זיך
אָן די פאַנאַנדערפאלונג פון די געזעלשאפטען אין די לענדער, וואָס
ליגען נאָהענט צום מיטעל־לאנדישען ים, און דאָס געהט אַזוי באַרג
אראָפּ, ביז דעם באַרבאַריזם אין דער צייט פון דער פעלקער־וואנדע־

רונג. נאָך דעם געהט די אַנטוויקלונג פון די אייראָפּייאישע פעלקער זעהר לאַנגזאַם. אפילו אין 18טען יאָרהונדערט האָט זיך די געזעל־שאַפט ניט אויפגעהויבען איבער דער אַלטער קלאַסישער וועלט, וועל־כע האָט נאָך אין מאַנכע זאַכען, ווי אין דער פּאָליטיק, פילאָסאָפיע און קונסט געקענט דינען פאַר איהר אַלס ביישפּיל.

די גאַנצע געשיכטע האָט אויסגעזעהן ווי אַן אומאויפהערליכע ענדערונג פון ערשיינונגען, אַן אונענדליכער דרעהען זיך אין דעם זעלבען קרייז, אַזוי ווי אבער די איינצעלנע פּערזענליכקייט קען זיך אימער שטעלען גרויסע צילען, גרעסערע ווי די, וואָס זי קען דער־גרייכען, און אַזוי ווי מערסטענס ווערען אָט די צילען ניט דערגרייכט, האָט אָט דער קרייז אויסגעקוקט ווי אַ שרעקליכע טראַגי־קאָמעדיע, אין וועלכער די בעסטע און שטאַרקסטע מענשען איז אויסגעקומען צו שפּילען אַ זעהר טרויעריגע ראָליע.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס אָבער געווען מיט דער פּרימיטיווער גע־שיכטע. זי, אַזוי גוט ווי איהרע באַזונדערע טיילען, ווי די געשיכטע פון רעכט, די פאַרגלייכענדע שפּראַך־פאָרשונג, די עטנאָגראַפיע, האָט געפונען אין די מאַטעריאַלען וואָס זי האָט געדאַרפט באַאַרבייטען, ניט דאָס אויסערגעוועהנליכע און אינדיווידועלע, נאָר דאָס אַלטעגליכע און געוועהנליכע. אָבער טאַקי אַ דאַנק דעם קען די פּרימיטיווע גע־שיכטע נאָכפאָלגען די ליניע פון דער אומאונטערבראָכענער אַנטוויק־לונג. וואָס מעהר עס פאַרמעהרען זיך די מאַטעריאַלען, וועלכע זי האָט אויפגעזאַמעלט, וואָס מעהר זי קען פאַרגלייכען ענליכעס צו ענליכעס, אַלץ מעהר געפינט זי אויס, אַז די אַנטוויקלונג איז ניט קיין צופעל־ליגע, נאָר אַ געזעצמעסיגע. דער מאַטעריאַל, מיט וועלכען זי באַ־נוצט זיך, באַשטעהט פון איין זייט פון די פאַקטען פון דער טעכ־נישער איינאָרדענונג פון לעבען, און פון דער צווייטער — פון די פאַקטען פון רעכט, זיטען און רעליגיאָן. פעסטשטעלען די געזעצמע־סיגקייט, האָט געמיינט, ניט מעהר און ניט ווייניגער, ווי צו ברענגען די טעכניק אין אַ ו ר ז אַ כ ל י כ ע ר פאַרבינדונג מיט די רעכטליכע, עטישע און רעליגיעזע אַנשויאונגען, ניט שטיצענדיג זיך דערביי אויף אויסערגעוועהנליכע פּאַסירונגען און פּערזענליכקייטען.

# די עטיק

די געזעצמעסיגקייט איז גלייכצייטיג אויך אנטדעקט געווארען דורך דער סטאטיסטיק.

אזוי לאנג ווי די דארף־געמיינדע איז געווען די וויכטיגסטע עקאנאמישע אינסטיטוציע, איז קיין שום באדערפעניש פאר סטאטיסטיק ניט געווען. אין דער דארף־געמיינדע איז געוועהנליך זעהר לייכט געווען פאר יעדען אליין אלץ באאבאכטען. אויב מען האט זיך יע מיט סטאטיסטיק באנוצט, איז עס זעהר צווייפעלהאפט, אויב דאס האט געקענט פירען צו וועלטערע וויסענשאפטליכע באאבאכטונגען. די געזעצמעסיגקייט האט זיך אין אזוינע קליינע צאהלען ניט געקענט ארויסווייזען. דאס האט גדארפט געענדערט ווערען, ווען דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאנס־אופן האט באשאפען דעם מאדערנעם שטאט, וועלכער איז שוין ניט ווי אמאל, פשוט א צונויפזאמלונג פון שטעט און דערפער, נאר אן איינהייטליכער ארגאניזם, וועלכער האט וויכטיגע עקאנאמישע פונקציעס דורכצופירען. אויסער דעם איז אונטער דער ווירקונג פון דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־אופן, ניט נאר דער שטאט פארוואנדעלט געווארען אין אן אינערליכען מארק, נאר עס ווערט אויך גלייכצייטיג אנטוויקעלט דער וועלט־מארק. דאס באשאפט זעהר קאמפליצירטע באציהונגען, וועגען וועלכע עס וואלט זעהר שווער זיין עפעס צו וויסען אהן דער הילף פון דער סטאטיסטיק. אין אנפאנג דינט די סטאטיסטיק פאר ריין פראקטישע צוועקען (פאר דער צונויפזאמלונג פון שטייערען און רעקרוטען, פאר פארזיכערונגס־געזעלשאפטען) זי הויבט אבער באלד אן ארייננדרינגען אין מעהר און מעהר פעלדער פון לעבען, ביז וואנען זי זאמעלט צונויף אזא גרויסע צאהל פון באאבאכטונגען, וועלכע צייגען אויף א געזעץ־מעסיגקייט, וועלכע האט זיך געמוזט ווארפען אין די אויגען פון די, וואס האבען זיך גענומען דעם מאטעריאל באארבייטען. אין ענגלאנד האט זיך שוין אם ענדע פון 17טען יארהונדערט, אין דער צייט פון פעטי, באוויזען די „פאליטישע אריפמעטיק", אין וועלכער די גרעסטע ראליע האט אבער געשפילט די אפשאצונג. אין אנפאנג פון 19טען יארהונדערט זיינען שוין די מעטאדען פון דער סטאטיסטיק געווען גענוג פארפאלקאמט, און די פעל־

דער פון איהר אנוועגדונג זיינען שוין געוועזן אזוי פארשידענאַרטיג. אַז מען האַט שוין געקענט מיט דער גרעסטער זיכערהייט אנטדעקען די געזעצען, וועלכע באהערשען די טאַטען פון גרויסע מאסען מענשען. אין די דרייסיגער יאָרען האָט דער בעלגיער, ק ע ט ל ע, דער ערשטער געמאַכט א פּראָבע צו באַשרייבען אויף דעם אופן די פיזיאָלאָגיע פון דער מענשליכער געזעלשאַפט.

די באַשטימענדע מאָמענטען און די ענדערונגען פון די מענשליכע האַנדלונגען האָבען זיך מערסטענס ארויסגעצייגט צו זיין מאַטעריעלע, געוועהנליך, ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ענדערונגען. אזוי צ. ב. ש. איז באַוויזען געוואָרען, אַז די פארמערונג, אָדער פארמינדערונג פון פארברעכענס, פון זעלבסטמאָרדען און חתונות, איז אָפּהענגיג אַן די פרייזען אויף ברויט.

דאָס מיינט ניט, אַז די עקאָנאָמישע מאָטיווען זיינען די איינציגע אורזאַכע פון חתונות בכלל. עס קען גאָר קיינעם ניט איינפאַלען צו פאררעכענען דעם געשלעכטס־אינסטינקט פאר אַן עקאָנאָמישען מאָטיוו. אבער די ע נ ד ע ר ו נ ג אין דער יערליכער צאָל חתונות, ווערט ארויסגערופען דורך די ענדערונגען אין דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד פון לאַנד.

אייכער די שוין דערמאָנטע נייע וויסענשאַפטען, דארף דאָ נאָך אויך דערמאָנט ווערען וועגען דעם נייעם אופן פון געשיכטס־שרייבעריי בכלל. דער קלאסען כאַראקטער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז געוועזען אזוי קלאָר, אַז איהרע היסטאָריקער האָבען ניט נאָר געמוזט דאָס אנערקענען, נאָר פיל פון זיי האָבען זיך גענומען אויספאָרשען די ראָליע פון קלאסען־קאמף אין אנדערע פעריאָדען פון דער מענשליכער געשיכטע, שטרעבענדיג אין דעם צו געפינען דעם אימפּילס פון דער מענשליכער אנטוויקלונג. אבער די קלאַסען זיינען דאָך א פּראָדוקט פון דעם ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ן ג ע ב ו י פון דער געזעלשאַפט, און דערפון קומט ארויס דער אנטאגאניזם צווישען זיי — דער קלאסען־קאמף. וואָס עס בינדט צונויף יעדען קלאס באַזונדער, טיילט איהם אָפּ פון אנדערע קלאַסען, און באַשטימט זיין אנטאַגאָניזם צו זיי — איז זיינע באזונדערע קלאסען־אינטערעסען.

# די עטיק

דאס איז אינגאנצען א נייער סארט אינטערעס, וועגען וועלכען קיי־נער פון די מאראליסטען פון 18טען יאהרהונדערט, אהן אונטערשיד צו וועלכער ריכטונג ער זאל ניט געווען געהערען, האט ניט געוואוסט.

דער סכום פון אט די אלע ערפאלגען און אנטדעקונגען, וועלכע זיינען, אמת, געמאכט געווארען שטיקלעכווייז און אומקלאר, האבען שוין אבער אין די 40־גער יארען פון 19טען יארהונדערט באשאפען אלע נויטיגע עלעמענטען פאר דער מאטעריאליסטישער אויפפאסונג פון געשיכטע. עס האט נאר אויסגעפעלט דער מייסטער, וועלכער זאל זיי קענען באהערשען און פאראייניגען אין איין גאנצער סיסטעם. דאס האבען געטאן קארל מארקס און פרידריך ענגעלס.

נאר אזוינע טיפע דענקער ווי מארקס און ענגעלס האבען אזא ארבייט געקענט אויפנעמען, און אין דעם באשטעהען זייערע פער־זענליכע פארדינסטען. אבער דאס וואלט ניט מעגליך געווען, ניט ענגעלסען און ניט מארקסען, צו דערגרייכען אין 18טען יארהונדערט, איידער די נייע וויסענשאפטען האבען זיך בארייכערט מיט דער גע־נוגענדער סומע פון די נייע רעזולטאטען. פון דער צווייטער זייט האבען אזוינע געניאלע מענשען ווי קאנט אדער העלוועציוס פונקט אזוי געקענט אנטדעקען די מאטעריאליסטישע אויפפאסונג פון דער געשיכטע, אויב די נויטיגע וויסענשאפטליכע באדינגונגען דערפאר זאלען אין זייער צייט געווען זיין רייף. מארקס׳ען און ענגעלס׳ען וואלט זיך אפילו אין די פערציגער יארען פון 19טען יארהונדערט ניט איינגעגעבען צו מאכען זייער אנטדעקונג, ניט קוקענדיג אויף זייער געניאליטעט און די גרויסע פארבארייטונגס־ארבייט, וועלכע די וויסענשאפט האט אויפגעטאן, אויב זיי זאלען זיך ניט געווען שטעלען אויפ׳ן שטאנדפונקט פ ו ן פ ר א ל ע ט א ר י א ט, ד. ה. אויב זיי וואלטען ניט געווען זיין קיין ס א צ י א ל י ס ט ע ן. דאס איז געווען אומבאדינגט נויטיג כדי צו אנטדעקען די אנגערופענע אויפ־פאסונג פון דער געשיכטע. אין דעם זין איז דאס א פראלעטארישע פילאסאפיע, און די אלע אנדערע אנשויאונגען, וואס געהען להפוך צו איהר, זיינען בורזשואזע פילאסאפיעס.

די נעבורט פון דער רעוואלוציאנערער אידעע אין די סאציאלע

וויסענשאַפטען איז פּונקט צוזאַמענגעפאַלען מיט דעם פּעריאָד פון רעאַקציע. די פראַגע וועגען דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט איז אויפ׳ן טאָגעס־אָרדענונג ניט געשטאַנען. די עוואָלוציאָנס־אידעע האָט בלויז געדינט צו דערקלערען די געזעלשאַפטליכע אַנטוויקלונג ביז דער צייט, און האָט אין אַ געוויסען זין באַרעכטיגט און אָפט אפילו אידעאַליזירט די פאַרגאַנגענהייט. אַ רעאַקציאָנערער ווינט בלאָזט אין די ערשטע יאָרען פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט פון ראָמאַנטיזם, אַזוי גוט ווי פון דער היסטאָרישער שולע פון דער רעכטס־וויכענשאַפט, ווי פון דער גאַנצער אויספאַרשונג פון דער פאַרגאַנגענהייט בכלל. (עס איז גענוג זיך דערמאָנען אין שאָפּענהאַוערס בודיזם) מיט׳ן זעלבען גייסט איז אויך דורכגעדרונגען די פילאָסאָפיע. וועלכע האָט די אידעע פון עוואָלוציע געמאַכט פאַר איהר צענטראַל פּונקט; איך האָב דאָ אין זינען די פילאָסאָפיע פון העגעל׳ן. אויך זי האָט געדאַרפט בלויז זיין אַ לויב־געזאַנג פאַר דער אַנטוויקלונג אין דער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע געפינט איהר שלום אין דער, פון גאָט געזאַלבטער, מאָנאַרכיע. אַלס אַ רעאַקציאָנערע פילאָסאָפיע איז זי געצוואונגען געוועזען צו זיין אַן אידעאַליסטישע, ווייל די געגענוואַרט, די ווירקליכקייט, איז געוועזען אין ווידערשפּרוך צו איהרע רעאַקציאָנערע טענדענצען.

אידעאַליסטישע פילאָסאָפיע פון עוואָלוציע איז געוואָרען אוממעגליך, ווען די ווירקליכקייט, ד. ה. די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט האָט זיך אַנטוויקעלט אויף אַזוי פיל, אַז זי האָט זיך, להפּוך פון אַט די טענדענצען, גאַנץ שטאַרק געלאָזט פיהלען. זי האָט געמוזט אָפּטרעטען איהר פּלאַץ צו אַ מעהר אָדער ווייניגער אָפענעם מאַטעריאַליזם. אָבער בלויז דעם פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט איז מעגליך געוועזען איבערצוטראָגען דעם געדאַנק פון דער סאָציאַלער עוואָלוציע אין אַ מאַטעריאַליסטישער שפּראַך, ד. ה. צו דערקענען אין דער געגענוואַרט די געזעלשאַפטליכע אַנטוויקלונג, וואָס קומט פאַר לויט נויטווענדיגע נאַטירליכע געזעצען. די בורזשואַזיע האָט זיך געמוזט אַנטזאָגען פון יעדען געדאַנק וועגען דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, און האָט געמוזט פאַרוואַרפען יעדע פילאָסאָ־

פיע, וואָס האָט אונטערזוכט די אנטוויקלונג פון דער פאָרגאַנגענ־הייט, ניט נאָר כדי איהר צו פאַרשטעהן, נאָר כדי צו געפינען אין איהר די טענדענצען פון דער נייער קומענדער געזעלשאַפט, און דורך דעם אויסשמידען די כלי זין פאַר'ן קאַמף מיט דער געגענוואַרט און ברענגען די געזעלשאַפט פון דער צוקונפט.

אַזוי שנעל ווי עס איז נאָר פאַראיבער דער פעריאָד פון דער גייסטיגער רעאַקציע נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָט זיך צו דער בורזשואַזיע צוריק אומגעקערט דער געפיהל פון זעלבסט־באַוואוסטזיין און מאַכט. זי האָט געמאַכט אַן ענד צום ראָמאַנטיזם אין דער קונסט און פילאָסאָפיע, און האָט פראָקלאַמירט דעם מאַטע־ריאַליזם, אבער צום היסטאָרישען מאַטעריאַליזם האָט זי ניט געקענט צוקומען. ווי שטאַרק דער לעצטער זאָל ניט געווען זיין באַגרינדעט דורך די צייט־באַדינגונגען, האָט ער אבער אלין, טאַקי אַ דאַנק אָט די באַדינגונגען, געקענט ווערען די פילאָסאָפיע בלויז פון פראָלעטאַריאַט, און האָט דערפאַר געדאַרפט פאַרשטויסען ווערען פון דער וויסענ־שאַפט אויף וויפיל זי איז געווען אונטער'ן איינפלוס פון דער בור־זשואַזיע. די נעגאַטיווע באַציהונג צום היסטאָרישען מאַטעריאַליזם איז געגאַנגען אזוי ווייט, אַז אפילו דער סאָציאַליסטישער מחבר פון דער געשיכטע פון מאַטעריאַליזם, פרידריך אַלבערט לאַנגע, דערמאַנט מאַרקס'ען בלויז אַלס פּאָליטישען־עקאָנאָם, און ניט אַלס פילאָסאָף.

די אידעע פון עוואָלוציע, הגם אַלגעמיין אנערקענט אין דער נאַטור־וויסענשאַפט, און גאַנץ נוצליך פאַר מאַנכע אפּטיילונגען פון די גייסטיגע וויסענשאַפטען, איז אבער פאַר דער וויסענשאַפט אַלס גאַנצע, פאַרבליבען אַ טויטער בוכשטאַב, אויף ווי פיל זי איז געווען אַ בורזשואַזע וויסענשאַפט. די בורזשואַזיע האָט דערפאַר ווייטער ווי העגעל'ס פילאָסאָפיע ניט געקענט אַוועקגעהן. זי האָט אויסגע־אַרבייט אַ מאַטעריאַליזם, וואָס איז באַדייטענד שוואַכער ווי דער מאַ־טעריאַליזם פון 18טען יאָרהונדערט, ווייל ער איז אַ ריין נאַטור־וויסענשאַפטליכער און שאַפט ניט קיין אייגענע טעאָריע פון געזעל־שאַפט. ווען אָט דער אָרגאַנישער מאַטעריאַליזם האָט זיך ארויסגע־

# קארל קאוטסקי

וויזען פאר אומנוצבאר, האט זי זיך אומגעקערט צום אלטען קאנטיא־
ניזם, וועלכער איז אפגערייניגט געווארען פון אלע זיינע טעות׳ן דורך
דעם ערפאלג פון דער וויסענשאפט, וועמעס עטיק עס איז אבער פאר־
בליבען די זעלבע ווי אמאל. דאס לעצטע איז געווארען די הויפט
וואפע געגען דער מאטעריאליסטישער טעאריע פון דער סאציאלער
עוואלוציע.

אין דער עקאנאמישער וויסענשאפט האט זיך די בורזשואזיע
געוואקעלט צווישען דער היסטארישער אויפפאסונג, וועלכע אנער־
קענט די געזעלשאפטליכע אנטוויקלונג נאר אנערקענט ניט קיין נויט־
ווענדיגע געזעצען פון אט דער אנטוויקלונג און אויפפאסונג, וועלכע
אנערקענט די נויטווענדיגקייט פון געזעלשאפטליכע געזעצען און
לייקענט אפ די געזעלשאפטליכע אנטוויקלונג; די אויפפאסונג, וועל־
כע האלט, אז אין דער פסיכאלאגיע פון דעם איזאלירטען פרימיטי־
ווען מענשען קען מען שוין געפינען אלע עקאנאמישע קאטעגאריעס
פון דעם מאדערנעם מענשען. צו אט דער אויפפאסונג קומט נאך
צו די נאטור־וויסענשאפטליכע, וועלכע שטרעבט צוריקצופיהרען די
געזעצען פון דער געזעלשאפט צו די ביאלאגישע געזעצען, ד. ה. צו די
געזעצען פון פלאנצען און טהירישע ארגאניזמען. בעצם מיינט דאס
דאסזעלבע ווי אפלייקענען די געזעצען פון דער געזעלשאפטליכער
אנטוויקלונג.

פון זינט די בורזשואזיע איז געווארען קאנסערוואטיוו, איז די
מאטעריאליסטישע טעאריע פון דער געזעלשאפטליכער אנטוויקלונג
מעגליך בלויז פון דעם פראלעטארישען שטאנדפונקט.

עס איז אמת, אז דער מאדערנער דיאלעקטישער מאטעריאליזם
איז א גאנץ באזונדערער און אונטערשיידט זיך גאנץ באדייטענד פון
דעם נאטור־וויסענשאפטליכען. פילע פון זיינע פריינד ראטען איהם
טאקע, דערפאר פארבייטען דעםווארט מאטעריאליזם אין זיין נאמען
מיט אן אנדערען כדי עס זאלען ניט פארקומען קיין מיספארשטענ־
דענישען. אויב אבער מארקס און ענגעלס האבען כסדר אנגעהאל־
טען דעם נאמען „מאטעריאליזם" איז דאס געווען צוליב דער זעלבער
אורזאכע, צוליב וועלכער זיי האבען זיך אנטזאגט צו ענדערען דעם

נאמען פון „קאמוניסטישען מאניפעסט“ אויף „סאציאליסטישען“ מיט׳ן נאמען סאציאליזם דעקט מען איצט צו אזוי פיל פארשידענע סחורות, פון וועלכע מאנכע זיינען גאנץ ווערטלאז, ווי צ. ב. ש. דער קריסטליכער און נאציאנאלער סאציאליזם, דער ווארט קאמוניזם אבער באצייכענט גאנץ קלאר די צילען פון פראלעטאריאט, וועל־כער פיהרט אז דעם רעוואלוציאנערען קאמף פאר זיין באפרייאונג.

פארבייטען דעם נאמען „דיאלעקטישער מאטעריאליזם“ אויף אן אנדערען, ווי צ. ב. ש. „דיאלעקטישער מאניזם“ „קריטיציזם“ אדער „רעאליזם“, וואלט מיינען פארבאהאלטען זיין אנטאגאניזם צו דער בורזשואזער געזעלשאפט. דער ווארט מאטעריאליזם, האט די גאנצע צייט, זינט דער הערשאפט פון קריסטענטום, געדינט אלס נא־מען פאר דער פילאסאפיע פון ק א מ ף געגען די הערשענדע כחות. דערפאר טאקי האט ער אזא שלעכטען נאמען ביי דער בור־זשואזיע, אבער טאקי דאס באוועגט אונז, די אנהענגער פון דער פרא־לעטארישער פילאסאפיע, זיך צו האלטען ביי דעם נאמען, וועלכער איז בעצם אויך גאנץ גוט צוגעפאסט צו איהר.

אן אויפפאסונג פון עטיק, וועלכע שטראמט ארויס פון אט דער פילאסאפיע, קען גערעכענט ווערען פאר א מאטעריאליסטישער.

## 2. די ארגאניזאציע פון דער מענשליכער געזעלשאפט.

### א) די אנטוויקלונג פון דער טעכניק.

אין דעם פריהערדיגען קאפיטעל האבען מיר איבערגעלאזען דעם מענשען אויפ׳ן גרענעץ, וועלכער טיילט איהם אפ פון אלע אנדערע לעבעדיגע באשעפענישען. לאמיר איהם איצט באטראכטען אין דער סטאדיע פון זיין אנטוויקלונג, פון שטאנדפונקט פון דער מאטעריא־ליסטישער אויפפאסונג פון דער געשיכטע. וואס דערהויבט איהם איבער די אנדערע לעבעדיגע באשעפענישען? איז צווישען איהם און זיי בלויז פאראן אן אונטערשיד אין גראד אדער אין זייער עצם? ניט אלס דענקענדער און ניט אלס מאראלישער וועזען אונטערשיידט

זיך דער מענש פון די אַנדערע לעבעדיגע וועזענס. אָבער — אפשר איז דער אונטערשיד אין דעם, וואָס דער מענש פּ ר אָ ד ו־צ י ר ט, ד. ה. אפשר באַשטעהט דער אונטערשיד אין דעם וואָס דער מענש פּאַסט צו די מאַטעריאַלען, וועלכע ער געפינט אין דער נאַטור פאר זיינע צוועקען, דורך דעם וואָס ער בייט זייערע פאָרמען? אָבער אויך אָט די טעטיגקייט געפינען מיר אין דער וועלט פון חיות, שוין ניט רעדענדיג וועגען פילע אינסעקטען, ווי צ. ב. ש. די בינען, געפינען מיר ביי פילע פון די וואַרים־בלוטיגע חיות, ניין, אפילו ביי מאַנכע פיש, אַ סאָרט פון פּראָדוקטיווער טע־טיגקייט, נעמליך, די פּראָדוקציע פון וואָהנונגען און באַהאַלטונגס־פּלעצער, נעסטען, אונטערערדישע געביידעס און אַז. וו. אמת, אָט די פּראָדוקטיווע טעטיגקייט איז צו א הויכען גראַד דער רעזולטאַט פון גע׳ירשנ׳טע אינסטינקטען און איינגעגעשאַפּטען, אָבער אין געוויסע פאַלען ווערט זי אַזוי צוועקמעסיג צוגעפּאַסט, אַז דאָ מוז אָהן צווייפעל שפּילען א ראָליע דער באַוואוסטזיין און דער וויסען פון אורזאַכליכע פאַרבינדונגען.

איז דאָס אפשר דער פאַקט, וואָס דער מענש באַנוצט געצייג, וואָס אונטערשיידט איהם פון די אַנדערע? ניין, אויך דאָס ניט! ביי אַפּען געפינען מיר דעם אָנפאַנג פון באַנוצען געצייג: זיי געברויכען צווייגלאַך פאר זייער פאַרטיידיגונג, שטיינער כדי צו צוברעכען ניס, און א. ז. וו. זייער אינטעליגענץ און די אַנטוויקלונג פון הענט, מאַכט עס פאר זיי מעגליך.

אַלזאָ, הייסט דאָס, אַז ניט דורך פּ ר אָ ד ו צ י ר ע ן ג ע־ב ר ו י כ ס־מ י ט ל ע ן, ניט דורך ב אַ נ ו צ ע ן ג ע צ י י ג, אונטערשיידט זיך דער מענש פון די אַנדערע לעבעדיגע באַשעפעני־שען. מיט וואָס דער מענש אונטערשיידט זיך יע פון זיי אַלעמען, איז דערמיט וואָס ער פּ ר אָ ד ו צ י ר ט ג ע צ י י ג, וועלכע דינען איהם פאר פּראָדוקציאָנס־צוועקען, אַזוי גוט ווי פאר פאַרטיידיגונג אָדער אָנגריף. די אַנדערע חיות קענען אין בעסטען פאַל באַנוצען די געצייג וועלכע זיי געפינען פאַרטיגע אין דער נאַטור; ערפינדען קענען זיי ניט. זיי קענען פּראָדוצירען זאַכען פאר זייער באַלדיגען גע־

ברויך, אויפבויען פאר זיך וואהנונגען, צונויפזאמלען שפייז, זיי קע־
נען אבער ניט דענקען אפילו אויף אזוי ווייט, צו פראָדוצירען זאכען
וועלכע זאָלען ניט דינען פאר זייער באַלדיגען געברויך, נאָר פאר דער
פראָדוקציע פון געברויכס־זאכען.

ווען ער הויבט אָן פראָדוצירען פראָדוקציאָנס־געצייג, דאַן הויבט
אָן די מענשליכע חיה ווערען אַ מענשליכער מענש, דורך דעם געהט
ער אינגאנצען אַוועק פון דער וועלט, כדי צו גרינדען זיין אייגענעם
קעניגרייך, א קעניגרייך מיט אַ גאַנץ באַזונדערען אופן פון אנט־
וויקלונג, וועלכע איז אינגאַנצען פרעמד פאַר דער איבעריגער נאַטור,
און וועלכע קען ערגעץ אַנדערש ניט געפונען ווערען.

אזוי לאַנג ווי דער טהיר פראָדוצירט בלויז מיט דער הילף פון די
ארגאַנען, מיט וועלכע די נאַטור האָט איהם באשאַנקען, אָדער באַ־
נוצט זיך בלויז מיט אזוינע געצייג, וועלכע ער געפינט פארטיגע אין
דער נאַטור, קען ער ניט איבערטרעטען די גרענעצען, וועלכע די נאַ־
טור האָט פאַר איהם באשטימט. זיין אנטוויקלונג קען נאָר פאָרקומען
דורך דער וויטערער אנטוויקלונג פון זיין אָרגאַניזם, דורך דער פאר־
פאָלקאָמענונג פון אָרגאַנען — דעם מאָרך אַריינגערעכענט. דאָס
איז א לאַנגזאמער און אומבאוואוסטזיניגער פראָצעס אָנגעטריבען
דורך דעם קאמף פאר דער עקזיסטענץ, און וועלכען ער קען ניט פאר־
שנעלערען דורך זיין באוואוסטזיניגער טעטיגקייט.

פארקערט איז דאָס מיט'ן מענשען. דורך דעם וואָס ער פראָדו־
צירט געצייג, באנוצענדיג דעם וואָרט אין דעם ברייטסטען זין, שאַפט ער
זיך דערמיט באוואוסטזיניג און אויסגערעכענטערהייט נייע אָרגאנען,
אָדער ער פארשטאַרקט און מאכט נוצליכער זיינע נאַטירליכע אָרגאַ־
נען, אזוי, אז ער קען ניט נאָר פיל לייכטער און בעסער פראָדוצירען
די זעלבע זאכען, וועלכע זיינע אָרגאנען פלעגען פראָדוצירען, נאָר
אויך דערגרייכען אזוינע רעזולטאַטען, וועלכע וואָלטען פריהער בשום
אופן ניט מעגליך געווען. אַזוי ווי אבער דער מענש איז ניט נאָר
אַ חיה, וואָס איז באַשאָנקען מיט אַ העכערער אינטעליגענץ און מיט
הענט, וואָס זיינען דורכאויס נויטיג פאר דער פראָדוקציע פון גע־
צייג, נאָר אויך א געזעלשאַפטליכע חיה, ווערט די אנטדעקונג און

# קאַרל קאוטסקי

באשאפונג פון א וועלכער עס איז געצייג, וואס ווערט געמאכט פון א ספּעציעל־באגאבטען יחיד — א מארקס, א קאנט אדער אן ארים־טאטעל, ניט פארלארען נאך זיין טויט. זיין גרופּע נעמט אויף די ענטדעקונג און זעצט איהר פאר, און געווינט דורך דעם א פארצוג אין איהר קאמף פאר דער עקזיסטענץ. זייערע קומענדע דורות זיינען א דאנק דעם, מעהר ערפאלגרייך און קעמפען פאר זיך אויס בעסערע פּאזיציעס, א דאנק וועלכע זיי קענען זיך בעסער אויפהאלטען און זיך פארמערען, ווי די אנדערע גרופּען פון דעם זעלבען מין. דער גאנצער שארפזין וואס די גרופּע פארמאגט, ווערט אנגעווענדעט אויף אויסצובעסערען די פריהערדיגע אנטדעקונגען, אדער אויף צו מאכען נייע.

אויב די אנטוויקלונג פון הענט, און א געוויסע מאס פון אינ־טעליגענץ, האבען געמאכט מעגליך פאר'ן מענשען די אנטדעקונג און באשאפונג פון געצייג, האט זיין ספּעציאלער כאראקטער באשאפען די נויטיגע באדינגונגען פאר דער כסדר'דיגער אנזאמלונג פון נייע, און פאר דער פארבעסערונג פון די אלטע אנטדעקונגען, ד. ה. פאר דער אונאויפהערליכער אנטוויקלונג פון דער טעכניק. דער לאנגזאמער, אומבאוואוסטזיניגער און אומבאמערקבארער פּראצעס פון דער אנט־וויקלונג פון די ארגאניזמען אין דעם קאמף פאר דער עקזיסטענץ, וועלכער הערשט אין דער גאנצער איבעריגער ארגאנישער וועלט, טרעט אפּ, אין דער מענשליכער געזעלשאפט, אלץ מעהר און מעהר אן א זייט, איבערלאזענדיג זיין פּלאץ צום פּראצעס פון ב א־וואוסטזיניגער אומענדערונג, צופּאסונג און פארפאלקא־מענונג פון זיינע ארגאנען. מעסטענדיג מיט אונזער מאדערנער מאס, זעהט אַט די אנטוויקלונג פון אנפאנג אויס אלס א זעהר לאנגזאמע און אומבאמערקבארע, אבער שוין אפילו דאן איז זי אוועק מיט פיל שנעלערע טריט, ווי דער נאטירליכער אויסוואל. פון דער צייט אן ווערט דער טעכנישער פּראגרעס דער פונדאמענט פון דער גאנצער מענשליכער אנטוויקלונג. אויף איהם, און ניט אויף עפּעס א געט־ליכען פונק, רוהט אלץ וואס אונטערשיידט דעם מענשען פון דער חיה.

די עטיק

יעדער נייער שריט אויפ'ן וועג פון טעכנישען פראגרעס איז א באוואוסטזיניגער און ווילענדיגער. דאס איז דער רעזולטאט פון דעם מענשענס שטרעבען קינסטליך צו פארגרעסערען זיינע כחות, און וואס מעהר זיך דערהויבען איבער די גרענעצען, וועלכע די נאטור האט פאר איהם באשטימט. אבער יעדער טעכנישער פראגרעס, שלעפט מיט זיך מיט, נויטוועגדיגערווייזע, אזוינע רעזולטאטען, וואס זיינע איניציאטארען האבען ניט געוואלט און ניט געקענט וועלען, ווייל זיי האבען ניט געקענט אפילו זיי ערווארטען. את די רעזולטאטען קען מען אנרופען, אזוי גוט ווי די רעזולטאטען פון נאטירליכען אויס־וואל, די צופאסונג צו דער סביבה, דא אבער מיינט דאס צו א קינסט־ליכער סביבה, וועלכע ווערט פארענדערט פון דעם מענשען זעלבסט. ביי את דער צופאסונג שפילט א גרויסע ראליע דער באוואוסטזיין, די באקאנטשאפט מיט דער נייער סביבה און איהרע באדערפענישען, אבער ניט די ראליע פון אן אומאפהענגיגען לייטענדען אימפולס.

## ב) די טעכניק און די לעבענס־אופנים.

לאמיר פרובען קלערער מאכען דאס וואס מיר האבען פריהער נעזאגט דורך פארשטעלען זיך וואס האבען געדארפט זיין די רעזול־טאטען פון דער ערשטער ערפאלגרייכער אנטדעקונג פון א געצייג, ווען דער מענש האט צום ערשטען מאל קאמבינירט א שטיין מיט א שטעקען, וועלכע די אפען באנוצען איינציגווייז, און פון זיי געמאכט א האמער אדער א האק. עס איז זעלבסט פארשטענדליך, אז וואס מיר וועלען דא זאגען, איז בלויז א היפאטעזע, ווייל מיר האבען וועגען את דעם פראצעס קיין שום ריכטיגע ידיעות ניט. דאס דארף דינען ניט פאר קיין באווייז, נאר בלויז פאר אן אילוסטראציע. מיר וועלען עס דערפאר מאכען וואס איינפאכער און לייכטער, מיר וועלען צ. ב. ש. ניט נעמען אין אנבאטראכט די פיש־כאפעריי, וועלכע האט, אהן צווייפעל, געהאט א גרויסע ווירקונג אויפ'ן פרימיטיווען מענשען.

אזוי שנעל ווי דער פרימיטיווער מענש האט נאר געקראגען א שפיז, האט ער שוין געקענט ארויס אין געיעג אויף גרויסע חיות. ביז

דער צייט איז זיין גאַנצע שפּייז באַשטאַנען פון די פּרוכטען, וואָס ער האָט געפינען אויף די ביימער, פון אינסעקטען, און וואַרשיינליך פון פויגעלישע אייער און יונגע פויגעלאַך. איצט אָבער קען ער שוין הרג'ענען גרויסע חיות, און פליישׁ ווערט זיין וויכטיגסטע שפּייז. די מערסטע גרויסע חיות וואוינען אָבער אויף דער ערד און ניט אויף ביימער, דערפאַר פאַרלאָזט דאַן דער מענש זיינע ביימער, זיין עולמות העליונים, און קומט אַראָפּ אויף דער ערד. נאָך מעהר, די חיות, וואָס זיינען אַמבעסטען צוגעפּאַסט פאַר דעם מענשענס צוועקען, זיינען זעהר ווייניג אין די פּרימיטיווע וועלדער, זיי געפינען זיך מערסטענס אין די פּלעצער וואו זיי געפינען גרויסע לאַנקעס און פּרעריעס. וואָס מעהר אַלזאָ דער מענש פאַרנעמט זיך מיט געיעג, אַלץ מעהר מוז ער פאַרלאָזען די אומבאַרירטע טראָפּישע וועלדער, צו וועלכע ער איז ביז איצט געווען צוגעבונדען.

אָט די באַשרייבונג, איז, ווי איך האָב שוין געזאָגט, אַ ריין היפּאָטעטישע. די אַנטוויקלונג האָט געקענט פאָרקומען אויך אין דער פאַרקערטער אָרדענונג. פּונקט ווי די ערפינדונג פון געצייג און געוועהר האָבען געקענט דעם מענשען צווינגען צו איבערוואַנדערען פון די אומבאַרירטע געדיכטע וועלדער, אין פּלעצער, וועלכע זיינען פרייער און באַוואַקסען מיט גראָז און זעלטענע ביימער, אַזוי האָט פּונקט געקענט זיין פאַרקערט: די אורזאַכען, וואָס האָבען דעם מענשען אַרויסגעטריבען פון זיין פּרימיטיווער וואָהנונג, האָט געקענט דינען אַלס דער ערשטער שטויס צו אַנטדעקען געצייג און געוועהר. לאָמיר אָננעמען פאַר אַ ביישפּיל, אַז די צאָל מענשען האָט איבערגעוואַקסען די צאָל שפּייז, וואָס זיי קענען אין אַ באַשטימטען אָרט קריגען, אָדער אַז די אייז־באַדעקטע בערג פון צענטראַל אַזיע האָבען אַראָפּגעזונקען טיף אַרונטער, און האָבען דערמיט אַרויסגעשטויסען דעם פּרימיטיווען מענשען פון זיינע וועלדער, און פאַרטריבען אין די מיט גראָז באַוואַקסענע טהאָלען, וואָס געפינען זיך גלייך דערביי, אָדער אַז אַ דאַנק דער אַלץ וואַקסענדער טרוקענקייט פון קלימאַט, איז דער פּרימיטיווער וואַלד שיטערער געוואָרען, און עס האָט זיך אַלץ מעהר באַוויזען די ביימערלאָזע, מיט גראָז באַוואַק־

סענע שטיקער ערד. אין די אלע פאלען האט זיך דער מענש געמוזט אנטזאגען פון זיין פריהערדיגען לעבען אויף בוימער, און האט געמוזט זיך אנהויבען באוועגען אויף דער ערד; ער האט שוין איצט געמוזט זוכען פאר זיך חיות אלס שפייז, ניט קענענדיג זיך באגיגענען מיט די פרוכטען פון די בוימער. דער נייער לעבענס־ארט האט איהם געטריבען זיך אלץ מעהר און מעהר באנוצען מיט שטיינער און שטעקענס, און האט איהם דערמיט געגעבען דעם ערשטען אנשטויס פאר דער ערפינדונג פון די ערשטע געצייג און געוועהר.

וועלכען אנטוויקלונגס־גאנג מיר זאלען ניט אננעמען, דעם ערשטען אדער דעם צווייטען — און זיי האבען געקענט פארקומען ביידע אין פארשידענע פלעצער — יעדענפאלס, איין זאך ווערט פון זיי קלאר, און דאס איז אז צווישען די נייע פראדוקציאנס־מיטלען און א נייעם אופן פון לעבען אין זייגע באדערפענישען, עקזיסטירט אן ענגע געגענזייטיגע פארבינדונג. יעדער איינער פון אט די פאקטארען רופט, אומפארמיידליך, ארויס דעם צווייטען; יעדער איינער פון זיי ווערט נויטיגערוויזע אן אורזאך פון אן ענדערונג, וועלכע שליסט אין זיך אליין ווייטער איין נייע קומענדע ענדערונגען. אזוי צ. ב. ש. ברענגט מיט זיך יעדע ערפינדונג רעזולטאטען, וועלכע גיבען אן אנשטויס פאר ווייטערע ערפינדונגען, און דערמיט אויך פאר נייע באדערפענישען, פאר א נייעם אופן פון לעבען, און א. ז. וו. א גאנצע קייט פון אן אומענדליכער אנטוויקלונג, וועלכע ווערט רק פארשידענארטיגער און שנעלער, וואס מעהר זי געהט פארווערטס, און וואס מעהר זי וואקסט זיך פאנאנדער, אלץ גרעסער זיינען די מעגליכקייטען און אלץ לייכטער ווערען געמאכט נייע ערפינדונגען.

לאמיר איצט באטראכטען די רעזולטאטען, וועלכע האבען געמוזט קומען פון דער אנטשטעהונג פון געיעג אלס קוואל פון מענשליכער שפייז, און פון זיין ארויסוואנדערונג פון די אומבארירטע טראפישע וועלדער.

אויסער פלייש האט דער מענש אין זיין שפייז קארטע אויך אריינגענומען די פרוכטען פון די ביימער, ווארצלען, גראז, קארען און אז. וו. אין דעם פרימיטיווען וואלד איז ניט מעגליך צו קולטיווי־

רען פלאַנצונגען, סיידען מען זאָל פריהער אפּרייניגען דעם וואַלד, און דאַס איז איבער די כחות פון פרימיטיווען מענשען. ער האַט בכלל גאַר ניט געקענט קומען צו אַזאַ געדאַנק. ער האַט זיך געשפּייזט מיט די פרוכטען פון די ביימער, צו פלאַנצען אבער פרוכט־ביימער, וועלכע וועלען ערשט ברענגען פרוכט אין עטליכע יאָר שפּעטער, איז נויטיג שוין אַ ישוב און א הויכע מאָס פון קולטור, וואָס דער פרימיטיווער מענש האַט נאָך ניט באַזעסען.

פאַרזעען אַבער גראָזען אויף פעלדער און לאַנקעס, איז פיל לייכטער, און קען געטאָן ווערען מיט די פרימיטיווסטע מיטלען. אויסער דעם האָט דער געדאַנק פון פאַרזעען גראַז געקענט צו איהם לייכטער קומען, ווייל דאָס וואקסט אויס אין פאַרלויף פון א פּאָר וואָכען. אין דעם פאַל זיינען אורזאַך און רעזולטאַט אזוי נאָהענט, און עס איז אזוי לייכט זיי באַמערקען, און זיך אין זיי איבערצייגען, אַז אפילו דער מענש פון דער פאַר־היסטאָרישער עפּאָכע האָט געקענט דערוואַרטען אליין צו באַנוצען זיך מיט די רעזולטאַטען פון זיין ארבייט.

פון דער צווייטער זייט אבער, זינט דער מענש האָט פאַרלאָזען זיינע טראָפּישע וועלדער, איז ער געוואָרען אונטערוואָרפען צו אַלע קלימאַטישע ענדערונגען. אין די געדיכטע וועלדער זיינען די ענדערונגען אין דער טעמפּעראַטור צווישען טאָג און נאַכט, ניט אזוי שאַרף באַמערקבאַר ווי אויף די ליידיגע לאַנקעס, וואו די לופט ווערט ביי טאָג אנגעברענט פון די הייסע זונען־שטראַלען, און ביינאַכט קומט א שטאַרקע אָפּקיהלונג. דער שטורעם איז ניט אזוי קענטיג אין די אומבאַרירטע וועלדער, ווי אין די ביימער־לאָזע געגענדען, און געגען רעגען און האָגעל גיט די פרייע לאַנקע פיל ווייניגער באַשיצונג ווי די געדיכט באַוואַקסענע וועלדער. אויף דער פרייער לאַנקע מוז דער מענש דערפיהלען א באַדערפעניש אין א באַהעלטעניש־פּלאַץ און קליידער, זאַכען, וואָס זיינען אינגאַנצען פרעמד געווען דעם איינוואוינער פון די טראָפּישע וועלדער. אויב די מענשען־ענליכע אַפען בויען פאַר זיך נעסטען, וואו זיי זאָלען זיך קענען ביי נאַכט אָפּרוהען, האָט דער מענש געמוזט געהן פיל ווייטער. ער האָט געמוזט אויפבויען פּאַרטיי־

# די עטיק

דיגונגס־ווענט און א דאך איבער זיי, אדער ער האט געמוזט פאר זיך זוכען א באהעלטעניש ערגעץ אין א הייל. פון דער צווייטער זייט, האט ער זיך איינגעוויקעלט אין די פעלען פון די דער׳הרג׳עטע חיות, וועלכע פלעגען איהם איבערבלייבען נאך דעם ווי די פלייש פלעגט אויפ־געגעסען ווערען. די באדערפעניש צו באשיצען זיך פון קעלט, האט געצוואונגען דעם מענשען זיך פארטראכטען וועגען דעם באזיץ פון פייער. אז מען קען איהם אויסנוצען פאר דער טעכניק, האט זיך דער מענש ערשט שפעטער דערוואוסט, לערנענדיג דאס ביס־לאכוייז, די ווארימקייט וועלכע דאס האט ארויסגעגעבען, האט אבער דער מענש גלייך געפיהלט. מיר וועלען אפשר קיין מאל זיכער ניט וויסען ווי אזוי דער מענש האט אנטדעקט דעם געברויך פון פייער. זיכער איז אבער, יע־דענפאלס, אז דער מענש פון די טראפישע לענדער האט זיך אין איהם ניט גענויטיגט אלס מיטעל פון ווארימקייט, און ער וואלט איהם טאקי אויך ניט געקענט אויפהאלטען שטענדיג, א דאנק דער שטענדיגער דארטיגער פייכטקייט. בלויז אין די מעהר טרוקענע געגענדען, וואו עס האבען זיך געפונען א סך טרוקענע ברען־מאטעריאלען, האבען גע־קענט פארקומען פייערען, פון בליצען, אדער נאך גיכער פון די פונ־קען, וועלכע די שטיינערנע פרימיטיווע געוועהר האבען ארויסגעגעבען, אדער פון דער היץ, וואס איז ארויסגערופען געווארען דורך בויערען לעבער אין האלץ, — און דאס האט באקענט דעם מענשען מיט דעם געברויך פון פייער.

ווי מיר זעהען, האט זיך געענדערט דאס גאנצע לעבען פון מענ־שען, זיינע באדערפענישען, זיין וואוינונג, זיין שפייז, און ווי עס איז נאר געמאכט געווארען די ערשטע ערפינדונג, אזוי שנעל ווי עס איז נאר ערפונדען געווארען דער שפיז אדער די האק (שטיינערנע), האט עס גלייך געפירט צו פילע אנדערע ערפינדונגען.

דער באוואוסטזיין האט אין די אלע ענדערונגען געשפילט א גרויסע ראלע, דאס מיינט אבער דער באוואוסטזיין פון אנדערע שפע־טערדיגע דורות, ניט פון יענע, וואס האבען ערפונדען דעם שפיז און די האק, און די אויפגאבען, וועלכע די שפעטערדיגע דורות האבען

זיך געשטעלט, זיינען אויך ניט געווען די, וואָס די פריהערדיגע האָ־בען זיך געשטעלט; זיי זיינען אומפּאַרמיידליך ערשיענען פון זיך אליין, גלייך נאָך דעם ווי עס איז געמאכט געוואָרען אן ערפינדונג.

מיט די ענדערונגען אין די וואוינונגען, באַדערפעניסען, שפּייז, און דעם גאַנצען אופן פון לעבען, זיינען נאָך אַלי׳ן ניט אויסגעשעפּט די ווירקונגען, וועלכע די ערפינדונגען האָבען אויפ׳ן מענשליכען לעבען.

ג) דער אָרגאַניזם פון חיות און דער געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזם.

די צוטיילונג פון דער ארבייט אין דעם לעבעדיגען אָרגאַניזם איז באַגרענעצט, ווייל די באזונדערע אָרגאַנען זיינען צונויפגעוואַקסען מיט דעם גאַנצען קערפּער, און קענען ניט געענדערט ווערען, פּונקט ווי זייער צאָל קען ניט באַגרענצט ווערען. דאָס באַשטימט די גרע־נעצען פאַר דער פאַרשידענאַרטיגקייט פון די פונקציעס, וועלכע דער טהירישער אָרגאַניזם קען אויספירען. עס איז צ. ב. ש. דורכאויס אוממעגליך אז דערזעלבער ארגאַן זאָל קענען באַנוצט ווערען צו האַל־טען זאַכען, צו לויפען אָדער צו פליהען, ניט רעדענדיג שוין וועגען דער ווייטערער ספּעציאַליזאַציע.

די געצייג קען אָבער אַ מענש יאָ בייטען. ער קען זיי צופּאַסען צו אַ וועלכען עס איז באַשטימטען צוועק. ווען ער איז פאַרטיג דער־מיט, לייגט ער עס אַפּ אַן אַ זייט, און דאָס קען איהם ניט שטערען גלייך צו טאָן אַן אַנדער אַרבייט מיט אַנדערע געצייג. די צאָל פון זיינע געצייג איז אויך ניט קיין באַשרענקטע, ווי דאָס איז דער פאַל מיט זיינע קערפּערליכע אָרגאַנען.

אין דעם אָרגאַניזם פון אַ חיה איז ניט בלויז באַשרענקט די צאָל פון אָרגאַנען, נאָר אויך די מאָס פון דער ק ר אַ פ ט, מיט וועלכע יעדער איינער פון זיי קען זיך באַוועגען. די קראַפט פון אַ וועלכען עס איז אָרגאַן קען אין קיין פאַל ניט איבערשטייגען די קראַפט פון

דעם גאנצען ארגאניזם, זי מוז פארקערט שטענדיג זיין ווינציגער, ווייל דער קערפער מוז דאך ערנעהרען אלע ארגאנען, און קען זיך צו־פיל ניט אפגעבען מיט איינעם. די קראפט אבער וואס באווענט א גע־וויסע געצייג, מוז זיך ניט באנוגענען מיט דעם כח פון איין מענשען, ווייל די געצייג עקזיסטירט דרויסען פון דעם מענשען, קענען זיך פאראייניגען פילע מענשען צוזאמען, כדי עס צו באוועגען. זיי קענען זיך באנוצען מיט אנדערע, ניט מענשליכע, כחות, ווי צ. ב. ש. מיט אנדערע חיות, מיט וואסער, ווינד אדער פארע.

די אנטוויקלונג פון דעם מענשענס קינסטליכע ארגאנען, איז גע־גענזאץ צו דער אנטוויקלונג פון די נאטירליכע ארגאנען פון א לעבע־דיגען ארגאניזם, איז דערפאר אומבאגרענעצט, אמווניגסטענס, אין די גרענעצען פון דעם מענשליכען באגריף. זיי זיינען בלויז באגרענעצט דורך דער מאס פון די באוועגענדע כחות, וועלכע די זון און די ערד גיבען איבער אין דעם מענשענס ממשלה.

דאס וואס די קינסטליכע ארגאנען פון מענשען זיינען אפגע־טיילט פון זיין קערפער, האט נאך אויך אנדערע פאלגען. ווען די אר־גאנען זיינען צונויפגעוואקסען מיט'ן טהירישען ארגאניזם מיינט דאס, אז אט די זעלבע ארגאנען זיינען פאראן ביי יעדען יחיד. אז אויסנאם זיינען בלויז די ארגאנען פון רעפראדוקציע, בלויז דא קען זיין א צוטיילונג פון ארבייט אין דער טהירישער געזעלשאפט, מיינט פשוט, אז מאנכע יחידים נעמען איבער אויף א באשטימטע צייט, באשטימטע פונקציעס, ווי צ. ב. ש. אלס היטער, אדער פירער און א. ז. וו. ניט באנוצענדיג דערביי אזוינע ארגאנען וואס זאלען זיין אנדערש ווי די וואס אלע אנדערע יחידים באנוצען.

די ערפינדונג פון געצייג מאכט אבער מעגליך, אז אין דער מענשליכער געזעלשאפט זאלען באשטימטע יחידים באנוצען כסדר, אדער מעהר ווי אלע אנדערע, באשטימטע געצייג, וועלכע זיי קענען באנוצען בעסער ווי אלע אנדערע. מיר קומען דערפאר צו דער פארמע פון ארבייטס־צוטיילונג אין דער מענשליכער געזעלשאפט, וועלכע איז אין גאנצען פארשידען פון דער אומבאדייטענדער פארמע, וואס הערשט אין דער טהירישער געזעלשאפט. און די לעצטע, טראץ דער

ארבייטס־צוטיילונג, פארבלייבט דער יחיד אלץ א וועזן, וואס באַזיצט די אַלע אָרגאַנען, וועלכע זיינען פאר איהם נויטיג, כדי צו דערהאַלטען זיין לעבען. אין דער מענשליכער געזעלשאַפט איז ניט אַזוי — און וואָס מעהר עס אנטוויקעלט זיך די ארבייטס־צוטיילונג, אַלץ וועניגער איז דאָס אַזוי. וואָס מעהר עס אנטוויקעלט זיך די געזעלשאַפט, איז אַלץ גרעסער די צאָל פון די אָרגאַנען, וועלכע זי באַזיצט פאַר דער דערגרייכונג פון די לעבענס־מיטלען, וועלכע זי מוז האָבען, כדי פאַרטצוזעצען איהר לעבענס־אַרט. אבער אלץ מעהר ווערען די אָרגאַנען, אין וועלכע זי נויטיגט זיך, און אלץ וועניגער זיינען די זעלבסטשטענדיגע אָרגאַנען וועלכע דער יחיד באַזיצט. אַ דאַנק דעם ווערט פארגרעסערט די מאַכט פון מענשען איבער דער נאַטור, עס ווערט אָבער אויך פארגרעסערט די אומבאַהאָלפענקייט פון דעם יחיד, אויסער דער געזעלשאַפט, אלץ מעהר אָפּהענגיג ווערט ער פון איהר. די טהירישע געזעלשאַפט זייענדיג אליין אַ רעזולטאַט פון אַ נאַטירליכען וואוקס, קען קיין מאָל ניט דערהויבען איהרע מיטגלידער איבער דער נאַטור. די מענשליכע געזעלשאַפט אבער, איז פאַר'ן איינצעלנעם מענש אַ באַזונדערע וועלט, וואָס איז אינגאַנצען אַנדערש פון דער איבעריגער נאַטור, און וועלכע, ווי עס דאַכט זיך איהם, באַשטימט מעהר זיין עקזיסטענץ ווי די נאַטור, וואָס מעהר עס וואַקסט די ארבייטס־צוטיילונג, אַלץ מעהר פארעכענט ער זיך, שטיצענדיג זיך אויף דער געזעלשאַפט אלס איהר גלייכען.

דאָס לעצטע איז פּראַקטיש פּונקט אַזוי אומבאַגרענעצט ווי דער טעכנישער פּראָגרעס זעלבסט. איהרע גרענעצען זיינען — די פאַרשפּרייטונג פון דעם מענשליכען מין.

מיר האָבען פריהער געזעהן, אַז די טהירישע געזעלשאַפט שטעלט מיט זיך פאַר אַ גאַנץ באַזונדערען סאָרט אָרגאַניזם, אַנדערש ווי די אָרגאַניזמען פון חיות און פלאַנצען; איצט זעהען מיר, אַז די מענשליכע געזעלשאַפט שטעלט מיט זיך פאַר אַן אייגענאַרטיגען אָרגאַניזם, וועלכער אונטערשיידט זיך ניט וועזענטליך, ניט נאַר פון טהירישען און פלאַנצען־אָרגאַניזם, נאַר אויך פון דער טהירישער געזעלשאַפט.

# די עטיק

דערביי זיינען איבערהויפט וויכטיג צוויי וויכטיגע מאמענטען, אין וועלכע זיי אונטערשיידען זיך. מיר האבען נאר וואס געזעהן, אז דער טהירישער יחיד באזיצט אלע ארגאנען, וועלכע זיינען נויטיג פאר זיין עקזיסטענץ, אין דער צייט, וואס דער מענשליכער יחיד קען זיך אהן דער הילף פון דער געזעלשאפט ניט באגעהן. די ראביזאן קרוזאס, וועלכע שאפען אליין פאר זיך, אהן וועלכע עס איז מיטלען, אלץ וואס זיי באדארפען, געפינען זיך בלויז אין קינדערמעשיות און אין די וויסענשאפטליכע ארבייטען פון די בורזשואזע עקאנאמיסטען, וועלכע גלויבען, אז דער בעסטער אופן ווי אזוי צו אנטדעקען די געזעצען פון דער געזעלשאפט — איז דורך איגנארירען זיי. לויט זיין גאנצען וועזען איז דער מענש אפהענגיג אן דער געזעלשאפט, זי הערשט איבער איהם, און זיין אייגענארטיגקייט קען דערקלערט ווערען בלויז דורך דער אייגענארטיגקייט פון דער געזעלשאפט.

אבער די אייגענארטיגקייט פון דער געזעלשאפט האלט זיך אין איין בייטען, ווייל די מענשליכע געזעלשאפט, להפוך פון דער טהירישער, אנטוויקעלט זיך א דאנק די ערפאלגען, וואס זי מאכט אין דער טעכניק. די טהירישע געזעלשאפט אנטוויקעלט זיך ווארשיינליך, בלויז אויף אזוי פיל, ווי פיל דער גאנצער מין אנטוויקעלט זיך.

די אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט געהט מיט פיל שנעלערע טריט. עס קען אבער ניט זיין קיין גרעסערער טעות ווי פארגלייכען די אנטוויקלונג פון דער מענשליכער געזעלשאפט צו דער אנטוויקלונג פון דעם יחיד און אונטערשידען דארט, פעריאדען פון קינדהייט, יוגענד, עלטער און טויט. אזוי לאנג ווי עס האבען זיך ניט אויסגענומען די כחות וועלכע די ערד באזיצט, אזוי לאנג, הייסט דאס, ווי עס איז נים פארשוואונדען דער באזיס פון טעכנישען פראגרעס, קומט נאך אונז ניט אויס צו ווארטען אויף דער עלטער און נאטירליכען טויט פון דער געזעלשאפט: מיט דעם ווייטערדיגען פראגרעס פון דער טעכניק וועט זי זיך אלץ מעהר און מעהר אנטוויקלען, און אין דעם זין איז זי אומשטערבליך.

יעדע געזעלשאפט באשטעהט פון א טעכנישען אפאראט, וועל-

כען זי קען באנוצען, און פון די מענשען, וועלכע ברענגען איהם אין באוועגונג, פאר אט דעם צוועק טרעטען מענשען אריין צווישען זיך אין די פארשידענארטיגסטע באציהונגען. אזוי לאנג ווי אט דער אפאראט האלט זיך נאך אין פארפאלקאמענען, און אזוי לאנג ווי די מענשען, וועלכע באוועגען איהם, ווערען ניט געמינדערט, ניט אין צאל, ניט פיזיש און ניט גייסטיג, קען קיין רעד ניט זיין וועגען דעם טויט פון דער געזעלשאפט.

אזא זאך האט נאך קיין מאל ניט געטראפען אלס פערמאנענטער צושטאנד מיט קיין געזעלשאפט. אמת, אפט האט געטראפען, אז א דאנק באזונדערע אורזאכען, מיט וועלכע מיר וועלען זיך באקענען שפעטער, זיינען די געזעלשאפטליכע באציהונגען, וועלכע זיינען ארויסגערופען געווארען דורך די געזעלשאפטליכע נויטען, פארשטיינערט געווארען, און זיינען פארוואנדעלט געווארען אין שטערונגען פאר דעם פראגרעס פון דעם טעכנישען אפאראט, אזוי גוט ווי פאר דעם וואוקס פון די מיטגלידער פון דער געזעלשאפט, סיי אין זייערע פיזישע און גייסטיגע כחות, און האבען אפט אפילו געבראכט צו רעגרעסיווע באוועגונגען. אבער רעדענדיג מיט א היסטארישער שפראך, קען עס לאנג ניט אנהאלטען. פריהער אדער שפעטער מוזען די קייטען פון דער אנטוויקלונג צוריסען ווערען, אדער דורך אן אינערליכער באוועגונג, דורך א רעוואלוציע, אדער, וואס עס טרעפט אפטער, דורך אן אויסערליכען שטויס, דורך א מלחמה. דערביי בייט אפט די געזעלשאפט א טייל פון איהרע מיטגלידער, אדער איהרע גרענעצען, אדער איהר נאמען. דעם באאבאכטער דאכט זיך דאן אויס, אז די געזעלשאפט איז אפגעשטארבען. באמת אבער — אויב שווין יע באנוצען זיך מיט א ביישפיל פון טהירישען לעבען — האט זי בלויז געליטען פון א קראנקהייט, פון וועלכער זי איז נאכהער ארויס א געשטארקטע. אזוי צ. ב. איז די געזעלשאפט פון דער צייט פון דער רוימישער אימפעריע ניט אפגעשטארבען, נאר באנייענדיג איהרע כחות דורך די בארבארישע בלוט, איז זי צוזאמען מיט א טייל נייע מענשען, צוגעטראטען, נאך דער פעלקער וואנדערונג, צו פארבעסערען און אויסברייטערען איהר טעכנישען אפאראט.

## 3. די ענדערונגען אין דער מאכט פון די סאציאלע אינסטינקטען.

### א) די שפראך.

להיפוך צו דער געזעלשאפט פון חיות, האלט זיך די מענשליכע געזעלשאפט אין א שטענדיגען ענדערען־זיך, עס איז דערפאר קלאר אז אויך די מענשען האלטען זיך אין איין ענדערען. די ענדערונגען וועלכע קומען פאר אין די לעבענס באדינגונגען מוזען ווירקען אויף דער מענשליכער נאטור, די ארבייטס צוטיילונג מוז מאנכע פון זיינע נאטירליכע ארגאנען אנטוויקלען פיל מעהר ווי אנדערע, און אנדערע פארענדערען. אזוי צ. ב. ש. האט די אנטוויקלונג פון דער מענשען־ענליכער אפע, פון א פרוכט־עסענדער חיה און א חיה וואס ערנערט זיך מיט אנדערע קלענערע חיות, וועלכע געפינען זיך אויף דער ערד, געמוזט מיט זיך ברענגען די אנטוויקלונג פון די הינטערשטע הענט און פיס. פון דער צווייטער זייט, פון זינט דער ערפינדונג פון געצייג, איז קיין חיה ניט אונטערווארפען געווארען אונטער אזוי פיל, און אזוינע שנעלע, ענדערונגען פון איהר נאטירליכער סביבה, ווי דער מענש. קיין איין לעבעדיגען וועזען איז ניט אויסגעקומען צו לייזען אזעלכע גרויסע, אין אימער וואקסענדע, פראבלעמען פון צופאסען זיך צו דער נייער סביבה, און קיינעם, איז ניט אויסגעקומען זיך אזוי פיל באנוצען מיט דעם באוואוסטזיין, ווי דעם מענשען. פון די ערשטע שריט וואס ער מאכט אויפ׳ן וועג פון ערפינדען געצייג, ווייזט זיך גלייך ארויס אז ער שטעהט פיל העכער, איבער אלע אנדערע לעבעדיגע וועזענס, א דאנק זיין מעגליכקייט זיך צופאסען און דערקענען; עס פארשטעהט זיך אז אין דעם לויף פון זיין געשיכטע האט ער געמוזט אט די אייגענשאפטען זיינע, אנטוויקלען ביז צו א גאר הויכען גראד.

אויב די ענדערונגען אין דער געזעלשאפט קענען אויך ענדערען דעם מענשליכען ארגאניזם, זיינע הענט, פיס און מארד, קענען זיי נאך פיל מעהר ענדערען זיין באוואוסטזיין און זיינע מיינונגען וועגען גוט

און שלעכט. וועגען נוצליך און שעדליך, וועגען מעגליכעס און אוממעג־
ליכעס.

די דערהויבונג פון מענשען איבער אַלע אנדערע לעבעדיגע ווע־
זענס הויבט זיך אָן מיט דער ערפינדונג פון געצייג. אבער פאר דעם
צוועק איז גאָרניט נויטיג געווען אז דער מענש זאל שליסען א געזעל־
שאַפטליכען קאָנטראקט, ווי מען האָט געדענקט אין 18טען יאהר־
הונדערט, אדער ווי מאַנכע יוריסטען פון 20טען יאהר־הונדערט, גלוי־
בען נאָך אַלץ. ער טרעט אריין אין דער סטאַדיע פון זיין מ ע נ ש־
ל י כ ע ר אנטוויקלונג שוין אלס געזעלשאפטליכע חיה, מיט שטארק
אנטוויקעלטע סאָציאַלע אינסטינקטען. דער ערשטער עטישער איינ־
פלוס וואָס די געזעלשאפט האָט געהאט, איז געווען דער איינפלוס
אויף ד ע ר מ א כ ט פון די סאָציאלע אינסטינקטען. אין איינ־
קלאנג מיט דעם כאראקטער פון דער געזעלשאפט, ווערען אָט די אינס־
טינקטען אדער אפגעשוואכט אדער פארשטארקט. עס איז א גרוי־
סער טעות צו דענקען אז די סאָציאלע אינסטינקטען ווערען אימער
פארשטארקט, מיט דער וויטערער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט.

דאָס איז אפשר אמת בנוגע דעם אנהויב פון דער אנטוויקלונג
פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. אַלע אימפולסען וועלכע האָבען
שוין אין דער וועלט פון חיות אנטוויקעלט סאָציאַלע אינסטינקטען,
פארבלייבען אויך אין דער געזעלשאפט, אבער צו זיי ווערען צוגעגע־
בען נאָך אנדערע נייע: די אַלגעמיינע צוזאמענארבייטונג, קאָאָפּע־
ראציע. די קאָאָפּעראציע זעלבסט האָט געמוזט ארויס רופען די באַ־
גענענזייטיגער פארשטענדעניס; ד. ה. די אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך.
דערפעניש אין א נייעם אינסטרומענט פון סאָציאלע באַציהונגען און
די אנדערע געזעלשאפטליכע חיות קענען זיך באגעהן מיט ווייניג מיט־
לען פון געגענזייטיגער פארשטענדעניס, דורך אויסדריקען פרייד, אדער
שרעק, אומרוהיגקייט, כעס און א. ז. וו. יעדער יחיד איז ביי זיי
א באזונדער זאך וואָס קען עקזיסטירען פאר זיך אליין. אבער אזוינע
קלאנגען זיינען דורכאויס ניט גענוג פאר א געמיינשאפטליכען שאפען,
פאר דער פאנאנדערטיילונג פון פארשידענע ארבייטען, אדער פאר
דעם געגענזייטיגען אויסטויש פון פראָדוקטען. זיי זיינען ניט גענוג

## די עטיק

פאר אזוינע יחידים וועלכע קענען בשום אופן ניט אויסקומען אן דער הילף פון אנדערע. די ארבייטס צוטיילונג איז ניט מעגליך אהן דער שפראך, וועלכע דריקט אויס ניט נאר געפיהלען נאר אויך זאכען און פראצעסען. די ארבייטס צוטיילונג קען זיך בלויז אנטוויקלען, אין דער מאס אין וועלכער עס ארבייט זיך אויס די שפראך; און ציהט מיט נאך זיך די באדערפעניש אין דעם.

די ווערטער וואס באצייכענען ט ע ט י ג ק י י ט, איבער־הויפט מענשליכע טעטיגקייט האבען זיך אנטוויקעלט פריהער ווי די וואס באצייכענען זאכען.

די צייט־ווערטער קומען פריהער ווי די הויפט־ווערטער די ערש־טע זיינען די ווארצלען פון וואנען די צווייטע שטאמען אפ.

אט וואס עס זאגט וועגען דעם ל. געיגער:

„ווען מען פרעגט זיך ווארום די נעמען פון ליכט און קאלירען זיינען געקומען שפעטער ווי די ווערטער פאר פארבען די קאלירען, איז דער ענטפער אז דער מענש האט פריהער פון אלעם באשריבען זיינע טהאטען, אדער די טהאטען פון זיינע מיטמענשען; זיין אויפ־מערקזאמקייט איז צוגעצויגען געווארען צו זאכען וואס האבען פאסירט צו איהם, אדער אין דער שכנות'דיגער געגענד וועלכע האט איהם דירעקט אינטערעסירט, אין דער צייט וואס ער האט נאך קיין געפיהל און קיין דערקענטעניש פעהיגקייטען ניט געהאט פאר אזעלכע קאמפ־ליצירטע עמפינדונגען ווי ליכט און שאטען, שיינענדע זאכען און בליץ. באטראכטענדיג די גרויסע צאהל באגריפען וועלכע מיר האבען דא גע־בראכט, באמערקען מיר, אז זיי אלע קענען צוריקגעפיהרט ווערען צו א זעהר באגרענעצטער צאל פון מ ע נ ש ל י כ ע ב א ו ו ע ג ו נ ג ע ן. דאס דערקלערט ווארום די פארשטעלונגען פון נאטור זאכען, אנט־וויקלען זיך אין אזא מערקווירדיג־ארום־און־ארום וועג פון באאבאכ־טונגען פון דער מ ע נ ש ל י כ ע ר ט ע ט י ג ק י י ט, וועלכע איז אויך וועלכען עס איז אופן עהנליך צו זיי, אדער שאפט זאכען וועלכע באזיצען כאטש א ווייטע עהנליכקייט צו זיי. דערפאר איז א בוים — עטוואס וואס איז אפגעשיילט, די ערד — עטוואס צוריבענעם, דער קארן וואס וואקסט אויף איהר — עטוואס וואס האט קיין שא־

לעבן ניט, דערפאַר זיינען די באַגריפען פון ערד, ים און אָפּט אויך פון המיעל אַן אָפּשטאַמונג פון איין און דער זעלבער גרונד פאַרשטע־לונג וועגען עפּעס צוריבענעס, אַנגעפאַרבטעס, א סאַרט האַלב געדיכ־טע ליים־פליסיגקייט.“ (דער אורשפרונג דער שפראַכע. ז. 151-3).

אַט דער וועג פון דער אַנטוויקלונג פון שפּראַך וועט פאַר אונז אויסזעהן גאַנץ נאַטירליך ווען מיר וועלען נעמען אין אַנבאַטראַכט אַז די ערשטע אויפגאַבע פון דער שפּראַך, צו מאַכען מעגליך די געגענ־זייטיגע פאַרשטענדעניס פון מענשען אין דעם פּראָצעס פון זייער געמיינשאַפטליכע טעטיגקייטען און באַוועגונ־גען. די ראָליע פון דער שפּראַך, אַלס געהילף אין דעם פּראָדוק־ציאָנס פּראָצעס ערקלערט אונז אויך וואָרום די פּרימיטיווע שפּראַך איז אַזוי אָרים אין איהרע באַצייכענונגען פון פאַרבען. גלאַדסטאָן און אַנדערע האָבען אויף דעם גרונד אַנגענומען אַז די גריכען פון האָמער'שען פּעריאָד, און אַנדערע פּרימיטיווע פעלקער האָבען זעהר ווייניג געקענט אונטערשיידען צווישען פאַרשידענע פאַרבען. דאָס איז אָבער א גרויסער טעות. עקספּערימענטען האָבען באַוויזען אַז די באַרבאַרען באַזיצען א זעהר אַנטוויקעלטען געפיהל פאַר פאַרבען. זייער טעכניק אָבער איז זעהר שוואַך אַנטוויקעלט, די צאָל פון פאַרבען וועלכע זיי קענען פּראָדוצירען איז זעהר קליין, און דערפאַר זיינען זייערע נעמען פאַר פאַרבען אויך זעהר ווייניג.*)

גרענט עלען צייגט אָן אַז אפילו נאָך איצט ווערען די נעמען פון קאָלירען פאַרמערט, וואָס מעהר די קאָליר־טעכניק וואַקסט. די נע־מען פון קאָלירען דינען פריהער פון אַלץ, ניט פאַר דער באַשרייבונג פון דער נאַטור, נאָר פאַר דער טעכניק.

עס איז אוממעגליך צו פאַרשטעהן די אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך אָהן דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקציאָנס מעטאָדען. פון די לעצטע איז דאָס אויך אָפּהענגיג צי זאָל אַ וועלכע עס איז שפּראַך

*) „ווען דער מענש קען זיך שוין באַנוצען מיט די קאָליר־שטאָפען, וועט דער נאָמען פון אַט די קאָליר־שטאָפען גאַנץ ליכט אָננעמען ביי איהם דעם כאַראַקטער פון אַן אָביעקטיוו. אויף דעם אופן אַנטשטעהען די ערשטע נעמען פון קאָלירען“. (גרענט עלען, דהי קאלאר סענס, ז. 254).

## די עטיק

פארבלייבען בלויז דער דיאלעקט פון א קליינעם שובט אדער ווערען א וועלט־שפראך, אויף וועלכער עס זאלען רעדען מיליאנען מענשען

די אנטוויקלונג פון דער שפראך איז גלייכצייטיג און אויסערגעוועהנליך שטארקער מיטעל פון דעם סאציאלען צוזאמענבונד, פון א פארשטארקונג און אימער קלערערען באוואוסטזיין פון די סאציאלע אינסטינקטען. עס איז אמת אז גלייכצייטיג ברענגט זי מיט זיך אויך אנדערע רעזולטאטען: זי ווערט א מעכטיגער מיטעל איינצוהאלטען דעם ערוואָרבענעם וויסען, זיין פארשפרייטונג, און אויפהאלטונג פאר די קומענדע דורות. נאר מיט איהר הילף איז פאר אונז מעגליך צו שאפען באגריפען און דענקען וויסענשאפטליך, זי מאכט מעגליך די געבורט פון דער וויסענשאפט, און דערמיט אויך דעם זיג פון דער וויסענשאפט איבער דער נאטור. ערשט איצט קריגט דער מענש די מאכט איבער דער נאטור, און אן אויסגעדאכטע אומאפהענגיגקייט פון איהרע אויסערליכע איינפלוסען, און דאס רופט ביי איהם ארויס די אידעע פון פרייהייט. מיר וועלען זיך דא ערלויבען אביסעלע אוועקגעהן אהן א זייט. שאפענהאוער באמערקט זעהר ריכטיג אז:

„די חיה בילדעט פארשטעלונגען נאר דורכ'ן אויג, און פאלגליך אויך בלויז אזוינע מאטיווען וואס קומען דורכ'ן אויג, דערפאר ווארפט זיך אזוי אין די אויגען די אפהענגיגקייט פון זיינע ווילענס־אקטען אן זיינע מאטיווען. דאס איז דער פאל אויך ביי מענשען, ער (האַבענדיג אין זינען דעם יחיד) ווערט אויך באוועגט פון מאטיווען, וועלכע ווירקען מיט א שטרענגער נויטווענדיגקייט, אבער מערסטענס זיינען עס אבסטראקטע פארשטעלונגען, ד.ה. באגריפען, אדער געדאנקען וועלכע זיינען די רעזולטאטען פון פריהערדיגע עמפינדונגען. דאס גיט איהם א געוויסען סארט פרייהייט, אין פארגלייך מיט די חיות, ווייל ער ווערט באוועגט ניט פון דער ווירקליכער סביבה וואס ער קען זעהען מיט זיינע אויגען, נאר פון געדאנקען וועלכע ער האט באקומען פון פריהערדיגער ערפאהרונג, אדער וואס זיינען צו איהם איבערגעגעבען געווארען דורך לערנען. דערפאר זיינען די מאטיווען וועלכע באוועגען איהם צו טאטען ניט אזוי אייגענשיינליך, ער טראגט איהם אין זיין אייגענער קאפ. דאס גיט צו, ניט נאר צו אלע זיינע טאטען,

נאָר אויך צו אַלע זיינע באַוועגונגען, אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער ווי די פון די חיות; גלייכצייטיג דאַכט זיך ציהט זיך דאָס מיט דינערע און ווייניגער מערקבארע פעדים. דערפאר טראָגען אַלע זיינע באַוועגונגען די סמנים פון אויסגערעכענטקייט, און דאָס גיט זיי צו דעם כאַראַקטער פון אומאָפּהענגיגקייט, און טיילט זיי פיל אָפּ פון די חיה'־שע באַוועגונגען. אבער אַט די אַלע גרויסע אונטערשידען זיינען אָפּהענגיג אויסשליסליך פון זיינע פעהיגקייטען פאר אַבסטראקטע פאַרשטעלונגען און באַגריפען" (פרייסשריפט איבער די גרונדלאַגע דער מאַראַל, 1860 ז. 148).

די פעהיגקייטען אַבער פאר אַבסטראקטע פאַרשטעלונגען זיינען אינגאַנצען אָפּהענגיג אַן דער שפּראַך. מעגליך אַז די אַרימקייט פון דער שפּראַך האָט פאראורזאכט די ערשטע פאַרשטעלונג. אין דער נאַטור עקזיסטירען בלויז איינצעלנע זאַכען, די שפּראַך איז אבער צו אָרים אַז זי זאָל קענען יעדע באַזונדערע זאַך אַנרופען מיט א נאָמען, דערפאר מוז דער מענש מיט איין־און־דעם־זעלבען נאָמען אַנרופען די אַלע זאַכען וואָס זיינען ענליך איינס צום צווייטען; אַבער דורך דעם טוט ער, אומבאוואוסטזיניג, אַ וויסענשאַפטליכע אַרבייט, סינטעטיזירענדיג דאָס ענליכע און אָפּטיילענדיו די אומענליכע. די שפּראַך איז געוואָרען ניט נאָר אַן אָרגאַן פון געגענזייטיגער פאַרשטענדיגונג, נאָר אויך אַן אָרגאַן פון ג ע ד אַ נ ק, אפילו ווען איינער רעדט ניט מיט אַ צווייטען, נאָר דענקט פאַר זיך אַליין, מוז ער אויך זיינע געדאַנקען באַקליידען אין באַשטימטע ווערטער.

איב די שפּראַך גיט דעם מענשען א פארהעלטענמעסיגע פרייהייט אין פארגלייך מיט אַלע אַנדערע לעבעדיגע וועזענס, מיינט דאָס בלויז אַז זי אַנטוויקעלט צום העכסטען פונקט דאס וואָס דער מאָרך האָט אַנגעהויבען.

ביי די נידעריגערע וועזענס זיינען באַוועגונגס־נערווען דירעקט פארבונדען מיט די עמפּפינדונגס־נערווען. יעדע דרויסענדיגע אנרעגונג רופט גלייך און דירעקט ארויס א באַוועגונג. אַבער ביסלעכווייז אַנטוויקעלט זיך דער נערווען־צענטער, וועלכער ווערט דער הויפּט צענטער פון דער גאַנצער נערווען סיסטעם. ער נעמט אויף אלע אַנ־

רעגוננגען און מוז זיי ניט באַלד איבערגעבען צו די באַוועגונגס־נערוועז. ער קען זיי צונויפזאַמלען און איבער ארבייטען. די העכערע וועזענס קענען אויף דעם אופן אַנזאַמלען ערפאַרונגען, מיט וועלכע ער קען זיך באַנוצען, און אינסטינקטען וועלכע ער קען אונטער געוויסע באַדינ־גונגען זאָגאַר איבערגעבען בירושה צו די קומענדע דורות.

אויף דעם אופן ווערט, דורך דעם מאַרך, פאַרטונקעלט דער צו־זאַמענבונד צווישען די דרויסענדיגע אנרעגונגען און דער באַוועגונג. אָבער א דאַנק דער שפּראַך, דורך וועלכער עס ווערט מעגליך איבער־געבען ערפאַרונגען צו אַנדערע, די באַשאַפונג פון אַבסטראַקטע באַגרי־פען, וויסענשאַפטליכען וויסען, און איבערצייגונגען, קען מען אין מאַנכע פאַלען אינגאַנצען ניט זעהן די פאַרבינדונג צווישען דער עמ־פינדונג און באַוועגונג.

דאַס זעלבע קומט אויך פאָר אין דער עקאָנאָמיע. די פּרימיטיווע פאָרמען פון סחורה צירקולאַציע איז דער אויסטויש פון פּראָדוקטען וועלכע דינען פאַר'ן פּערזענליכען געברויך, אדער פאַר דער פּראָדוק־ציע. איינער גיט דאָ דעם געברויכס ארטיקעל, און א צווייטער נעמט איהם, דער ציל פון דעם אויסטויש — דער געברויך — איז דאָ קלאָר.

דאַס ווערט פאַרענדערט מיט דער אנטשטעהונג פון געלט אלס מיטעל פאַר דער צירקולאַציע. עס ווערט מעגליך צו פאַרקויפען און ניט גלייך קויפען, פונקט ווי דער מאַרך מאַכט מעגליך געוויסע אַנרע־גונגען צו ווירקען אויפ'ן אָרגאַניזם און דאָך ניט ארויסרופען קיין באַל־דיגע באַוועגונג. פונקט ווי דער לעצטער מאַכט מעגליך צו אנזאַמלען א גאַנצע צאָל פון ערפאַרונגען און אינסטינקטען, וועלכע קענען אפילו איבערגעגעבען ווערען בירושה, אזוי קען מען אויך דורך געלט אַנ־זאַמלען א גאַנצען אוצר. פונקט ווי די אַנזאַמלונג פון אוצרות פון ערפאַרונג און אינסטינקטען, גיט, אונטער די נויטיגע סאָציאַלע באַ־דינגונגען, די מעגליכקייטען פאַר דער אנטוויקלונג פון דער וויסענ־שאַפט און די אויבערהערשאַפט פון מענשליכען גייסט איבער דער נאַטור, אזוי גיט אויך די אַנזאַמלונג פון געלט־אוצרות א מעגליכקייט, אונטער געוויסע געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען, צו פאַרוואַנדלען געלט אין קאַפּיטאַל. דאַס הויבט אויף ביז א געוויסען גראַד די פּראָדוקטי־

ווירטע פון דער מענשליכער ארבייט, און פארשאפט אין פארלויף פון איינציגע הונדערט יאהר פיל גרעסערע ענדערונגען ווי עס איז מעגליך געווען פריהער אין הונדערטער־טויזענדער יארען.

עס זיינען דא פילאָסאָפען וואָס מיינען אַז עלעמענט, מאַרד, שפראך, דערקענטעניש פעהיגקייטען און אידעען, וועלכע שטעלען צו־זאמען די פארבינדונג צווישען די עמפינדונגען און באוועגונגען, זיי־נען ניט נאר איינפאכע מיטלען, פאר א צוועקמעסיגערער און ערפאלג־רייכערער ווירקונג אויף די דאָזיגע פארבינדונגען, אין די אינטערעסען פון יחיד און פון דער געזעלשאפט, נאר אַז זיי רופען ארויס זעלבסט־שטענדיגע כחות אין זיינען אפילו די שעפער פון דער וועלט. פונקט ווי אַט די פילאָסאָפען, זיינען אויך דא עקאנאָמיסטען וואָס מיינען אַז געלט — דער דאָזיגער מיטעל־פונקט אין דער סחורה־צירקולאציע, וואָס מאַכט מעגליך אין דער פאָרם פון קאפיטאל צו אנטוויקלען די פראָדוקטיווע כחות פון מענשען — שאַפט אַליין די צירקולאַציע, איז אליין דער שעפער פון אַט די כחות, און פון אַלע ווערטען, וואָס ווערען פראָדוצירט אין א פיל גרעסערער מאָס ווי דורך דער פרימיטי־ווער האַנט־ארבייט.

די טעאָריע פון דער פראָדוקטיוויטעט פון קאפיטאל באַרוהט אויף א געדאנקען פראָצעס וואָס איז ענליך צו דעם געדאנקען גאַנג וועגען דעם פרייען ווילען און וועגען דעם מאָראַלען געזעץ וועלכער רעגולירט אונזערע האַנדלונגען אויסער צייט און רוים. דער קאמף וועלכען מארקס האָט אָנגעפירט געגען ביידע געדאנקען גאַנגען איז דערפאר בלויז דער רעזולטאַט פון דער פאָדערונג פון לאָגיק.

ב) מלחמה און אייגענטום.

צוזאמען מיט דער געמיינשאפטליכקייט פון ארבייט און שפראך, טרעט ארויס אלס מיטעל פאר דער ווייטערער אנטוויקלונג פון די סאָ־ציאלע אינסטינקטען, די אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט דורך מלחמה.

מיר האָבען קיין גרונד ניט אָנצונעמען אַז דער פרימיטיווער

# די עטיק

מענש איז געווען קריגעריש געשטימט. די הארדעס פון אפען — מענשען וועלכע האבען זיך צונויפגעטראפען אויף איין־און־דעם־זעל־בען ערנערונגס פלאץ, האבען זיך אפשר געקריגט צווישען זיך, און איינס, דעם צווייטען פארטריבען. אבער אז עס זאל קומען אזוי ווייט אז איינער דעם צווייטען זאל ערמארדען — געפינען מיר ניט קיין ביישפיל ביי די אפען וועלכע לעבען היינט צו טאג. עס איז אמת, אז בנוגע די מענער־גארילאס גיט מען איבער, אז צייטענווייז טרע־טען זיי אריין צווישען זיך אין אזוינע פארביטערטע געשלעגען, אז איינער מוז בלייבען טויט. דאס זיינען אבער געשלעגען פאר א פרוי — ניט פאר ערנערונגס־פלעצער.

גאנץ אנדערש ווערט דאס ווען דער מענש ווערט א יעגער, וועל־כער באזיצט כלי זין וואס קענען מארדען, און וואס ווערט בכלל גע־וואהנט צו פארגיסען בלוט און אוועקנעמען פרעמדע לעבענס. עס קומט נאך צו, צו דעם נאך איין אומשטאנד אויף וועלכען ענגעלס האט שוין אנגעוויזען ווען ער האט דערקלערט דעם קאניבאליזם. דאס איז די ניט באשטענדיגקייט פון דער ערנערונג. אין די טראָ־פישע לענדער איז דא געוויקסען איבער גענוג. אין די גראזיגע טאלען אבער קען מען ניט אזוי געפינען ווארצלען אדער פרוכטען אויף צו עסען, און דאס פאנגען פון רויב איז מערסטענס א צופאל. די רויב־חיות האבען א דאנק דעם אנטוויקעלט די פעהיגקייט צו הונגערען אן אויסערגעוועהנליכע לאנגע צייט. דער מענשליכער מאגען אבער איז אויף דעם ניט פעהיג. די נויט באוועגט דערפאר א וועלכען עס איז ווילדען שבט ארוים אין א קאמף אויף לעבען און טויט מיט א שכניש'ען שבט, וועלכער האט פארנומען א געגענד וואס איז גוט פאר'ן געיעג. די ביטערקייט פון קאמף און דער שמערצליכער הונגער טרייבען זיי סוף כל סוף צו דעם, אז ניט נאר זאלען זיי מ א ר ד ע ן, נאר אויך א ו י פ ר ע ס ע ן זייער שונא.

אויף אט דעם אופן, שאפט דער טעכנישער פראגרעס א מעג־ליכקייט פון צוזאמענשטויסען וואס זיינען געווען אינגאנצען פרעמד צו דעם מענש־אפע. דאס איז שוין א קאמף ניט מיט ווזענס פון אן אנדער מין, נאר פון איין־און־דעם־זעלבען מין. אפט זיינען אט

# קארל קאוטסקי

די קאמפען פיל ביטערער און בלוטיגער ווי דער קאמף מיט די לעאַ־פּארדען און פאנטערעס, געגען וועלכע די גרעסערע אפען קענען גאנץ גוט ביישטעהן.

עס איז א גרויסער טעות, אנצונעמען אז דער פּראָגרעס פון דער קולטור און די פארמערונג פון וויסען, מוז מיט זיך ברענגען אויך א פארגרעסערטע הומאניטעט. מען קען זאגען אז די אפע איז הומאנער, און פאלגליך מענשליכער, ווי דער מענש. די ערמאָרדונג פון מיט־מענשען פאר עקאנאמישע גרונדען זיינען די ספּעציפישע רעזולטאטען פון דער אנטוויקלונג פון קולטור און טעכניק פון כלי זין. אפילו איצט ווערט נאך דער גרעסטער טייל פון דער גייסטיגער ארבייט פון מענ־שען אוועקגענומען פאר דער פארפאלקאמענונג פון די מאָרד־אינסטרו־מענטען.

בלויז אונטער ספּעציעלע אומשטענדען, ביי ספּעציעלע קלאסען באווייזט זיך, דורך דער ווייטערער אנטוויקלונג פון דער קולטור דאס וואס מיר רופען אן די ראפינירטקייט פון מאנערען. די אנטוויקלונג פון דער ארבייטס צוטיילונג גיט איבער די ארבייט פון מאָרדען מענ־שען און חיות צו באשטימטע קלאסען, יעגערס, קצבים, הענקערס, סאָלדאטען און א. ז. וו. זיי אלע פארנעמען זיך מיט בלוט פארגיסונג אדער אלס ספּאָרט, אדער ווי א באשעפטיגונג. די אנדערע ווערען איינגאנצען באפרייט פון דער נויטווענדיגקייט און אפילו מעגליכקייט צו פארגיסען בלוט, אזוי ווי צו ב. ש. די וועגעטעריאנישע פויערים וואס וואהנען אין די טאָלען ביי די טייכען־ברעגען אין אינדיע. די נאטור זעלבסט מאכט פאר זיי אוממעגליך צו האבען גרויסע סטאדעס פיה, און דערפאר איז פאר זיי דער אקס צו טייער אלס מישא־שלעפער, אדער די בהמה אלס מילך געבעריו, אז זיי זאלען זיי דער׳הרגנ׳ען. דאס איז אויך דער פאל מיט דער גרעסטער טייל פון די שטאט איינ־וואוינער פון די אייראפייאישע שטאטען, זינט עס איז פארניכטעט געווארען די שטאט רעפּובליק, עס איז באשאפען געווארען א געדונ־גענע ארמעע און עס איז אנטשטאנען די פּראָפעסיע פון קצבים, זיינען זיי אינגאנצען באפרייט פון דער נויטווענדיגקייט צו הרגנ׳ען

# די עטיק

א וועלכע עס איז לעבעדיגע באַשעפעניש. איבערהויפּט איז די אינ־טעליגענץ אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָהרען אַזוי אָפּגעוואָהנט גע־וואָרען פון פאַרגיסען בלוט, אַז דאָס רופט ביי זיי אפילו ארויס א געפיהל פון עקעל. זיי שרייבען דאָס צו, צו זייער העכערער אינטע־ליגענץ, וועלכע, הייסט דאָס, וועקט אין זיי, איידעלערע געפיהלען. אָבער פאַר די לעצטע יאָהרען איז אין דער מערהייט פון די אייראָ־פּייאישע שטאַטען צוריק איינגעפיהרט געוואָרען די אַלגעמיינע מי־ליטער דינסט, די מלחמות זיינען צוריק געוואָרען פעלקער־קריגען, און דאָס האָט ווייטער געמאַכט אַן ענדע צו דער איידעלקייט פון די גע־פיהלען פון דער אינטעליגענץ. פון דער צייט אָן זיינען זיי פיל פאַר־גרעבט געוואָרען; זיי שטעלען זיך מעהר ניט קעגען טויט־שטראָף, וועלכע איז אין די פופציגער יאָהרען פון 19טען יאָהר־הונדערט פון אַלעמען פאַראורטיילט געוואָרען, און זיי זוכען אפילו צו אנטשול־דיגען און זינגען לויב־געזאַנגען, צו די אַלע גרויזאַמקייטען פון קאָ־לאָניאַלע מלחמות, וועלכע וואָלטען מיט א פופציג יאָהר צוריק, אַמ־ווענינגסטענס אין דייטשלאַנד, אוממעגליך געווען.

ווי עס זאָל ניט זיין, זיכער אַז מלחמה שפּילט ניט, היינט, ביי די מאָדערנע פעלקער, די ראָלע וועלכע זי האָט געשפּילט ביי די נאָ־מאַדישע, פיה־פּיטערענדע אדער יעגערישע שבטים. שאַפענדיג גרוי־זאַמקייטען און בלוט דורשטיגקייטען בנוגע דעם שונא, שאַפט אָבער אויך די מלחמה א פאַרשטאַרקערטען צוזאַמענבונד צווישען די מיט־גלידער פון אָט דעם שבט אדער געזעלשאַפט. וואָס גרעסער עס איז די געפאַר פאַר דעם יחיד, מצד דעם שונא, אַלץ מעהר אָפּהענגיג פיהלט ער זיך, אַן דער געזעלשאַפט, שבט אדער משפחה, וועלכע זיינען נאָר אַליין איִמ־ןטאַנד איהם צו באַשיצען. צוזאַמען מיט דעם וואַקסט אויך די סאָציאַלע באַדייטונג פון טוגענד, זעלבסט אויפאָפּערונג, און מוטיגקייט, אין נאָמען פון דער געזעלשאַפט. וואָס בלוטיגער עס איז דער קר־ג צווישען איין שבט און דעם צווייטען, אַלץ מעהר וועט די סיסטעם פון איוכוואַל ווירקען. זיגען וועט ניט נאָר דער שטאַרקסטער שבט, נאָר דער וואָס האָט די קלוגסטע, די אַממערסטענס זעלבסט אויפאָפּערענדע, און דיסציפּלינירטע מיטגלידער. אויף דעם אופן וויר־

קען די מלחמות אין די פּרימיטיווע צייטען, צו פאַרשטאַרקען די סאָ־
ציאַלע אינסטינקטען אין מענשען.

אין דעם לויף פון דער מענשליכער אנטוויקלונג בייטען זיך אויך
די פאָרמען פון מלחמות. עס בייטען זיך אויך די אורזאַכען. די
ערשטע אורזאַכען פון מלחמות, די אומזיכערקייט און ניט־גענוגקייט
פון שפּייז, פאַרשווינדט מיט דער ווייטערער אנטוויקלונג פון ערד
אַרבייט און פיה־צוכט. עס אנטשטעהט אנשטאט דעם א נייע אור־
זאַך פון קריג: דאָס אייגענטום, דער באַזיץ פון ר י י כ ט י מ ע ר,
ניט קיין פּריוואַטע אייגענטום, נאָר פון גאַנצען שבט. זייט ביי
זייט מיט די שבטים וועלכע וואוינען אין פרוכטבאַרע געגענדען, וואוי־
נען אנדערע אין אומפּרוכטיגע געגענדען. זייט ביי זייט מיט וואַנ־
דערענדע, קריגערישע אַרימע פיה־פּיטערער, באַגעגענען זיך
פויערים, וואס זיינען שוין אפּגעוואָהנט געוואָרען פון באַגעהן זיך מיט
כלי זין, וועמעס באַלעבאַטישקייט עס שאַפט פאַר זיי אַן איבערפלוס
פון פּראַדוקטען, און א. ז. וו. מלחמות ווערען דעמאָלט פאַרוואַנדעלט
אין רויבערייען, און פאַרטיידיגונג קעגען רויבערייען. אט דעם כאַ־
ראַקטער האָבען מלחמות בעצם נאָך אפילו ביז הייט צו טאָג.

אָט די סאָרט מלחמה אפילו האָט א גוטע ווירקונג אויף דער
פאַרשטאַרקונג פון די סאָציאַלע אינסטינקטען. אבער, נאָר ביז דער
צייט, ביז וואַנען דער אייגענטום איז דער אייגענטום פון גאַנצען
שבט. מיט דער אנטשטעהונג פון באַזונדערע קלאַסען אין דער גע־
זעלשאַפט, הערט די מלחמה אויף צו פאַרשטאַרקען די סאָציאַלע אינס־
טינקטען, און מלחמות ווערען אַלץ מעהר און מעהר „די זאַך" פון די
הערשענדע קלאַסען, וועלכע שטרעבען צו אויסברייטערען די ספערען
פון זייער עקספּלואַטאַציע, אָדער צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון אַן אַנ־
דער הערשענדען קלאַס אין אַ שכנ'יש לאַנד. פאַר די אונטערדריקטע
קלאַסען זיינען אָט די מלחמות מערסטענס א פראַגע פון עקזיסטענץ,
און אָפט ניט אפילו וועגען אַ בעסערער אָדער ערגערער עקזיסטענץ,
נאָר בלויז — ווער וועט זיין זייער הערשער. פון דער צווייטער זייט
ווערט די אָרמע פאַרוואַנדעלט אָדער אין אַן אריסטאָקראַטישער, אין
וועלכע די מאַסע באַטייליגט זיך ניט, אָדער — אויב די מאַסען באַ־

## די עטיק

טייליגען זיך יא — אין א געדונגענער, אדער געצוואונגענער ארמיע, וועלכע ווערט באהערשט דורך דעם הערשענדען קלאס. זיי דארפען מקריב זיין זייערע לעבענס, ניט פאר דער פארטיידיגונג פון זייערע אייגענע פארמעגענס, זייערע אייגענע פרויען און קינדער, נאר פאר פרעמדע, אפט פיינדליכע, אינטערעסען. אזוינע ארמעען זיינען ניט צוזאמענגעבונדען דורך סאציאלע אינסטינקטען, נאר דורך דער מורא פאר דעם הארטען, שטראפענדען געזעץ. זיי זיינען צוטיילט דורך דעם האס פון דער מאסע צו זייערע פיהרער, און דער גלייכגילטיג־קייט, און זאגאר אונצוטרויען פון די לעצטע, צו זייערע אונטער־טאנען.

אויף אט דער שטופע הערט די מלחמה אויף צו זיין א שול וואו די סאציאלע אינסטינקטען פון דער מאסע אנטוויקלען זיך. זי ווערט א שול וואו עס ווערט קולטיווירט די פאראכטענדע האלטונג פון די קריגערישע צו די דאזיגע קלאסען, ווייל זי לערענט די הערשענדע קלאסען צו באגעהן זיך מיט איהרע באהערשטע ווי די פיהרער פון דער ארמעע — מיט זייערע סאלדאטען, ברענגען זיי ביז צו בליג־דער אונטערטעניגקייט און אהן רחמנות באלעבאטעווען איבער זייערע כחות און אפילו איבער זייערע לעבענס.

אט די אנטוויקלונג פון קריג איז, ווי מיר האבען שוין געזאגט, דער רעזולטאט פון דער אנטוויקלונג פון אייגענטום, וואס איז אליין דער רעזולטאט פון דער אנטוויקלונג פון דער טעכניק.

יעדע זאך, וואס ווערט געשאפען אין דער געזעלשאפט, אדער וואס איז נויטיג כדי עפעס צו פראדוצירען, מוז דאך פאר־וואלטעט ווערען פון עמיצען: דאס קען זיין אדער פון א גרופע אדער פון א יחיד. דער אופן פון פארוואלטונג איז באשטימט פריהער פון אלין דורך דער נאטור פון דער זאך, דורך דער נאטור פון דער פרא־דוקציאנס־מעטאדע, און פון פראדוקט זעלבסט. ווער עס האט אליין פאר זיך געמאכט כלי זין, האט זיי אליין באנוצט: דאס זעלבע איז בנוגע דעם וואס האט פאר זיך אליין קליידער געמאכט. פון דער צווייי־טער זייט איז דאס פונקט אזוי נאטירליך געווען, אז דאס הויז וואס איז געבויט געווארען מיט די געמיינשאפטליכע כחות פון גאנצען

שבט, זאָל פון גאַנצען שבט באַוואוינט ווערען. אויף דעם אופן זיינען פאַרשידענע פאָרמען פון באַזיצען און באַנוצען פאַרשידענע זאַכען, וועלכע זיינען איינגעפיהרט געוואָרען אין די פריהסטע צייטען, איבערגעגאַנגען פון דור צו דור, און זיינען געוואָרען איינגעוואָרצעלטע געוואָהנהייטען.

אַזוי זיינען אַנטשטאַנען די געזעצען פון געוואָהנהייט. וואָס האָבען זיך שפּעטער נאָך מעהר אויסגעברייטערט. ווען קריגערייען וועגען די מעטאָדען פון באַנוצען, אָדער ווער עס זאָל באַנוצען געוויסע זאַכען, פלעגען אויסברעכען, פלעגען די מיטגלידער פון גאַנצען שבט דאָס באַשטימען. דער געזעץ איז ניט אַנטשטאַנען אַ דאַנק אַ פריהער אויסגעטראַכטער געזעצגעבונג, אָדער אַ סאָציאַלען קאָנטראַקט, נאָר פון געוואָהנהייט, וועלכע איז באַזירט אויף די טעכנישע באַדינגונגען. דאָרט וואו דאָס איז געווען ניט גענוג, האָט ער זיך געשטיצט אויף דעם אורטייל פון דער געזעלשאַפט. אויף דעם אופן אַנטשטעהען שטופענוויין די קאָמפּליצירטע געזעצען פון אייגענטום אויף די פאַרשידענע פּראָדוקציאָנס־מיטלען און געזעלשאַפטליכע פּראָדוקטען.

אין אַנפאַנג איז די קאָמוניסטישע פאָרמע פון אייגענטום געווען אַלגעמיין, איבערהויפּט אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ערד וועלכע פלעגט באַאַרבייט ווערען געמיינשאַפטליך, וואַסער אַפּאַראַטען, הייזער און אַפילו פיה און אַנדערע זאַכען. דער געמיינשאַפטליכער אייגענטום האָט געמוזט גוואַלדיג פאַרשטאַרקען די סאָציאַלע אינסטינקטען, און דעם אינטערעס פון יעדען יחיד צו דער געזעלשאַפט. אָבער גלייכצייטיג האָט זי אויך געמוזט פאַרשטאַרקען די אונטערטעניגקייט און אָפּהענגיגקייט פון יחיד, צו זיין געזעלשאַפט.

גאַנץ אַנדערש ווירקט דאָס פּריוואַט אייגענטום פון באַזונדערע משפחות אָדער יחידים. אַזוי שנעל ווי ער אַנטוויקעלט זיך נאָר אויף אַזוי פיל, אַז ער הויבט אַז אַרויסשטויסען דעם געמיינשאַפטליכען אייגענטום. דאָס פּאַסירט דערמאָלט ווען די פאַרשידענע מלאכות הויבען זיך אַז, אַ דאַנק דער וואַקסענדער צוטיילונג פון דער אַרבייט, אָפּטיילען פון דער אַגריקולטורעלער באַלעבאַטישקייט, פון וועלכער

זיי זיינען פריהער געווען א טייל, ווען זיי הייבען אָן ווערען זעלבסטשטענדיג און פארצווייגען זיך אַלץ מעהר און מעהר.

אָט די אנטוויקלונג מיינט אן אויסברייטערונג פון דער געזעלשאפטליכער ספערע, א דאנק דער צוטיילונג פון דער ארבייט און די פארגרעסערונג פון דעם צאָל מענשען, וועלכע שטעלען די געזעלשאפט צוזאמען, דורך דעם וואָס זיי ארבייטען איינער פאר'ן צווייטען. ד. ה. וואָס זיי זיינען געגענזייטיג אָפּהענגיג איינער פון צווייטען. אָבער אָט די אויסברייטונג פון דער געזעלשאפטליכער ארבייט דריקט זיך אויס ניט אין אן אויסברייטונג פון דער ג ע מ י י נ ש א פ ט ל י כ ע ר ארבייט, נאָר אין דעם, וואָס פון דער געמיינשאפטליכער ארבייט טיילען זיך אָפּ באזונדערע צווייגען, וועלכע ווערען די באזונדערע באשעפטיגונגען פון באזונדערע מענשען, וועלכע פּראָדוצירען זאכען וואָס זיי אַליין פארברויכען ניט, און בייטען אויס זייערע פּראָדוקטען אויף אנדערע, וואָס זיי אַליין קענען פארברויכען.

די געמיינשאפטליכע פּראָדוקציע און געמיינשאפטליכע פּראָדוקציאָנס־מיטלען פון די גרויסע געזעלשאפטען, וואָס נויטיגען זיך ניט אין קיינעמס הילף, ווי צ. ב. ש. די מארקען אָדער די משפחה־קאָאָפּעראציע, ווערען ארויסגעשטויסען דורך דער אינדיווידועלער פּראָדוקציע, און דעם פּריוואַט אייגענטום פון יחידים, אָדער פאַרלאַך מיט זייערע קינדער, וועלכע פּראָדוצירען ס ח ו ר ו ת, ד. ה. פּראָדוקטען וועלכע זיינען באשטימט ניט פאַר זייער אייגענעם געברויך, נאָר צום פארקויפען.

דערמיט ווערט אריינגעבראכט א נייער עלעמענט אין דער געזעלשאפט. צוזאמען מיט פּריוואַט אייגענטום, וועלכער האָט עקזיסטירט אויך פריהער, הגם אין א ווייניגער אנטוויקעלטער פאָרמע, הויבט זיך די קאָנקורענץ צווישען פארשידענע אונטערנעמער פון דער זעלבער צווייג פון דער אינדוסטרי. זיי קעמפען צווישען זיך פאַר בעסערע פּאָזיציעס אויפ'ן מארק.

גאַנץ אָפט נעמט די קאָנקורענץ און מלחמה אלס פאָרמען פון דעם קאמף פאַר דער עקזיסטענץ, וועלכער ווערט כלומרשט געפיהרט אין דער גאנצער נאטור. באמת אָבער זיינען זיי ביידע אנטשטאנען

אַ דאַנק דעם טעכנישען פּראָגרעס, און זיינע כאַראַקטעריסטי־שע סמנים. זיי אונטערשיידען זיך פון דעם קאַמף פאַר דער עקזיס־טענץ אין דער אָרגאַנישער וועלט דורך דעם, וואָס דער לעצטער איז אַ קאַמף פון יחידים אָדער גאַנצע געזעלשאַפטען קעגען דער נאַ־טור וואָס רינגעלט זיי ארום, קעגען די לעבעדיגע און ניט לעבעדיגע נאַטור־כחות; פון דעם קאַמף געהען שנעלער ארויס די זיגער און קע־נען זיך פאַרמערען די וואָס זיינען בעסער באַוואָפענט און בעסער צוגעפּאַסט צו די עקזיסטירענדע צושטאַנדען. דאָס איז אבער בשום אופן ניט קיין קאַמף צווישען יחידים פון דעם זעלבען מין. אויב מיר זאָלען ניט רעכענען מאַנכע רויב־חיות, און אפילו ביי די לעצטע שפּילט אַט דער קאַמף בלויז א צווייטע־גראַדיגע ראָלע אין זייער קאַמף פאַר'ן לעבען, מיט אויסנאַם פון דעם קאַמף אין דעם סעק־סועלען נאַטירליכען אויסוואַל. בלויז ביי מענשען, אַ דאַנק די פאַר־פאָלקאָמענונג פון זיינע כלי־זין, פאַרנעמט דער קאַמף קעגען יחידים פון דעם זעלבען מין, דעם אויבען־אַן אַלס מיטעל אין דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ. עס איז אָבער אויך דאָ פאַראַן אַ גרויסער אונ־טערשיד צווישען מלחמה און קאָנקורענץ. א מלחמה איז אַ קאַמף וואָס ווערט געפיהרט צוויי שען צוויי באַזונדערע געזעלשאַפטען; זי פאַראורזאכט אַן אונטערברעכונג פון דער פּראָדוקציע און קען דער־פאַר ניט ווערען קיין שטענדיגע אינסטיטוציע. זי זעצט פאָראויס, אַמוועניגסטענס וואו עס איז נאָך ניטאָ קיין שאַרפער קלאַסען־אנטאַ־גאָניזם, א שטארקע געזעלשאַפטליכע צוגעבונדענקייט, און העלפט דערמיט די פאַרשטאַרקונג פון די סאָציאַלע אינסטינקטען. די קאָנ־קורענץ אבער איז אַ קאַמף צווישען באַזונדערע יחידים אין דער זעל־בער געזעלשאַפט. אַט דער קאַמף דינט אַלס רעגולאַטאָר, הגם אַ זעהר איינענטימליכער, וועלכער העלפט אויפצוהאַלטען די געזעלשאַפטליכע קאָאָפעראַציע פון די באַזונדערע, אינדיווידועלע אונטערנעמער, און צווינגט אַט די פריוואַטע פּראָדוצירער צו פּראָדוצירען אימער די זאַ־כען, וואָס זיינען נויטיג פאַר דער געזעלשאַפט, ד. ה. וואָס עס איז נויטיג אונטער די געגעבענע געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען. אויב מלחמה מיינט אַ צייטווייליגער איבעררייס פון דער פּראָדוקציע, איז

אבער די קאנקורענץ זיין שטענדיגער, נויטווענדיגער באגלייטער, אומעטום וואו די פראדוקציע איז נאר א סחורה־פראדוקציע.

די קאנקורענץ איז, אזוי גוט ווי די מלחמה, א פארלוסט פון כחות, אבער גלייכצייטיג איז זי אויך א מיטעל, דורך וועלכען עס ווערט דערגרייכט די גרעסטע אנשטרענגונג פון די פראדוקציאנס־כחות און זייער שנעלסטע פארפאלקאמענונג. איהר עקאנאמישע באדייטונג איז דערפאר אומגעהויער, ביז דער צייט ווען זי באשאפט אזוינע קאלאסאלע פראדוקציאנס־כחות, פאר וועלכע די גרענעצען פון דער סחורה־פראדוקציע ווערען צו ענג, פונקט ווי עס זיינען אמאל ענג געווארען די גרענעצען פון דער פרימיטיווער געזעלשאפטליכער אדער קאאפעראטיווער באלעבאטישקייט פאר דער פאנאנדער געוואקסענער ארבייטס־צוטיילונג. די איבער־פראדוקציע, אזוי גוט ווי די קינסטליכע באגרענעצונג פון דער פראדוקציע דורך די ארגאניזאציעס פון אונטערנעמער, זיינען דער בעסטער באווייז, אז די צייט ווען די קאנקורענץ האט מיטגעהאלפען דער פראדוקציע, און דערמיט אויך דער געזעלשאפטליכער אנטוויקלונג, איז שוין פאראיבער.

אבער אפילו ביז דער צייט האט זי דאס געטאן בלויז דורך דעם וואס זי האט ארויסגערופען די גרעסטע אויסברייטונג פון דער פראדוקציע. גלייכצייטיג אבער האט די קאנקורענץ צווישען יחידים פון דער זעלבער געזעלשאפט געווירקט זעהר שלעכט אויף די סאציאלע אינסטינקטען. די זאך איז וואס אין דעם קאמף געווינט אמלייכטסטען דער וואס האט ווייניגער אין זינען וועלכע עס איז געזעלשאפטליכע אויסרעכענונגען, און קימערט זיך איבערהויפט וועגען זיינע אינדיווידועלע אינטערעסען. עס איז דערפאר גאנץ נאטירליך, אז דער מענש פון דער אנטוויקעלטער סחורה־פראדוקציע סיסטעם, זאל האלטען דעם עגאאיזם פאר דעם איינציגען נאטירליכען אינסטינקט אין מענשען, און די סאציאלע אינסטינקטען פאר — אדער באהאלטענעם עגאאיזם, אדער ווי עפעס וואס איז אויסגעטראכט געווארען פון די גלחים, כדי זיי זאלען קענען הערשען איבער מענשען, אדער אלס עטוואס איבערנאטירליכעס און מיסטישעס. אויב די סאציאלע אינסטינקטען האבען נאך א וועלכע עס איז ווירקונג אין דער מאדערנער

געזעלשאַפט, דאַרף מען דאָס צושרייבען בלויז צו דעם וואָס די אַל־געמיינע סהורה־פּראָדוקציע איז נאָך אַ פאַרהעלטענסמעסיג יונגע ערשיינונג, (נאָך קיין 100 יאָהר ניט אַלט) און אויך צו דעם וואָס גלייכצייטיג מיט דער פאַרשווינדונג פון דעם פּרימיטיווען דעמאָקראַטישען קאָמוניזם און מלחמה, הערט אויף צו זיין אַן אורזאַך פאַר סאָציאַלע אימפּולסען, עפענט זיך אַ נייער קוואַל אויף, און נאָך אַ שטאַרקערער ווי דער פריהעריגער — דאָס איז דער ק ל אַ ס ע ן־ק אַ מ ף, פון די עקספּלואַטירטע פאָלקס־מאַסען. אַט דער קאַמף ווערט געפיהרט ניט פון געדונגענע אָדער געצוואונגענע זעלנער, נאָר פרייוויליגע קעמפּער פאַר זייערע אייגענע אינטערעסען.

## 4. דער איינפלוס פון די סאָציאַלע אינסטינקטען.

### א) אינטערנאַציאָנאַליזם.

מיט דער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט בייטען זיך פיל מעהר די ס פ ע ר ע ן איז וועלכע עס ווירקען די סאָציאַלע אינסטינקטען, ווי זייער ש ט ו פ ע פ ו ן א י נ ט ע נ ס י ו י ט ע ט. די טראַדיציאָנעלע עטיק האָט באַטראַכט דעם מאָראַלען געזעץ אַלס די קראַפט וואָס רעגולירט די באַציהונגען צווישען מענש און מענש. האָבענדיג אימער אין זינען דעם יחיד און ניט די געזעלשאַפט האָט זי ניט באַמערקט, אז דער מאָראַלער געזעץ רעגולירט ניט די באַציהונג צווישען מענש און מענש בכלל, נאָר די באַציהונגען צווישען מענשען פון דער זעלבער געזעלשאַפט. ווען מיר וועלען זיך דערמאָנען די אנטשטעהונג פון סאָציאַלע אינסטינקטען וועט פאַר אונז קלאָר ווערען אז דאָס איז ווירקליך אַזוי. די סאָציאַלע אינסטינקטען זיינען מיטלען פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון געזעלשאַפטליכען צובונד און פאַר דער פאַרגרעסערונג פון די געזעלשאַפטליכע כחות. די חיה פיהלט די סאָציאַלע אינסטינקטען בלויז בנוגע די מיטגלידער פון דער סטאַדע אין וועלכע זי געפינט זיך. די מיטגלידער אבער פון אנדערע סטאַדעס קימערען איהר גאַנץ ווייניג. די

סאציאלע רויב־חיה ווייזט זאגאר ארוים א פיינדשאפט צו א מיט־גליד פון א צווייטער גרופע. אזוי צ. ב. ש. היטען די הינט פון יעדער גאס אין קאנסטאנטינאפאל, אז קיין הונט פון א צווייטער גאס זאל צו זיי ניט קענען אריינקומען. קומט א הונט אין א פרעמדער גאס ווערט ער גלייך פארטריבען און אפט אויך צוריסען אויף שטיקער.

אזוי שנעל ווי עס באווייזט זיך געיעג און מלחמה ביי מענשען, טרעטען די מענשליכע גרופען אריין אין די זעלבע באציהונגען. איינע פון די וויכטיגסטע פארמען פון קאמף פאר דער עקזיסטענץ ווערט איצט דער קאמף פון איין גרופע קעגען דער צווייטער פון זעלבען מין. ווער עס איז ניט קיין מיטגליד פון מיין גרופע איז א שונא. די סאציאלע אינסטינקטען ווירקען דעמאלט ניט לטובת איהם, נאר געגען איהם. וואס שטארקער זיי זיינען, אלץ שטארקער ווערט דער בונד פון די מיטגלידער צווישען זיך און זייער געגנערשאפט צום שונא, און אלץ ענערגישער קעמפען זיי געגען דעם פרעמדען. די סא־ציאלע מצוות, געגענזייטיגע הילף, זעלבסט־אויפאפערונג, די ליעבע צום אמת, און א. ז. וו. ווערען אנגעווענדעט בלויז אויף די מיטגלידער פון דער אייגענער גרופע, אבער ניט אויף פרעמדע*).

אויב דער מאראלער געזעץ ווערט אנגעווענדעט בלויז אויף מיט־גלידער פון איינעמס אייגענער געזעלשאפט, זיינען אבער די גרענע־צען פון אט דער געזעלשאפט קיינמאל ניט באשטימט פון פאראויס. זיי ברייטערען זיך אויס צוזאמען מיט דעם וואוקס פון דער ארבייטס־

*) ווען איך האב אט דעם פאקט קאנסטאטירט דער „נייער צייט“ האט מען מיר אויפגעווארפען אז איך וויל שאפען א באזונדערען סאציאל־דעמא־קראטישען מאראלען פרינציפ להיפוך צו דעם אויביגען מאראלען געזעץ, וועלכער פאדערט גערעכטיגקייט פאר אלעמען. באמת אבער האב איך בלויז געזאגט דאס וואס האט שטענדיג געלעבט אין דעם מענשליכען הארץ אלס מאראלער געזעץ, פון זינט אונזערע אור־עלטערען זיינען געווארען מענ־שען, נעמליך, אז די סאציאלע אינסטינקטען מוזען ניט אנגעווענדעט ווע־רען אויף א שונא. עס איז אבער ניטא קיין אורזאך ווארום אימיצער זאל זיין אויפגערעגט קעגען דער סאציאל־דעמאקראטיע דערפאר, ווייל נאך אלע־מען איז ניטא נאך א פארטיי וואס זאל אזוי ברייט פארשטעהן דעם באַ־גריף־געזעלשאפט, ווי זי, וועלכע זאל ארומכאפען אלע נאציאנען און אלע ראסען און די ספערען פון איהר סאלידאריטעט.

צוטיילונג, צוזאמען מיט דעם וואוקס פון דער פראדוקטיוויטעט פון דער מענשליכער ארבייט, און דער פארפאלקאמענונג פון די מיטלען פון מענשליכער צוזאמענקונפט. עס פארגרעסערען זיך די צאל מענשען, וועלכע קענען זיך ערנערען אין א באשטימטער געגענד, און וועלכע קענען אין א באשטימטער טעריטאריע ארבייטען איינער פאר׳ן צווייטען, און איינער מיט׳ן צווייטען, און אויף דעם אופן ווערען זיי צווישען זיך פארבונדען געזעלשאפטליך. גלייכצייטיג ווערט אויך פארגרעסערט די צאל פון טעריטאריעס, פון וועלכע די איינוואוינער טרעטען אריין צווישען זיך אין באשטימטע באציהונגען, כדי צו ארבייטען איינער פאר׳ן צווייטען און שאפען געזעלשאפטליכע ארגאניזאציעס. אם ענדע וואקסט אויך די גרויס פון די טעריטאריעס, וועלכע זיינען צווישען זיך פארבונדען, און שאפען דויערהאפטע געזעלשאפטליכע ארגאניזאציעס, מיט אן אלגעמיינער שפראך, אלגעמיינע מנהגים און געזעצען.

נאכ׳ן טויט פון אלכסנדר מוקדון האבען די פעלקער פון מזרח פון דעם מיטעלענדישען ים שוין מיט זיך פארגעשטעלט אן אינטערנאציאנאלען קרייז, מיט אן אינטערנאציאנאלער שפראך (די גריכישע). נאך דער אנטשטעהונג פון דער רוימישער אימפעריע האבען אלע לענדער וואס ליגען ארום דעם מיטעלענדישען ים, צוזאמענגעשטעלט נאך א גרעסערען אינטערנאציאנאלען קרייז, אין וועלכען עס זיינען פארשוואונדען אלע נאציאנאלע באזונדערהייטען, און וועלכער האט זיך גערעכענט פאר דעם פארשטעהער פון דער גאנצער מענשהייט. די נייע רעליגיע וואס האט פארנומען דעם פלאץ פון דער אלטער, איז גלייך ביי איהר געבורט ארויסגעטראטען אלס וועלט־רעליגיע, איהר גאט, פאר וועמען אלע מענשען זיינען גלייך, נעמט ארום די גאנצע וועלט. אט די רעליגיע האט זיך געווענדעט צו אלע מענשען און האט אלעמען דערקלערט פאר ברידער, קינדער פון איין גאט.

באמת אבער איז דער מאראלער געזעץ אנגעווענדעט געווארען בלויז אויף די מיטגלידער פון דעם אייגענעם קולטור־קרייז, אויף „קריסטען" און „גלויביגע". דער שווער פונקט פון קריסטענטום

# די עטיק

האט זיך, מיט דער פעלקער־וואנדערונג, אריבערגעטראגן אלץ ווייטער אין מערב און צפון. אין מזרח און דרום האט זיך געשאפען א נייער קולטור־קרייז, מיט אן אייגענער מאראל: דער איסלאם, וועלכער האט זיך גערוקט אלץ מעהר אין אזיע און אפריקע, פונקט ווי דער קריסטענטום אין אייראפא.

אין דער איצטיגער צייט ברייטערט זיך אט דער קרייז אויס אלץ מעהר א דאנק דעם קאפיטאליזם, און ווערט אן אלוועלטליכער. אין איהם געהען אריין בודיסטען, מוסולמאנער, פארסען און קריסטען: די לעצטע הערען אלץ מעהר אויף צו זיין אמת'ע קריסטען.

אויף דעם אופן ווערט געשאפען דער פונדאמענט פאר דער ענדליכער פארווירקליכונג פון דער מאראלער אנשויאונג וועגען דער גלייכהייט פון אלע מענשען, אז די סאציאלע אינסטינקטען און מצוות דארפען אנגעווענדעט ווערען אויף אלע מענשען אהן אויסנאם: אט די אנשויאונג איז שוין פראקלאמירט געווארען פון קריסטענטום, אבער צו פריה, אזוי אז זי האט ניט געקענט פארווירקליכט ווערען, און א דאנק דעם איז אט דער געדאנק פארבליבען פאר די ברייטע מאסען קריסטען בלויז א פוסטע פראזע. דער גרונד פאר דער אלגעמיין־מענשליכער מאראל ווערט באשאפען, ניט א דאנק דעם וואס דער מענש ווערט מאראלישער, וואס מען זאל מיט דעם אויסדרוק ניט מיינען, נאר א דאנק דער אנטוויקלונג פון דעם מענשענס פראדוקציאנס כחות, דער אויסבייטונג פון דער געזעלשאפטליכער ארבייטס צוטיילונג, און די פארפאלקאמענונג פון די וועגען דורך וועלכע מענשען פון ווייטע פלעצער קענען זיך צוזאמענטרעפען. אבער די מאראל קען נאך אפילו איצט ניט ווערען די מאראל פון אלע מענשען אפילו אין די לענדער וואס זיינען אמבעסטען אנטוויקעלט עקאנאמיש. אין עצם איז זי אפילו איצט נאר די מאראל פון דעם קלאסען־באוואוסטען פראלעטאריאט, ד. ה. דעם טייל פון דעם פראלעטאריאט וועלכער האט זיך איז געדאנק און געפיהל באפרייט פון דער איבעריגער מאכט פון דער באפעלקערונג, און וועלכע האט אויסגעארבייט אן אייגענע מאראל להפוך צו דער מאראל פון דער בורזשואזיע.

עס איז אמת אז קאפיטאל שאפט א מאטעריאלען באזיס פאר

אַן אַלגעמיינע מענשליכע מאַראַל, ער שאַפט עס אבער דורך דעם וואַס ער האַלט כסדר אין טרעטען די זעלבע מאַראַל מיט די פיס. די קאַ־פיטאַליסטישע פעלקער וואַס געהען אריין אין דיזם קרייז פון דער איראָפּייאישער געזעלשאַפט, קענען נאַר פאַרשפּרייטען זייער מאַראַלען אירעאַל, דורך אויסברייטען די ספערען פון זייער עקספּלואַטאַציע. און דאַס איז מעגליך בלויז דורך דער הילף פון באַנוצען גוואַלד־מיטלען. זיי באַשאַפען דעם פונדאַמענט פאַר אַ וועלט שלום — דורך וועלט מלחמות. צו דער אַלגעמיינער סאַלידאַריטעט פון אַלע פעלקער פירען זיי דורך עקספּלואַטירען אַלע פעלקער, דאַס איינשליסען פין אַלע קאַלאַניעס אין דעם קרייז פון דער איראָפּייאישער קולטור, דערגריי־כען זיי דורך אונטערדריקען די קאַלאַניעס מיט די ווילדסטע און באַרבאַרישסטע מיטלען. בלויז דער פּראַלעטאַריאַט וואַס נעמט קיין אַנטייל ניט אין דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, וועלכער איז געצוואונגען מיט איהר צו קעמפען, וועט אויפבויען, אויפ'ן גרונד פון די וועלט פאַרקערס־מיטלען, און וועלט האַנדעל, וועלכע דער קאַפּיטאַל האַט באַשאַפען, נייע געזעלשאַפטליכע פאַרמען, אין וועלכע די גלייכהייט פון אַלע מענשען פאַר דעם מאַראַלען געזעץ, וועט פאַר־וואַנדעלט ווערען פון אַ פרומען וואונש אין אַ ווירקליכקייט.

### ב) די קלאַסען צוטיילונג.

די ווירקונג פון דער עקאַנאַמישער אַנטוויקלונג, דריקט זיך, אַלזאַ אויס אין דעם, וואַס עס ווערט אַלץ מעהר און מעהר אויסגע־בבייטערט דער געזעלשאַפטליכער קרייז אין וועלכען עס ווירקען די סאַציאַלע אינסטינקטען און טוגענדען, ביז וואַנען עס נעמט אַרום די גאַנצע מענשהייט. גלייכצייטיג אבער שאַפט אַט די זעלבע אַנט־וויקלונג אין די גרענעצען פון דעם געזעלשאַפטליכען קרייז, ניט נאַר פּריוואַטע אינטערעסען וועלכע שוואַכען אַפּ די סאַציאַלע אינסטינק־טען, נאַר גאַנצע באַזונדערע קלאַסען אין דער געזעלשאַפט, וועלכע הגם זיי פאַרשטאַרקען די סאַציאַלע אינסטינקטען און טוגענדען אין זייער אייגענעם קרייז, קענען אבער פיל שאַדען די זעלבע אינסטינקטען

## די עטיק

בנוגע די אלע אנדערע מיטגלידער פון דער געזעלשאפט, אדער אמוועניגסטענס, די מיטגלידער פון די אנדערע פיינדליכע קלאסען.

די אנטשטעהונג פון קלאסען איז אויך א רעזולטאט פון דער ארבייט׳ס צוטיילונג. שוין די געזעלשאפט פון חיות איז נים דורכאוים אן איינהייטליכער קערפער. זי שליסט שוין אין זיך איין פארשידענע גרופען, וועמעס באדייטונג פאר, און אין דער געזעלשאפט איז פארשידען. אבער אט די גרופען־טיילונג בארוהט נאך אלץ אויף נאטירליכע אונטערשידען. צו זיי דארף פריהער פון אלעם צוגערעכענט ווערען דער אונטערשיד פון ג ע ש ל ע כ ט, נאכהער, פון ע ל ט ע ר. אין די גרענעצען פון יעדען געשלעכט געפינען מיר גרופען, פון קינדער, האלב דערוואקסענע, יונגע לייט און אלטע מענשען. די איינפיהרונג פון געצייג פארטיפט דעם אונטערשיד צווישען די גרופען דורך דעם וואס יעדע גרופע ספעציאליזירט זיך אויף באשטימטע געצייג. אזוי צ. ב. ש. ווערט מלחמה און יאגד, די ארבייט פון מענער, וועלכע קענען דאס טאן לייכטער איידער די פרויען וואס זיינען שטענדיג פארנומען מיט די קינדער. עס איז זיכער אז דאס און ניט דער פרוי׳ס שוואכקייט, האבען געבראכט דערצו אז די מלחמה און יאגד זאלען ווערען דער מאנאפאל פון די מענער, ביי דעם גרעםטען טייל פון פעלקער. ווען מיר באגעגנען אין דער געשיכטע און מיטהאלאגיע פרויען יעגער און קריגערינס, זיינען דאס אלע מאל מיידלאך. עס פעלט ניט די פרויען קיין כח, געדולד אדער מוטיגקייט, נאר די מ ו ט ע ר ש א פ ט מאכט פאר זיי אוממעגליך צו פיהרען דעם אומזיכערען לעבען פון יעגער אדער קריגער. א דאנק איהר מוטערשאפט איז די פרוי געצוואונגען צו זיצען אויף איין ארט, און דערפאר פאלען אויף איהר די אלע פליכטען וואס זיינען פארבונדען מיט א באשטענדיגען וואהנונגס־פלאץ, ווי דאס פארזייען פון די פעלדער, און די זארגען וועגען דער היים.

אין איינקלאנג מיט דער באדייטונג וועלכע עס האבען אין א באשטימטער צייט, מלחמה און יאגד פון איין זייט און אקער־בוי און די היימישע באלעבאטישקייט פון דער צווייטער, און לויט נאך

דעם אנטייל וואָס יעדער געשלעכט נעמט אין די דאָזיגע ארבייטען. בייטען זיך די ראָלען וועלכע עס שפּילען די מענער און פרויען אין דער געזעלשאַפט. אבער די ראָלע פון איינעמס אָדער אַ צווייטענס עלטער ווערט אויך באַשטימט פון דעם פּראָדוקציאָנס אופן. אויב דעם אויבען־אָן פאַרנעמט די יאַגד, וואָס איז ווייט ניט קיין זיכערע ערנע־רונגס־קוואַל און פיהרט אָפט צו גרויסע וואַנדערונגען, ווערען אלטע לייט אַ שוועריגקייט פאַר דער געזעלשאַפט. אָפט דער'הרג'עט מען זיי, און צייטענווייז פרעסט מען זיי אפילו אויף.

אנדעריש איז דאָס ווען מענשען באַזעצען זיך אויף איין באַשטימ־טען פּלאַץ און די ערד ארבייט און פיה־צוכט ברענגען זיי אריין גענוג מיטלען צום לעבען. דעמאָלט קענען די אלטע לייט גאַנץ רוהיג פאַרבלייבען אין דער היים, שפּייז וועט זיין גענוג פאַר זיי. דעמאָלט איז שוין אין דער געזעלשאַפט דאָ אַ גרויסע צאָל פון אָנגעזאַמעלטע ערפאַרונגען און וויסען: וועמעס היטער און אויפהאַלטער עס זיינען די אלטע לייט. איידער עס איז ערפונדען געוואָרען די שריפט אָדער איידער די אַלגעמיינע איינגענטום. זיי היטען אָפּ דאָס וואָס מען קען אָנרופען דעם אָנהויב פון דער וויסענשאַפט. זיי זיינען שוין ניט מעהר קיין שעדליכער יאָך פאַר דער געזעלשאַפט, פאַרקערט, מען האָט צו זיי די טיפסטע אַבטונג, אלס טרעגער פון דער העכסטער חכמה. שריפט, און איבערהויפּט, די ביכער דרוקעריי רויבט אוועק פון די אלטע לייט די אַלע פּריווילעגיעס מיט וועלכע זיי האָבען זיך באַנוצט פריהער, ווען זיי זיינען געווען די איינציגע טרעגער פון דער גאַנצער ערפאַרונג, און דעם גאַנצען וויסען פון דער געזעלשאַפט. די כסדר'־דיגע רעוואָלוציאָניזירונג פון די פריהערדיגע ערפאַרונגען, — וואָס איז דער כאַראַקטעריסטישסטער שטריך פון דעם מאָדערנעם פּראָ־דוקציאָנס סיסטעם — ווערען די אַלטע טראַדיציעס פאַרוואַנדעלט אין פאַקטאָרען וואָס זיינען פיינדליך צו יעדער נייער ערפאַהרונג. דאָס לעצטע רעכענט זיך גלייך פון אָנפאַנג פאַר בעסער, — די אלטע — פאַר פאַרעלטערטע און דערפאַר אויך פאַר שלעכטע. דער עלטער רופט שוין בלויז ארויס סימפּאַטיע, ער פאַרלירט אָבער זיין גאַנצען פריהערדיגען פּרעסטיזש. אין דער איצטיגער צייט איז קיין בעסערער

קאמפּלימענט פאר אן אלטען מענשען ניטאַ ווי צו זאגען, אז „ער איז נאך גאר יונג, און נעמט אויף יעדע נייע אידעע.“

פונקט אלזאָ ווי עס בייטען זיך די ראָלען פון די געשלעכטען אזוי בייטען זיך אויך די ראָלען פון דער עלטער, צוזאַמען מיט די ענדערונגען אין די פּראָדוקציאָנס אופנים.

די ווייטערע אנטוויקלונג פון דער ארבייטס צוטיילונג ברענגט ווייטער צוטיילונגען אין די באזונדערע געשלעכטס גרופּען גופא, אי־בערהויפּט צווישען די מענער. די וואַקסענדע ארבייט'ס צוטיילונג שמידט צו, פריהער פון אלעס, די פרוי צו דער הויז־באַלעבאַטישקייט. די פליכטען פון דער הויז באַלעבאַטישקייט ווערען אבער אלץ וועני־גער, אנשטאט צו ווערען מעהרער, ווייל עס ווערען פון דעם אַפּגע־טיילט אלץ מעהר און מעהר באזונדערע טיילען, וועלכע ווערען אי־בערגענומען פון די מענער. דער טעכנישער פּראָגרעס, די ארבייט'ס צוטיילונג, און דאָס אָפּטיילען פון די באזונדערע מלאכות, זיינען באַגרענעצט געוואָרען ביז דעם לעצטען יאָהר הונדערט, כמעט אויס־שליסליך אויף די מענער, בלויז א שוואַכער אָפּשיין פון אָט דעם פּראָ־צעס פאלט אויף דער הויז־באַלעבאַטישקייט און דער פרוי.

וואָס מעהר עס אנטוויקעלט זיך די פאנאנדערטיילונג פון פאר־שידענע ארבייטען, אלץ קאָמפּליצירטער ווערט דער געזעלשאפטליכער ארגאניזם, וועמעס ארגאנען זיי שטעלען צוזאמען. דער כאראקטער פון זייער צוזאמענארבייטונג אין די וויכטיגסטע סאָציאַלע פּראָצעסען, אָדער מיט אנדערע ווערטער, די פּראָדוקציאָנס מעטאָדען, זיינען ניט קיין צופעליגע. זיי ווערען דורכאויס ניט באַשטימט דורך דעם ווילען פון די יחידים, נאר ווערען נויטווענדיגערווייזע באשטימט דורך די געגעבענע מאַטעריעלע באדינגונגען. דער וויכטיגסטער פאקטאָר צווי־שען די לעצטע, איז די טעכניק; דורך איהר אנטוויקלונג ווערען באַ־שטימט די פּראָדוקציאָנס מעטאָדען. דאָס איז אבער ניט דער איינ־ציגער פאקטאָר.

לאָמיר נעמען א ביישפּיל, גאַנץ אָפּט טייטשט מען אוים די מאַטעריאַליסטישע אויפפאסונג פון דער געשיכטע אין דעם זין, אז א באַשטימטע טעכניק, מיינט שוין אז און פאר זיך, געוויסע באשטים־

טע פּראָדוקציאָנס מעטאָדען, און נאָך מעהר, אפילו באַשטימטע גע־
זעלשאַפטליכע און פּאָליטישע פאָרמען. היות אבער ווי דאָס איז ניט
אין איינקלאַנג מיט דער ווירקליכקייט, און מיר געפינען, אויף פאַר־
שידענע שטופען פון דער געזעלשאַפטליכער אנטוויקלונג, איינע און
די זעלבע געצייג, פּאָלגליך, זאָגט מען אונז, איז די מאַטעריאַליסטישע
אויפפאַסונג פון דער געשיכטע פאַלש, די געזעלשאַפטליכע באַציהונגען
ווערען באַשטימט ניט בלויז פון דער טעכניק אליין. אז און פאַר זיך
איז די טענה א געדעכטע, זי דאַרף אבער אנגעווענדעט ווערען ניט
אויף דער מאַטעריאַליסטישער אויפפאַסונג פון דער געשיכטע, נאָר
אויף איהר קאַריקאַטור; דאָס קומט ארויס פון צוזאַמענמישען די באַ־
גריפען, טעכניק און פּראָדוקציאָנס מעטאָדען.

מען זאָגט צ. ב. ש. אז דער אקער־אייזען איז דער פונדאַמענט
פון דער פויערשער באַלעבאַטישקייט. ווי פאַרשידען אבער זיינען די
געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען אונטער וועלכע ער עקזיסטירט!

דאָס איז גאַנץ ריכטיג. לאָמיר זיך אבער צוקוקען אביסעל נע־
העגטער צו דער זאַך. דורך וואָס ווערען באַשטימט די פאַרשידענע
ענדערונגען אין די געזעלשאַפטליכע פאָרמען, וועלכע אנטשטעהען
אויפ׳ן יסוד פון דער פויערשער באַלעבאַטישקייט?

לאָמיר נעמען צ. ב. ש. די פויערים וואָס וואוינען אויף די ברעגען
פון איינעם פון די גרויסע טראָפּישע אָדער אונטער־טראָפּישע טייכען,
וועלכע געהען אריבער פּעריאָדיש די ברעגען, פאַראורזאַכענדיג צו־
שטערונג אָדער באַפרוכפּערונג פון די פעלדער. דאָ ווערט נויטיג
אויפצושטעלען פאַרשידענע וואַסער נעביידען אַפּצוהאַלטען אדער אפּ־
ווענדען אין א צווייטער זייט די וואַסער. יעדער דאַרף באַזונדער איז
ניט בכח אליין אויפבויען אָט די געביידען, עס איז נויטיג אז א גאַנצע
רייהע דערפער זאָלען זיך פאַר דעם צוועק פאַראייניגען; יעדער דאַרף
דאַרף צושטעלען א געוויסע צאָל ארבייטער, עס מוזען באַשאַפען
ווערען אלגעמיינע אַמטען פאַר דער פאַרוואַלטונג פון דער ארבייט,
ביין בויען און אָפּהיטען די געביידעס. וואָס גרעסער עס זיינען די
געביידעס, אלץ מעהר דערפער מוזען זיך באַטייליגען אין זייער אויפ־
בויאונג, אלץ גרעסער איז די צאָל ארבייטער וואָס זיי מוזען צושטע־

# די עטיק

לען, אלץ א גרעסערען ווייסען מוז מען האבען פאר זייער אויפבויאונג, און אלץ גרעסער מוזען זיין די מאכט און דער ווייסען פון די באאמטע אין פארגלייך מיט די איבעריגע פאלקס־מאסען. אויף דעם אופן וואקסט אויף אויפ׳ן יסוד פון דער פויערשער באלעבאטישקייט, א קלאס פון גלחים און באאמטע, ווי צ.ב.ש. אין די טאלען פון ניל, פרת און וואנג־הא.

א גאנץ אנדער כאראקטער נעמט אן די אנטוויקלונג דארט וואו די בליהענדע דערפער זיינען אנטשטאנען אין פרוכטבארע רייכע געגענדען, וועלכע זיינען אבער אין שכנות מיט רויבער, וועלכע קענען זיי גאנץ לייכט באפאלען. די נייטיגקייט צו פארטרייבען און זיך פארטיידיגען געגען די וואנדערענדע באנדעס, צווינגט די פויערים צו ארגאניזירען פארטיידיגונגס ארמעען: דאס קען, ווייטער, פארקומען אויף פארשידענע אופנים. אדער איין טייל פון פויערטום נעמט זיך אויף אימער צו געווער און טיילט זיך אפ פון אלע אנדערע, וועלכע באצאלען זיי מיט וועלכע עס איז אנדערע דינסטען, אדער די שכנים־רויבער באקומען א געוויסע געהאלט, און היטען דערפאר אפ דעם שלום, און פארהיטען דעם דארף פון אנדערע רויבער, אדער די שכנים באזיגען דאס לאנד אוי פארבלייבען אין איהר אלס הערשער, איבער די פויערים, וועלכע מוזען זיי דאן צאלען צינזען. די זיגער דינען שוין אבער דאן אלס פארטיידיגונגס ארמעע. די רעזולטאטען וועלען אלע־מאל זיין איינע און די זעלבע: די אנטשטעהונג פון דעם פעאדאלען אדעל, און דעם אונטערדריקטען פויערטום.

אפט גיסען זיך צוזאמען, דער ערשטער און צווייטער אנטוויקלונגסגאנג, און דאן קומט צו צום קלאס פון גלחים און באאמטע, אויך א קלאס פון קריגערס.

גאנץ אנדערש, ווייטער, קומט פאר די אנטוויקלונג פון דערפער וואס געפינען זיך לעבען איהם, וואס איז רייך מיט אסך האפענס, וואס העלפען דער אנטוויקלונג פון ים רייזעס, און מיט נאהענטע פרעמדע ברעגען, אויף וועלכע עס וואוינען זעלבסטשטענדיגע פעלקער. צוזאמען מיט דער ערד ארבייט אנטוויקעלט זיך אין אזוינע דערפער אויך די פישעריי, וועלכע געהט שנעל איבער אין ים־רויבעריי

און ים־מסחר. אין די מעהר־רייכערע האפענס, זאמעלט זיך אן אבער רויב און סחורות, און עס אנטשטעהט א ריינע קאמערציעלע שטאט. דא געפינט דער פויער א גוטען מארק פאר זיינע פראדוקטען, דא אנטשטעהט פאר איהם א קוואל פון געלט־איינקונפט, אבער אויך א קוואל פון געלט־הוצאות, פון געלט־פליכטען און חובות. עס נעמט ניט לאנג ביז ער ווערט איינגעטונקט אין חובות, וועלכע ער איז שולדיג די שטאטישע געלט מענשען.

א דאנק דער ים־רויבעריי און דעם ים־האנדעל, ווערט אין לאנד אריינגעפירט א גרויסע צאל ביליגע שקלאפען; די שטאט־מענשען וועלכע האבען געלט, הויבען אן אויפקויפען זייערע פויערים־בעלי־חובות, פון זייערע גיטער, עס אנטשטעהען גרויסע פלאנטאציעס און — אנשטאט די פויערשע באלעבאטישקייט ווערט איינגעפירט, די באלעבאטישקייט פון שקלאפעריי; אין אט דעם גאנצען פראצעס קע־נען, סיי די געצייג פון דער ערד־ארבייט, סיי די טעכניק, פארבליי־בען אומגעענדערט.

אם ענדע געפינען מיר אויך א פערטען טיפ פון דער פויערשער אנטוויקלונג, אין די ווייניג צוגאנגבארע בערגיגע געגענדען. דער באדען איז דארט ארים און ניט גינסטיג פאר באארבייטונג. צוזאמען מיט ערד־ארבייט הערשט דארט אויך די פיה־צוכט, אבער אפילוביידע צוזאמען זיינען ניט גענוג צו אויסהאלטען א באדייטענדען צוואוואוקס פון דער באפעלקערונג. דערביי פון אינטען שפרייטען זיך אויס פרוכטבארע באארבייטע לענדער, וועלכע האבען א שטארקע צוצי־הונגס קראפט פאר די איינוואוינער פון די בערג. די בערג איינ־וואוינער מוזען פרובען זיי פארכאפען אדער עקספלואטירען. דארט וואו זיי שטויסען זיך אן אויף א ווידערשטאנד פרובען זיי באזעצען דעם איבערפלוס פון זייער באפעלקערונג אלס סאלדאטען. זייערע קריגע־רישע ערפארונגען און די ניט צוציהבארקייט פון זייער לאנד, און די שוועריגקייטען צו איהר צוצוקומען, מאכט פאר זיי מעגליך גאנץ לייכט זיך פארטיידיגען פון פרעמדע אנפאלען, וועלכע זיינען סיי ווי זעהר זעלטען, א דאנק דעם וואס זיי זיינען ארים. דא ווערט נאך

# די עטיק

אויפגעהאלטען די אלטע פויערים־דעמאקראטיע, אין דער צייט וואס אין די ארומיגע לענדער זיינען די פויערים שוין לאנג אונטערגעפאַלען אינטער דער מאכט פון די פעאדאַלען, גלחים, סוחרים און פראַצענטניקעס. אפט טרעפט אז אזא פרימיטיווע דעמאָקראטיע פיהרט אליין איין אין א באזיגטער שכנ׳ישער לאנד, א שטרענגען עקספלאָאַטאטאָרישען רעזשים, און פאלט דאדורך אליין אריין אין א מאָדנעם ווידערשפרוך מיט איהר אייגענער הויכער אכטונג פאר פרייהייט. אזוי האבען די אלטע קאנטאָנען, פון ווילהעלם טעלס היימלאנד אין 17טען און 18טען יאהר־הונדערט. איינגעפירט אזא גרויזאַמען רעזשים אין טיטשינא, אז די חורבות וואס דאס האט דארט אנגעמאכט האבען זיך ניט געדארפט שעמען פאר דעם מיטהאלאגישען רעזשים פון געסלער׳ען.

ווי איהר זעהט אלזא קענען זיך מיט דער פויערשער באלעבאַטישקייט איינלעבען די פארשידענסטע פראָדוקציאָנס מעטאָדען און קלאַסען איינטיילונגען. אבער מיט וואס ערקלערען זיך די אונטערשידען? די געגנער פון דער מאַטעריאליסטישער אויפפאסונג פון דער געשיכטע דערקלערען דאס אלס רעזולטאַט פון גוואלט־מיטלען, אדער מיט דעם אונטערשיד פון די אידעען וועלכע האבען זיך אויסגעארבייט ביי פארשידענע פעלקער. עס איז זיכער אז גוואלט האט געשפילט א גרויסע ראָליע אין דער אנטשטעהונג פון אַט די פראָדוקציאָנס מעטאָדען, און מארקס, האט ווי באקאנט אנגערופען דער גוואַלט די אקושארקע פון יעדער נייער געזעלשאפט. אבער ווארום שפילט גוואלט אזא גרויסע ראָליע, פיז וואנען נעמט זיך דאס וואס גראד דער טייל פון דער געזעלשאפט און ניט א צווייטער זיגט מיט איהר הילף? ווארום די אנווענדונג פון גוואלט ברייננגט גראד ארויס די רעזולטאטען און ניט קיין אנדערע? אויף אַט די אלע פראגען האט די טעאריע פון גוואלט קיין ענטפער ניט. דאס זעלבע איז אויך מיט דער טעאריע פון אידעען, זי גיט ניט קיין ענטפער אויף דער רעטעניש, פון וואנען נעמען זיך די אידעען, וועלכע רופען ארויס פרייהייט אין די בערגיגע געגענדען און די הערשאפט פון גלחים אין די טאָלען? ווארום רופען זיי ארויס א געלט אוז שקלאפען באלעבאטישקייט אין די לענדער

# קאַרל קאַוטסקי

וואָס געפינען זיך ביי די ים־ברעגען און פּעאַדאַלען לייב אייגענטום אין די גראַזיגע פּרוכטבאַרע געגענדען?

מיר האָבען שוין געזעהן אז די אונטערשידען אין דער אַנטוויקלונג פון איין און דער זעלבער פּויערישער באַלעבאַטישקייט, האָבען זייער יסוד אין די אונטערשידען פון די נאַטירליכע און געזעלשאַפטליכע צושטאַנדען אונטער וועלכע אַט די באַלעבאַטישקייט ווערט געפירט. אין איינקלאַנג מיט דעם כאַראַקטער פון זייער לאַנד און פון די שכנים וועלכע רינגלען זיי אַרום, קען די פּויערשע באַלעבאַטישקייט, מיט דער זעלבער טעכניק, ווערען דער יסוד פאַר פאַרשידענע געזעלשאַפטליכע פאָרמען. די דאָזיגע באַזונדערע געזעלשאַפטליכע פאָרמען, צוזאַמען מיט די נאַטירליכע כחות, ווערען פון זייער זייט אליין די יסודות אויף וועלכע עס וואַקסען אויף אנדערע אויגענטימליכע פאָרמען אין דער וויטערער אַנטוויקלונג. אזוי צ. ב. ש. האָבען די גערמאַנען, ווען זיי זיינען אריין אין רוים, אין דער צייט פון דער גרויסער פעלקער וואַנדערונג, שוין געפונען פאַרטיגע געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען, און דערמאָנט פון אימפּעראַטאָר, אין דער ביוראָקראַטישער סיסטעם, אין דער שטאַט־אָרדענונג און אין דער קריסטליכער קירכע. זיי האָבען נאָר צוגעפּאַסט, אויף ווי ווייט דאָס איז געווען מעגליך, זייערע אייגענע פּראָדוקציאָנס מעטאָדען צו זיי.

כדי צו פאַרשטעהן די באַזונדערע פּראָדוקציאָנס מעטאָדען פון א וועלכער עס איז לאַנד אין א באַשטימטער צייט, דאַרף מען אויספאָרשען די אַלע געאָגראַפישע און היסטאָרישע באַדינגונגען. וויסען בלויז די טעכניק פון א לאַנד — איז ווייט ניט גענוג.

ווי איהר זעהט איז די מאַטעריאַליסטישע אויפפאַסונג פון דער געשיכטע ניט בלויז א פּשוטער שאַבלאָן, ווי זיינע קריטיקער ווילען איהם שטענדיג אַרויסשטעלען. די ביישפּילען וועלכע מיר האָבען דאָ געבראַכט באַווייזען אונז אויך ווי אזוי די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פאַראורזאַכט די קלאַסען אונטערשידען און קלאַסען אַנטאַגאָניזם.

ווי מיר האָבען שוין געוויזען האָבען די אונטערשידען, ניט נאָר צווישען יחידים נאָר אויך צווישען גרופּען אין דער זעלבער געזעלשאַפט, שוין עקזיסטירט אין דער וועלט פון חיות. האָבען אין זינען

## די עטיק

די אונטערשידען אין כח, ווירקונג, און אפשר אויך אפילו אין דעם מאטעריעלען צושטאנד פון יחידים אדער גאנצע גרופען. אזוינע אונ־טערשידען זיינען פון דער נאטור אליין באשאפען, און עס איז צווייפעלהאפט אויב זיי וועלען אמאל פארשווינדען; אפילו אין דער סאציאליסטישער געזעלשאפט וועלען זיי אויך ניט פארשווינדען. די ערפינדונג פון נעצייג, די צוטיילונג פון דער ארבייט און די רעזולטאטען דערפון, מיט איין ווארט די עקאנאמישע אנטוויקלונג, האבען מיטגעהאלפען נאך מעהר ארויסרופען און פארגרעסערען אט די אונ־טערשידען. זיי קענען אבער פונדעסטוועגען ניט אריבערטרעטען די באשטימטע, גאנץ ענגע גרענעצען, ביז וואנען די געזעלשאפטליכע אר־בייט הויבט ניט אן צו שאפען מעהר פראדוקטען ווי עס איז נויטיג פאר איהר אויפהאלטונג. ביז דער צייט קען קיין איין פוילער זיך ניט ערנערען אויפ'ן רעכענונג פון דער געזעלשאפט, און קיינער קען ניט קריגען קיין גרעסערען חלק ווי אנאנדערער פון די געזעלשאפטליכע פראדוקטען. אבער גלייכצייטיג, און טאקי אויף דער שטופע פון אנטוויקלונג, וואקסען אויס, א דאנק דער וואקסענדער פיינדשאפט צווישען די באזונדערע שבטים און די בלוטיגע צוזאמענשטויסען מיט וועלכע אט די קאנפליקטען ענדיגען זיך, אזוי גוט ווי א דאנק דער געמיינשאפטליכער ארבייט און געמיינשאפטליכען אייגענטום, אזא גרויסע צאל פון נייע כחות, וועלכע פארשטארקען די סאציאלע אינס־טינקטען, אז די קליינע קאנפליקטען און קריגערייען וועלכע קומען פאר צווישען די געשלעכטער, און די פארשטעהער פון די פארשידענע עלטערס און פראפעסיאנען, קענען פונקט אזוי ווענינ שאדען דעם געזעלשאפטליכען גייסט אין דער גרופע ווי די קריגערייען פון איינ־צעלנע מענשען צווישען זיך. ניט קוקענדיג אויף דעם וואס דאן האט זיך שוין אנגעהויבען די ארבייטס צוטיילונג, איז דאך די מענש־ליכע געזעלשאפט קיין מאל ניט געווען אזוי צוזאמענגעבונדען, אזוי פעסט פאראייניגט, ווי אין די צייטען פון דער פרימיטיווער בלוט־פארוואנדעטער געזעלשאפט, וועלכע האט עקזיסטירט פאר דער אנטשטעהונג פון קלאסען אנטאגאניזם.

די לאגע ענדערט זיך אזוי שנעל ווי די געזעלשאפטליכע ארבייט

## קאַרל קאוטסקי

הויבט אָן, אַ דאַנק דעם וואוקס פון דער פּראָדוקטיוויטעט, ארויסגע־בען אַן איבערפלוס פון פּראָדוקטען. יחידים און גרופּען קריגען די מעגליכקייט, פאַר אַ גרעסערער אדער קלענערער צייט, צו נעמען פאַר זיך אַ גרעסערען טייל פון די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקטען ווי אנ־דערע. איינצעלנע יחידים טוען אַזאַ זאַך נאַר זעלטען און אין אויס־נאַמס פאַלען, עס איז זיך אָבער גאַנץ לייכט פאַרצושטעלען אַז אַ גאַנ־צע פּראָפעסיע, וועלכע איז אויף אַ וועלכען עס איז אופן אַוועקגע־שטעלט געוואָרען אין גינסטיגערע באַדינגונגען, ווי צ. ב. ש. אַזוינע פּראָפעסיעס וואָס גיבען אַ באַזונדערען וויסען, אדער אַ באַזונדערע פעהיגקייט צו פאַרטיידיגען זיך, האָט באַקומען די נויטיגע מאַכט צו קענען אויף אַ לענגערער צייט צו נעמען פאַר זיך דעם איבערפלוס פון די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקטען. דער אייגענטומס רעכט אויף פּראָדוקטען איז אָבער אויפ'ן ענגסטען אופן צוזאַמענגעבונדען מיט דעם אייגענטומס רעכט אויף די פּראָדוקציאָנס מיטלען; ווער עס איז דער באַלעבאָס איבער די ערשטע, איז אויך דער באַלעבאָס איבער די צווייטע. די שטרעבונג פון אַ וועלכען עס איז פּריוויליגירטען קלאַס צו מאָנאָפּאָליזירען דעם געזעלשאַפטליכען איבערפלוס, רופט ביי איהם ארויס דעם שטרעבען צו מאָנאָפּאָליזירען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, און זיין דער איינציגער באַלעבאָס איבער זיי. אָט די אַליין הער־שאַפט איבער די פּראָדוקציאָנס־מיטלען קען אננעמען פאַרשידענע פאָרמען, עס קען זיין די געמיינשאַפטליכע הערשאַפט פון דעם גאַנצען הערשענדען קלאַס אדער קאַסטע, אדער עס קען זיין די הערשאַפט פון איינצעלנע פאַמיליען אדער יחידים פון דעם זעלבען קלאַס. אין ביידע פאַלען, ווערט די גרויסע מאַסע פון דעם ארבייטענדען פאָלק באַרויבט פון זייער אייגענטום און ווערען געבראַכט צו דער שטופע פון שקלאַפעריי, לייב אייגענטום און לוין ארבייט. מיט דער אָפּשאַ־פונג פון דעם געמיינשאַפטליכען אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס מיטלען, און זייער געמיינשאַפטליכע באַנוצונג, ווערט אָפּגעשאַפט דער שטאַרקסטער באַנד וואָס האָט צונויפגעבונדען די פּרימיטיווע גע־זעלשאַפט.

אויב די געזעלשאַפטליכע אונטערשידען וואָס האָבען געקענט

# די עטיק

אנטשטעהן אין די ראַמען פון דער פּרימיטיווער געזעלשאַפט. זיינען געוועזן גאַנץ באַשרענקט. זיינען אבער די קלאַסען הפּוכים, וועלכע קענען איצט אנטשטעהן, פּאַקטיש אומבאַגרענעצט. פון איין זייט וואַקסען זיי א דאַנק דעם טעכנישען פּראָגרעס, וועלכער האַלט אין איין פּראָגרעסירען דעם איבערפלוס פון די פּראָדוקטען וואס זיינען נויטיג פאר דער אויפהאלטונג פון דער געזעלשאַפט, פון דער צווייטער זייט, דורך דער אויסברייטונג פון דער געזעלשאַפט אין דער צייט וואָס די צאָל פון עקספּלואַטאַטאָרען פארבלייבט די זעלבע, אדער ווערט נאָך קלענער. די צאָל וואָס ארבייטען פאר יעדען עקספּלואַטאַטאָר און שאַפען דעם איבערפלוס פארגרעסערט זיך. אויף דעם אופן קענען די קלאַסען הפּוכים וואַקסען אָהן א שיעור און פארנעמען אַן אונגעהויערען שטח, און צוזאַמען מיט זיי וואַקסען די סאָציאַלע ווידערשפּרוכען.

וואס מעהר די אנטוויקלונג געהט פאָרווערטס, ווערט די געזעלשאַפט אַלץ מעהר און מעהר צוטיילט, און דער קלאַסען קאַמף ווערט אַלץ מעהר און מעהר די דאַנקבאַרסטע, אַלגעמיינסטע און דויערהאַפטסטע פאָרמע פון דעם קאַמף פאר דער עקזיסטענץ פון די יחידים אין דער געזעלשאַפט. גלייכצייטיג אבער ווערען אָפּגעטעמפּט די סאָציאַלע אינסטינקטען בנוגע דער געזעלשאַפט אלס א גאַנצער; דערפאר ווערען זיי אבער נאָך שטאַרקער אין דעם קלאַס גופא, וועמעס וואָלזיין עס ווערט אַלץ מעהר און מעהר אנגענומען פאר דיזעלבע זאַך ווי דער וואָלזיין פון אַלעמען.

דער קלאַסען־קאַמף, אָבער, פאַרשטאַרקט די סאָציאַלע אינסטינקטען און טוגענדען איבערהויפּט ביי די עקספּלואַטירטע, אונטערדריקטע, וואס זוכען זיך צו באַפרייען. טאַקי ספּעציעל אַט די קלאַסען קומט אויס מיט א באַזונדערער אינטענסיוויטעט צו מקריב זיין זייער גאַנצע פּערזענליכקייט אין דעם קאַמף. די הערשענדע קלאַסען, אבער, קענען גאַנץ אָפּט אויספירען צו איבערגעבען זייער פּאַרטיידיגונג, אין פיזישען אדער גייסטיגען קאַמף — צו געדונגענע מענשען. אויסער דעם זיינען די הערשענדע קלאַסען גאַנץ אָפּט שטאַרק אליין צוטיילט דורך דעם קאַמף וועלכען זיי מוזען פירען צווישען זיך, פאר דעם באַזיץ

פון געזעלשאַפטליכען איבערפלוס און די פּראָדוקציאָנס מיטלען. מיט איינעם פון די שטאַרקסטע פאַקטאָרען פון אַט דער פאַנאַנדערפאַלונג, מיט דער קאָנקורענץ, האָבען מיר זיך שוין באַקענט פריהער.

אַט די אַלע פאַקטאָרען וואָסווירקען געגען די סאָציאַלע אינסטינקטען האָבען קיין פלאַץ ניט און ניט קיין באָדען ביי די עקספּלואַטירטע קלאַסען. וואָס שוואַכער און אָרימער זיי זיינען אַלץ מעהר כּוזען די קלאַסען וואָס קעמפען פאַר זייער אייגענער באַפרייאונג זיך פאַרלאָזען אויסשליסליך אויף זיך. אַ דאַנק דעם וואַקסט דער געפיהל פון אחדות ביי די איינצעלנע מיטגלידער צווישען זיך, און געגען די הערשענדע קלאַסען, און אַלץ מעכטיגער אַנטוויקלען זיך די סאָציאַלע אינסטינקטען בנוגע זייער אייגענעם קלאַס.

## 5. די גרונדלאַגען פון מאָראַל.

### א) געוואָנהייט און מאָדע.

מיר האָבען שוין געזעהן ווי שטאַרק די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פאַרענדערט די מאָראַלע פאַקטאָרען אין דער וועלט פון חיות, ווי שטאַרק עס ענדערט זיך, אַ דאַנק איהר, די מאַכט פון די סאָציאַלע אַ נסטינקטען און טוגענדען, אין פאַרשידענע צייטען, ביי פאַרשידענע קלאַסען, אין איין און דערזעלבער געזעלשאַפט, אין איין און דערזעלבער צייט, אַט ברייטערט זי אויס און אַט פאַרענגערט זי די ספערען אין וועלכע עס ווירקען די סאָציאַלע אינסטינקטען און טוגענדען, אַט פאַרשפּרייט זי זיי פון קליינע גרופּען אויף דער גאַנצער מענשהייט און אַט באַגרענעצט זי זיי בלויז אויף איין קלאַס אין די גרענעצען פון דער געזעלשאַפט.

די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג, באַשאַפט אָבער אויך אַ באַזונדערען מאָראַלען פאַקטאָר, וועלכען מען קען ניט געפינען אין דער וועלט פון חיות, און וועלכער איז מעהר ענדערבאַר ווי אַלע אַנדערע, ווייל ניט נאָר ווערען זיין מאַכט און ווירקונג אונטערוואָרפען אונטער די שטאַרקסטע ענדערונגען, נאָר אויך זיין אינהאַלט גופא. אַט דער פאַקטאָר איז, די גרונדלאַגע פון מאָראַל.

# די עטיק

אין דער וועלט פון חיות געפינען מיר שוין גאנץ שטארקע מאָ־
ראַלע געפיהלען, אבער מיר קענען דארט ניט געפינען קיין באַשטימטע
מאָראַלע פ א ר ש ר י פ ט ע ן, וועלכע ווערען געגעבען צום יחיד.
דאָס לעצטע זעצט פאראויס די עקזיסטענץ פון אן אנטוויקעלטער
שפראך, וועלכע זאָל קענען באצייכענען ניט נאר ג ע פ י ה ל ע ן,
נאָר אויך ז אַ כ ע ן, אָדער אמוועניגסטענס ה אַ נ ד ל ו נ ג ע ן.
אין דער וועלט פון חיות באמערקען מיר ניט דעם קלענסטען סמן פאר
דער ערשיינונג פון א שפראך, ווייל די באדערפעניש דערפאר אנט־
שטעהט צוזאמען מיט דער געמיינשאַפטליכער ארבייט. ערשט דאן
ווערט מעגליך צו שטעלען באַשטימטע פאָדערונגען צו יעדען איינעם.
ווען די דאָזיגע פאָדערונגען זיינען דער רעזולטאַט פון אויסשליסליך
אינדיווידועלע באדערפענישען פארשווינדען זיי צוזאמען מיט דעם
אויסשליסליך אינדיווידועלען צופאַל וואָס האָט זיי ארויסגערופען. אויב
אָבער זיי שטראָמען ארויס פון באדערפענישען וואָס זיינען אנטשטאַ־
נען א דאַנק דעם געזעלשאַפטליכען צושטאנד, וועלען זיי אנהאלטען
אזוי לאנג ווי דער געזעלשאַפטליכער צושטאנד וועט זיך ניט ענדערען.
ביי דער אנטשטעהונג פון דער געזעלשאפט, ווען דער גאַנג פון דער
אנטוויקלונג איז א זעהר לאנגזאמער, קען מען אנעמען אז די דויער־
האפטקייט פון באשטימטע געזעלשאפטליכע באדינגונגען האָט אנגע־
האַלטען הונדערטער־טויזענדע יאָהרען. די געזעלשאַפטליכע פאָדע־
רונגען וואָס ווערען געשטעלט צום יחיד חזר'ן זיך איבער אזוי אָפט
און אזוי רעגולאר, אז סוף כל סוף ווערען זיי פארוואנדעלט אין גע־
וואָנהייטען, וועלכע גיבען זיך נאָכהער איבער בירושה, פונקט ווי עס
גיט זיך איבער למשל, ביי די יאַגד־הינט בירושה, די פעהיגקייט צו
א באזונדערער יאגד־מעטאָדע, אזוי אז עס איז גענוג א פּאָר אנדייטונ־
גען אז די געוואנהייט זאָל זיך באווייזען אויך ביי די שפּעטערע
דורות. אזוינע זיינען אויך דער געפיהל פון שאנדע, די געוואנהייט
צו פארדעקען געוויסע טיילען פון קערפּער, די אָפּדעקונג פון וועלכע
עס ווערט פאררעכענט פאר אוממאָראַליש.

אזוי אנשטעהען די פאָדערונגען וועלכע די געזעלשאַפט שטעלט
צו די יחידים, און זיי פארמערען זיך אלץ מעהר, וואָס מעהר די גע־

זעלשאפט ווערט קאמפליצירט, און וועלכע ווערען אם ענדע, דורך געוואנהייט, אנגענומען פאר מאראלע פארשריפטען.

מאנכע מאטעריאליסטישע דענקער, האבען ארויסגעהענדיג פון אט דעם שטאנדפונקט, ערקלערט אז דער סאמע וועזען פון דער מאראל איז געוואנהייט. באמת אבער ווערט זי דורך דעם אליין ניט ערשעפט. אין אנפאנג ווערען פארוואנדעלט אין מאראלע פארשריפטען, א דאנק דער געוואנהייט, בלויז די אנשויאונגען וועלכע פאדערען דעם יחיד׳ס אויפמערקזאמקייט פאר דער געזעלשאפט, און רעגולירען זיינע באציהונגען צו אנדערע מענשען. אויב מען וועט אונז אנצייגען אז עס זיינען דא אויך אינדיווידועלע פארברעכענס, וועלכע ווערען אנגענומען פאר אוממאראליש, זיינען זיי אין אנהויב פארדאמט געווארען אויך בלויז אין די אינטערעסען פון דער געזעלשאפט. אזוי צ.ב.ש. איז ווען דער אנאניזם זאל ווערען אן אלגעמיינע ערשיינונג, וואלט דאס שטארק געשאדט דעם וואוקס פון דער באפעלקערונג, און אט דער וואוקס האט זיך דאן אויסגעדראכט, איידער מאלטהוס האט נאך זיין אנטדעקונג געמאכט, אלס וויכטיגסטער יסוד פון ערפאלג און וואלזיין, פאר דער געזעלשאפט.

אין דער ביבעל הרג׳עט יהוה אנאנ׳ען דערפאר וואס ער לאזט זיין זריעה פאלען אויף דער ערד, אנשטאט צו לעבען מיט זיין געשטארבענעם ברודער׳ס פרוי, און דערמיט שאפען א קומענדען דור.

די פארשריפטען פון דער מאראל האבען דערפאר געקענט ווערען געוואנהייטען ווייל זיי האבען געענטפערט אויף טיפע און אימער זיך איבערחזר׳נדיגע געזעלשאפטליכע באדערפענישען. אויסער דעם קען מען בכלל ניט דערקלערען דעם מעכטיגען געפיהל פון פליכט, וועלכער איז אפט שטארקער פון אלע אינסטינקטען פון זעלבסט דערהאלטונג, בלויז דורך איינפאכער געוואנהייט. די עלעמענטען פון געוואנהייט אין דער מאראל ווירקען נאר אין דעם זין, וואס געוויסע פארשריפטען ווערען אנגענומען אלס מאראליש, אהן א וועלכען עס איז ישוב הדעת. די געוואנהייט קען אבער ניט באשאפען די סאציאלע אינסטינקטען וועלכע צווינגען דעם מענש אויסצופאלגען די אנערקענטע מאראלע פארשריפטען. אויסשליסליך דורך געוואנהייט קען

# די עטיק

מען צ. ב. ש. ערקלערען דאס וואס מען האלט פאר אומאנשטענדיג אז א מיידעל זאל זיך באווייזען פאר א מאן, אין איהר נאכט־העמד, מעג די נאכט העמד אפילו דערגרייכען ביז דער ערד און איינגאנצען פאר־דעקען איהר האלז, אין דער צייט וואס עס איז גאנץ אנשטענדיג פאר דער זעלבער מיידעל, זיך באווייזען אין אווענד פאר א גאנצער געזעל־שאפט. מיט אן אנטהלויזטער ברוסט, אדער ביים ים זיך דורכשפאצי־רען אין איהר נאסען באד־אנצוג, צווישען א גאנצער רייהע מענער, וועלכע באטראכטען איהר מיט זייערע תאוה'דיגע בליקען. דאס אבער וואס א שטרענג מאראליש מיידעל וועט זיך בשום אופן ניט ערלויבען טאן זאכען וואס זיינען אנגענומען אלס אוממאראליש פון דער גע־זעלשאפט, און וועט אפט אויסקלייבען בעסער דעם טויט איידער די שאנד, קען זיך בלויז דערקלערען דורך די סאציאלע אינסטינקטען.

אנדערע מאראליסטען האבען דערפירט זייער אנשויאונג אויף דער מאראל אלס געוואוינהייט אזוי ווייט, אז זיי האבען איהר פשוט דערקלערט פאר איינפאכע קאנווענציאנעלע מאדעס. זיי שטיצען זיך דערביי אויף דעם וואס אלע געזעלשאפטליכע פארמען, יעדע נאציאן, און אפילו יעדער קלאס, האבען זייערע באזונדערע מאראלע אנשוי־אונגען, וועלכע ווידערשפרעכען איינס דאס צווייטע. זיי שטיצען זיך אויך אויף דעם, וואס קיין אבסאלוטע מאראלע כללים זיינען ניטא. דערפון שליסען זיי, אז מאראל — דאס איז א מאדע וואס ענדערט זיך, אז זי ווערט אנערקענט בלויז פון דעם ניט־דענקענדען המון, דער אויבער־מענש אבער, האט דאס רעכט, און זאגאר די פליכט, צו שטע־לען זיך העכער פון איהר, ווי ער דארף בכלל זיין העכער פון דער מאסע.

די סאציאלע אינסטינקטען זיינען ניט קיין קאנווענציאנעלע מא־דעס: זיי זיינען טיף איינגעווארצעלט אין דער מענשליכער נאטור, אין דער נאטור פון דעם מענשען אלס סאציאלע חיה, און ניט נאר זיי, נאר אפילו די מאראלע פארשריפטען, זיינען ניט קיין גלאט אויס־געטראכטע, נאר רעזולטאטען פון געזעלשאפטליכע באדערפענישען.

עס איז אמת אז ניט אלעמאל איז מעגליך פעסט צו שטעלען די פארבינדונג צווישען באשטימטע מאראלע אנשויאונגען און די געזעל־

שאַפטליכע באַדינגונגען פון וועלכע זיי שטאַמען אַרויס. דער יחיד נעמט זיינע מאָראַלע פאַרשריפטען פון דער אַרומיגער געזעלשאַפטליכער סביבה, ניט וויסענדיג זייערע געזעלשאַפטליכע אורזאַכען. די מאָראַלע כללים ווערען פאַר איהם פאַרוואַנדעלט אין אַ געוואָנהייט און נאָכהער הויבט זיך איהם אָן דאַכטען אַז דאָס איז די שאַפונג פון זיין אייגענעם גייסט, וועלכע איז געגעבען אין פאַראויס, און האָט קיין פּראַקטישע וואָרצלען ניט. דער וויסענשאַפטליכער פאָרשונג האָט זיך אָבער איינגעגעבען, שטופּענווייז, אין אַ גאַנצע רייהע פאַלען, צו באַלייכטען די באַציהונגען וואָס עקזיסטירען צווישען באַשטימטע געזעלשאַפטליכע פאָרמען און מאָראַלע פאַרשריפטען, אָבער זעהר פיל פאַרבלייבט נאָך ניט דערקלערט. די געזעלשאַפטליכע פאָרמען, פון וועלכע די שפּעטערדיגע, נאָך איצט ווירקענדע מאָראַלע פאַרשריפטען זיינען אַנטשטאַנען, ליגען אָפט ווייט הינטער אונז, ערגעץ אין דעם גרויען אַלטערטום. אויסער דעם כדי צו פאַרשטעהן די מאָראַלע פאָדערונגען, איז נויטיג, ניט נאָר וויסען די געזעלשאַפטליכע נויטען דורך וועלכע זיי זיינען אַרויסגערופען געוואָרען, נאָר אויך דעם באַזונדערען געדאַנק פון יענער געזעלשאַפט. יעדער אופן פון דער פּראָדוקציע איז פאַרבונדען ניט בלויז מיט באַשטימטע געצייג, און באַשטימטע געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען, נאָר אויך מיט אַ באַשטימטען אינהאַלט פון וויסען, מיט אַ באַשטימטער דערקענטעניש פעהיגקייט, מיט אַ באַשטימטען בליק אויף אורזאַך און רעזולטאַט, מיט אַ באַשטימטער לאָגיק, מיט איין וואָרט, מיט אַ באַשטימטען געזעלשאַפטליכען געדאַנקען־גאַנג. אַריינדרינגען אין דעם אַמאָליגען געדאַנקען־גאַנג איז זעהר שווער, פיל שווערער ווי פאַרשטעהן די נויטען פון אַ פרעמדער געזעלשאַפט.

פונדעסטוועגען איז די פאַרבינדונג צווישען דער מאָראַל און די געזעלשאַפטליכע נויטען באַוויזען געוואָרען מיט אַזוי פיל ביישפּילען אַז מען קען דאָס אַננעמען אַלס אַן אַלגעמיינע רעגעל. אויב אָבער אַט די פאַרבינדונג עקזיסטירט, מוז די פאַרענדערונג פון דער געזעלשאַפט, אימער מיט זיך ברענגען אויך ענדערונגען אין דער מאָראַל. די ענדערונגען פון די מאָראַלע נאָרמען זיינען דערפאַר ניט עפּעס

אויסערגעוועהנליכעס. פארקערט, עס וואלט זיין אויסערגעוועהנליך, ווען ענדערונגען אין דער אורזאך זאלען ניט ברענגען קיין ענדערונגען אין דעם רעזולטאט. די ענדערונגען זיינען דורכאויס נויטיג, איבער־הויפט, דערפאר, ווייל יעדע געזעלשאפט נויטיגט זיך פאר איהר אויפהאלטונג, אין באשטימטע מאראלע פארשריפטען, וואס זיינען צו איהר צוגעפאסט.

ווי פארשידען און פארענדערליך עס זיינען די מאראלע פאר־שריפטען איז גאנץ גוט באקאנט. עס וועט גענוג זיין איין ביישפיל צו אילוסטרירען א מאראל, וואס איז אינגאנצען אנדערש ווי די מא־ראל פון דער מאדערנער אייראפייאישער געזעלשאפט.

פריטיאף נאנסען, שילדערט אין דעם צעהנטען קאפיטעל פון זיין בוך „דער לעבען פון די עסקימאסען" די עסקימאסישע מאראל. מיר וועלען פון דארטען ציטירען עטליכע שטעלען.

„איינער פון די שענסטע שטריכען פון דעם עסקימאסישען כא־ראקטער איז זיין ערליכקייט. פאר דעם עסקימאס איז זעהר וויכטיג אז ער זאל זיך קענען פארלאזען אויף זיינע נאהענטע און שכנים. כדי אבער אויפצוהאלטען דעם געגענזייטיגען צוטרויען, אהן וועלכען עס וואלט אוממעגליך געווען א וועלכע עס איז פאראייניגונג אין דעם קאמף פאר עקזיסטענץ, איז נייטיג אז יעדער איינער זאל זיין ערליך בנוגעה דעם צווייטען... צוליב דער אורזאכע האבען זיי זעהר ווייניג חושק צו אפנארען איינער דעם צווייטען, איבערהויפט די מענער. אלס רירענדער באווייז קען דינען דער שטריך וועגען וועלכען דאלאגער האט באריכטעט: „ווען זיי ווילען פאר עמיצען באשרייבען א געוויסע זאך, באמיהען זיי זיך ניט צו באנוצען מעהר שיינענדע פארבען, ווי די זאך פארדינט. נאך מעהר, ווען איינער וויל עפעס פארקויפען, בא־שרייבט ער די זאך, הגם ער וויל פון איהר פטור ווערען, אלס עפעס ערגער ווי זי איז אין דער ווירקליכקייט."

די מאראל פון רעקלאמען עקזיסטירט נאך ניט ביי די עסקימא־סען. אמת דאס איז אלץ בנוגע אייגענע, בנוגע פרעמדע דארף מען ניט זיין שטרענג.

„געשלעגען און אנדערע ווילדהייטען האבען ביי זיי קיין פלאץ

ניט. מאָרד — איז אַ זעהר זעלטענע ערשיינונג, דאָרט וואו אַ מאָרד קומט יע פאָר, איז ער ניט דער רעזולטאַט פון עקאָנאָמישע קריגערייען נאָר פון אַ וועלכער עס איז ליעבעס־געשיכטע. „די ערמאָרדונג פון אַ נאָ־הענטען מענשען האַלטען זיי פאַר גרויזאַם, דערפאַר זיינען פאַר זיי מלחמות, עטוואַס אומפאַרשטענדליכעס. וואָס דאַרף פאַראַכטעט ווע־רען. אויף זייער שפּראַך האָבען זיי אפילו קיין געגנויען וואָרט ניט דערפאַר. סאָלדאַטען און אָפיצערען וועלכע לערנען זיך די מלאכה פון מאָרדען מענשען, קוקען אויס אין זייערע אויגען ווי הענקער.“

„די גרינלאַנדער זינדיגען איבערהויפּט געגען דעם זעקסטען געּ־באָט, טוגענד און ריינקייט שטעהען ביי זיי ניט זעהר הויך, פיל פון די איינוואוינער אויפ׳ן מעריב ברעג פון ים, האַלטען דאָס ניט פאַר קיין שאַנד, אז אן אומפאַרהייראַטע מיידעל זאָל האָבען קינדער... אין דער צייט וואָס מיר זיינען געווען אין גאָטהאָאַב, האָבען צוויי מייד־לעך געשוואָנגערט, זיי האָבען עס אָבער ניט באַהאַלטען, זיי האָבען זיך כמעט גרויס געהאַלטען דערמיט, דאָס איז אַ באַווייז אז מען האָט זיי ניט אויסבראַקירט. אָבער אויך אויפ׳ן מזרח ברעג, ווי האַלם דער־צעהלט, האַלט מען ניט פאַר קיין שאַנד אַז אומפאַרהייראַטע פרויען האָבען קינדער“...

„עגעד דערצעהלט אויך אז די פרויען האַלטען דאָס פאַר אַ ספּע־ציעלען גליק און גרויסען כבוד אַריינצוטרעטען אין אינטימע באַצי־הונגען מיט אַן אַנגעקאָק, ד.ה. מיט זייערען אַ נביא, אָדער אַ געלע־רענטען, און ער גיט נאָך צו אז פילע מענער זיינען זעהר צופרידען, און וועלען אפילו באַצאָלען אַן אַנגעקאָק, ער זאָל לעבען מיט זייערע ווייבער, איבערהויפּט אויב זיי אַליין קענען מיט זיי קיין קינדער ניט האָבען.“

„די פרייהייט פון דער עסקימאָסישער פרוי איז פאָלגליך אַ גאַנץ אַנדערע ווי די פרייהייט פון דער דייטשישער פרוי. די אורזאַכע איז וואַהרשיינליך דאָס וואָס אין דייטשלאַנד האָט די אויפהאַלטונג פון ירושה, פון דער ראַסע, און דעם שטאַט, שטענדיג געשפּילט אַ גרויסע ראָליע, אין דער צייט וואָס ביי די עסקימאָסען שפּילט דאָס קיין שום

ראַליע ניט. זיי האָבען כמעט קיין זאַך ניט וואָס איבערצולאָזען אַלס ירושה, די הויפּט זאַך פאַר זיי איז האָבען קינדער."

„אויפ'ן ערשטען בליק, צייגט אונז אויס אַזאַ סאָרט מאָראַל צו זיין אַ זעהר שלעכטע, דאָס מיינט אָבער ניט אַז אויך די עסקימאָסען קוקען אויף איהר אַזוי. מיר דאַרפען בכלל זיך היטען צו אורטיילען, שטעהענדיג אויף אונזער שטאַנדפּונקט, די אַנשויאונגען פון אַ וועלכען עס איז אַנדער פאָלק, וואָס האָבען זיך אַנטוויקעלט אין פאַרלויף פון פילע דורות, און דורך לאַנגער ערפאַהרונג, אפילו אויב זיי זיינען אין ווידערשפּרוך מיט אונזערע אייגענע אַנשויאונגען. די באַגריפען פון „גוט" און „רעכט" זיינען בכלל אויף אונזער ערד אומעטום פאַרשידען. אַלס ביישפּיל וועל איך דאָ ציטירען דאָס פאָלגענדע: ווען עגעד האָט איין מאָל צו אַן עסקימאָסישער מיידעל גערעדט וועגען ליבע צו גאָט און צו די נאָהענטע, האָט זי איהם געענטפערט: „איך האָב באַוויזען אַז איך האָב ליב מיינע נאָהענטע. אַן אַלטע קראַנקע פרוי וואָס האָט ניט געקענט שטאַרבען האָט מיר אַמאָל געוואָלט באַצאָלען איך זאָל איהר אוועקפירען אויף אַ הויכען שפּיציגען באַרג, פון וואַנען עס ווערען אַלעמאָל אַרינטערגעוואָרפען די וואָס קענען ניט מעהר לע־בען. איך האָב דאָס אָבער געטאָן אָהן באַצאָלט, איך האָב איהר אַהין אוועקגעפירט און איהר אַרונטערגעוואָרפען פון באַרג; — ווייל איך האָב ליב מיינע נאָהענטע."

„עגעד האָט איהר געזאָגט אַז דאָס איז געווען אַ שלעכטע טאַט. אַז זי האָט דער'הרג'עט אַ מענשען, האָט זי איהם געענטפערט: „ניין, איך האָב שטאַרק רחמנות געהאַט אויף דער אַלטער, און איך האָב געוויינט ווען זי איז אַרונטערגעפאַלען." דאַרף מען אַזאַ טאַט דער־קלערען פאַר שלעכט אָדער גוט?"

מיר האָבען שוין געזעהן אַז וואו עס איז דאָ ווייניג ערנערונגס מיטלען אַנטשטעהט די נויטווענדיגקייט צו דער'הרג'ענען די אַלטע און קראַנקע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט. אַט דער סאָרט מאָרד ווערט סאַנקציאָנירט אַלס מאָראַלישע טאַט.

„ווען דער דערמאָנטער עגעד, האָט אַ צווייטען מאָל גערעדט וועגען דעם אַז גאָט באַשטראָפט די שלעכטע, האָט איהם איין עסקי־

מאָס באַמערקט, אַז ער גערעכנט אויך צו די וואָס באַשטראָפן שלעכ־טע, ווייל ער האָט אַמאָל דער׳הרג׳עט דריי אַלטע פרויען וואָס האָבן זיך באַשעפטיגט מיט כשוף.״

„דעם זעלבן אונטערשיד פון גוט און שלעכט, קען מען אויך זעהן בנוגע דעם זעקסטען געבאָט. פאַר׳ן עסקימאָס איז: „זיי פרוכט־באַר, און פאַרמער זיך.״ אַ העכערער מאָראַלער פאַרשריפט, ווי „זיי ריין״... ער איז נאָך מעהר באַרעכטיגט דערצו דערפאַר ווייל זיין ראַסע איז זעהר ניט קיין פרוכטבאַרע.״

אַ אנדער וועלען מיר ברענגען אַן אויסצוג פון אַ בריף וואָס איין איבערצייגטער עסקימאָס האָט געשריבען צו פאַול עגעד׳ן. עגעד האָט אין מיטען פון 18טען יאָהר־הונדערט געאַרבייט אַלס מיסיאָנער אין גרינלאַנד, און האָט דאָרט געפונען די עסקימאָסישע מאָראַל, נאָך גאָר ניט באַרירט פון אייראָפּייאישען איינפלוס. דער עסקימאָס האָט געהערט וועגען די קאָלאָניאַלע מלחמות צווישען די ענגלענדער און האָלאַנדער, און דריקט אויס אויף׳ן פאָלגענדען אופן זיין פאַראַכטונג צו אַט דער „אוממענשליכקייט״.

„ווען מיר האָבען״ שרייבט ער „גענוג שפּייז כדי זיך אַנצועסען און גענוג פעלען אויף צו באַהאַלטען זיך פון קעלט, זיינען מיר צופרי־דען. דו ווייסט אַליין אַז מיר לאָזען דעם מאָרגענדיגען טאָג פאַר זיך אַליין זאָרגען. מיר האָבען ניט געוואָלט פירען צוליב איהם קיין מלחמות, אפילו ווען מיר זאָלען קענען. מיר קענען זאָגען אַז דער ים וואָס וואַשט אַרום אונזערע ברעגען איז אונזערער, און אַז די פאַר־שידענע פישען וואָס שווימען אין איהם זיינען אויך אונזערע, מיר האָבען אָבער פונדעסטוועגען גאָר ניט דאַגעגען אַז אויך אַנדערע זאָ־לען, פון אַט דעם גוואַלדיגען קוואַל, נעמען ווי פיל זיי ווילען. מיר האָבען דעם גרויסען גליק ניט צו זיין אַזוי תאוה׳דיג ווי זיי... עס איז ווירקליך צו באַוואונדערען, ליבער פאַול! אייער פאָלק ווייסט אַז עס איז דאָ אַ גאָט — באַשאַפער און באַהיטער פון אַלעס, און אַז נאָך זייער לעבען וועלען זיי אָדער זיין פאַרפלוכט אָדער גליקליך, לויט נאָך דעם ווי זיי האָבען זיך ביי זייער לעבען אויפגעפירט, און פונ־דעסטוועגען לעבען זיי אַזוי, פונקט ווי מען וואָלט זיי געצוואונגען

זיין שלעכט, אדער פונקט ווי עבורות וואלטען געבראכט זיי עפעס גוטס און כבוד. מיינע לאנדסלייט ווייסען גאר ניט וועגען גאט אדער טייוועל, פונדעסטוועגען פירען זיי זיך אויף אנשטענדיג, לעבען צווישען זיך בשלום, טיילען זיך מיט אלעס, און שאפען געמיינשאפטליך זייערע לעבענס מיטלען."

דא זעהט מען קלאר דעם היפוך פון דער מאראל פון פרימיטיווען קאמוניזם, און דער מאראל פון קאפיטאליזם. אבער דא קומט ארויס נאך איין אונטערשיד; אין דער עסקימאסישער געזעלשאפט פאלען צוזאמען די טעאריע און די פראקטיק פון דער מאראל, אין דער קאפיטאליסטישער וועלט אבער זיינען זיי אפגעטיילט דורך א טיפען אפגרונט. די אורזאכען דערפון וועלען מיר באלד באטראכטען

ב) די פראדוקציאנס מעטאדען און וואס איז אויפגעבויט אויף זיי.

די מאראלע פארשריפטען בייטען זיך צוזאמען מיט דער געזעלשאפט, אבער ניט אהן אונטערברעכונגען, ניט אויף דעם זעלבען אופן ווי די געזעלשאפט, און ניט אין דער זעלבער מאס ווי די געזעלשאפטליכע נויטען. זיי ווערען אהן א לאנגען ישוב הדעת אנערקענט פאר מאראלע נארמען, ווייל זיי זיינען געווארען געוואנהייטען. ווען זיי ווארצלען זיך איין אלס אזעלכע קענען זיי א גאנץ לאנגע צייט פיהרען א זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ, אין דער צייט וואס די טעכניק איז שוין אוועק ווייטער, עס האבען זיך געענדערט די פראדוקציאנס מעטאדען, און עס זיינען פארגעקומען ענדערונגען אין די געזעלשאפטליכע נויטען.

מיט די פארשריפטען פון מאראל איז דאס זעלבע ווי מיט דעם איבעריגען קאמפליצירטען אידעאלאגישען איבערבוי, וואס אנטשטעהט אויף דעם יסוד פון די פראדוקציאנס מעטאדען. זיי קענען זיך באפרייען פון זייער פונדאמענט און פיהרען א זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ פאר א געוויסער צייט.

אט די אנטוויקלונג האט דערפרעהט די הערצער פון די עלע־

מענטען, וועלכע זיינען בכח צו באפרייען זיך פון דעם מארקסיסטי־שען געדאנק, פאר וועמען אבער די פאלגען פון דער עקאנאמישער אנטוויקלונג זיינען ניט אנגענעהם. זיי וואלטען זעהר וועלען ארייג־שמוגלען דעם געדאנק וועגען דעם, אז דער גייסט איז א זעלבסט־שטענדיגע קראפט אין דעם פראצעס פון דער געזעלשאפטליכער אנט־וויקלונג. זיי האבען זיך אנגעכאפט אן דעם פאקט וואס די גייסטיגע פאקטארען אין דער געזעלשאפט קענען פאר א געוויסער צייט עקזיס־טירען זעלבסטשטענדיג. ענדליך, הייסט דאס, האבען זיי געפונען די לאנג פארלאנגטע געגענזייטיגע ווירקונג: די עקאנאמיע ווירקט אויפ'ן גייסט און דער גייסט אויף דער עקאנאמיע,ביידע צוזאמען הערשען אין דער געזעלשאפטליכער אנטוויקלונג, די געזעלשאפטליכע אנטוויקלונג ווערט געשטויסען פארווערטס, איין מאל פון די עקא־נאמישע פאקטארען א צווייטען — פון די גייסטיגע, אדער גאר אז ביידע פאקטארען ווירקען פאראלעל, און פראדוצירען א געמיינשאפט־ליכען רעזולטאט. אין אנדערע ווערטער הייסט עס, אז אונזער ווילען און אונזערע פארלאנגען, זיינען צייטענווייז בכח צו צוברעכען און ענדערען די שטרענגע עקאנאמישע נויטווענדיגקייט.

עס איז גאר קיין צווייפעל ניטא אז עס איז דא א געגענזייטיגע ווירקונג צווישען דער עקאנאמיע און איהר גייסטיגען איבערבוי, ווי מאראל, רעליגיע, רעכט, קונסט און א. ז. וו. וועגען דער גייסטיגער ארבייט פון ערפינדען רעדען מיר איצט ניט, ווייל דאס באלאנגט צו דער טעכניק, וואו דער גייסט שפילט די זעלבע ראליע ווי די געצייג. די טעכניק — דאס איז די באוואוסטזיניגע ערפינדונג און אנווענדונג פון געצייג דורך די דענקענדע מענשען.

פונקט ווי אלע אנדערע אידעאלאגישע פאקטארען קען די מאראל מיטהעלפען דער עקאנאמישער און געזעלשאפטליכער אנטוויקלונג. אין דעם באשטעהט טאקי איהר געזעלשאפטליכע באדייטונג, ווייל די באַ־שטימטע סאציאלע רעגעלען זיינען דער רעזולטאט פון געזעלשאפט־ליכע נויטען, וועלען זיי אלץ מעהר נוצליך זיין פאר דער געזעלשאפט־ליכער קאאפעראציע וואס מעהר זיי וועלען זיין צוגעפאסט צו דעם סארט געזעלשאפט אין וועלכער זיי זיינען אנטשטאנען.

די מאראל, אלזא ווירקט אויפ'ן סאציאלען לעבען. אבער דאס איז נאר אזוי לאנג ווי זי איז פון איהם אפ־הענגיג, און איז צוגעפאסט צו די סאציאלע נויטען, א דאנק וועלכע זי איז אנטשטאנען.

אזוי שנעל ווי די מאראל הויבט אן פיהרען א זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ אומאפהענגיג פון דער געזעלשאפט, אזוי שנעל ווי זי הערט אויף קאנטראלירט צו ווערען פון דער לעבען, נעמט אן איהר ווירקונג אויף דער געזעלשאפט אן אנדער פארמע. פון דער צייט אן, וועט איהר אנטוויקלען, אויף ווי פיל זי וועט געהן ווייטער, זיין פון א ריין פארמאלען לאגישען כאראקטער. אזוי שנעל ווי די מאראל געהט ארויס פון אונטער דער ווירקונג פון דער אויסערער וועלט, פארלירט זי איהר פעהיגקייט צו שאפען נייע מאראלע אנשויאונגען. זי קען בלויז איינפיהרען ארדענונג אין די אלטע און זיי באפרייען פון זייערע ווידערשפרוכען. זיך באפרייען פון די ווידערשפרוכען, אויסארבייטען אן איינהייטליכע אנשויאונג, לייזען די אלע פראבלע־מען וואס זיינען ארויסגערוקט געווארען א דאנק די ווידערשפרוכען — דאס איז די ארבייט פון דעם דענקענדען גייסט. אבער אויף דעם וועג קען ער בלויז פארשטארקען דעם אידעאלאגישען איבערבוי, וואס איז שוין פארטיג, אבער ער קען זיך ניט דערהויבען איבער זיך אליין. בלויז די אנטשטעהונג פון נייע ווידערשפרוכען און נייע פראבלעמען קען ארויסרופען א נייע אנטוויקלונג. אבער פון זיך זעלבסט קען דער מענשליכער גייסט ניט באשאפען קיין נייע ווידערשפרוכען און פראב־לעמען; זיי אנטשטעהען אין איהם א דאנק דער ווירקונג פון דער דרוי־סענדיגער סביבה.

דערפאר איז אזוי שנעל ווי די מאראלע פארשריפטען ווערען זעלבסטשטענדיג, הערען זיי אויף צו דינען אלס עלעמענטען פון גע־זעלשאפטליכען פראגרעס. זיי ווערען פארשטיינערט, ווערען פאר־וואנדעלט אין א קאנסערוואטיווען עלעמענט, און א שטערונג צום פראגרעס. דערפאר איז מעגליך אז אין דער מענשליכער געזעלשאפט (אין דער געזעלשאפט פון חיות קען דאס ניט פאסירען) זאל די מאַ־ראל פארוואנדעלט ווערען פון א נויטיגען סאציאלען בונד אין אן אומ־

ערטרעגליכען דרוק אויף דער געזעלשאַפט. דאָס איז אויך אַ געגענ־זייטיגע ווירקונג, אָבער ווייט ניט אין דעם גייסט פון אונזערע אַנטי־מאַטעריאַליסטישע מאָראַליסטען.

דער ווידערשפּרוך צווישען געוויסע מאָראַלע פאָרשריפטען און די געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען, קען דערגרייכען צו אַ גאַנץ הויכער מאָס אַפילו שוין אין דער פּרימיטיווער געזעלשאַפט. אָבער מיט דער אַנטשטעהונג פון קלאַסען אַנטאַגאָניזם ווערט דאָס נאָך פיל טיפער. אויב אין אַ געזעלשאַפט וואָס איז ניט צוטיילט אין באַזונדערע קלאַ־סען, פאַרבלייבען מיר געטריי צו די מאָראַלע פאָרשריפטען בלויז אויס געוואָנהייט, און עס איז נעגוג צו באַזיגען די געוואָנהייט כדי צו באַ־זיגען די מאָראַל, איז דאָס אָבער אַנדערש אין אַ קלאַסען־געזעלשאַפט: דאָ פאַלט די מאָראַל צוזאַמען מיט וועלכע עס איז אינטערעסען, און גאַנץ אָפט מיט גאָר מעכטיגע אינטערעסען. גלייכצייטיג באַווייזען זיך גוואַלד־מיטלען, פיזישער צוואַנג און די אונטערדריקונג פון די עקספּלואַטירטע קלאַסען; אַט די אַלע צוואַנגס מיטלען שטעלען זיך אין דינסט פון דער מאָראַל, זיי זעהען אַז די מאָראַלע פאָרשריפטען וואָס זיינען אין די אינטערעסען פון די הערשענדע קלאַסען, זאָלען אָפּגעהיט ווערען.

אַ געזעלשאַפט וואָס איז ניט צוטיילט אין קלאַסען מוז ניט אָנ־קומען צו אַט די צוואַנגס מיטלען. עס איז אמת די סאָציאַלע אינס־טינקטען זיינען אַפילו אין אַזאַ געזעלשאַפט ניט אימער שטאַרק גענוג צו צווינגען אַלע יחידים צו אויספאָלגען די מאָראַלע פאָרשריפטען: די מאַכט פון די סאָציאַלע אינסטינקטען, פּונקט ווי פון די אינסטינק־טען פון זעלבסט דערהאַלטונג און פאַרמערונג, זיינען ניט גלייך ביי אַלע יחידים, און ניט אַלע מאָל זיגען די ערשטע אין אַזעלכע פאַלען. איז אין אַ קלאַס־לאָזער געזעלשאַפט די עפענטליכע מיי־נונג שטאַרק גענוג צו צווינגען און באַשטראָפען. דאָס אָבער באַשאַפט ניט אין אונז ניט קיין מאָראַלישען געזעץ און ניט קיין מאָראַלע פליכט. אונזער געוויסען איז ביי אונז דאָ, אויב אפילו קיינער קוקט אונז ניט נאָך, און אפילו ווען די עפענטליכע מיינונג איז אינגאַנצען ניטאָ. פאַרקערט נאָך, דער געוויסען קען אונז אַמאָל

צוזיינגען צו גען להפוך צו דער עפענטליכער מיינונג פון דער מער־הייט, איבערהויפט ווען די געזעלשאפט איז רייך מיט קלאסען הפוכים, און מיט ווידערשפרעכענדע מאראלע פארשריפטען.

אבער די עפענטליכע מיינונג דינט אין א קלאסלאזער געזעל־שאפט פאר א גוטען פאליציייאישען מיטעל צו זעהן אז די מאראלע פארשריפטען זאלען אויסגעפאלגט ווערען. דער יחיד איז אזוי הילפ־לאז אין פארגלייך מיט דער געזעלשאפט, אז ער האט קיין שום מעג־ליכקייט ניט צו געהן להפוך צו דער אלגעמיין אנגענומענער מיינונג. דאס לעצטע ווירקט אזוי שטארק, אז קיין מיטלען פון צוואנג אדער באשטראפונג זיינען שוין מעהר ניט נויטיג פאר דער פארהיטונג פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען פון וועלכע עס איז שטערונגען. אפילו איצט אין דער קלאסען געזעלשאפט זעהען מיר אז די עפענטליכע מיינונג, פון דעם אייגענעם קלאס, אדער פון דעם קלאס אדער פארטיי, אין וועלכע איינער שליסט זיך אן, זיינען שטארקער ווי די מעכטיגסטע מיטלען פון דעם שטאט. מען קלייבט אוים גיכער תפיסה, ארי־קייט און אמאל אפילו טויט, אנשטאט שאנדע.

אבער די עפענטליכע מיינונג פון איין קלאס האט קיין ווירקונג ניט אויף א צווייטען. ביז וואנען די געזעלשאפט איז ניט צוטיילט אין קלאסען, און האט ניט קיין קלאסען הפוכים, קען זי האלטען יעדען יחיד אין די נויטיגע ראמען, און צווינגען איהם אויספאלגען איהרע רעגעלען, אויב זיינע סאציאלע אינסטינקטען אליין זיינען ניט גענוג דאס צו טאן. די עפענטליכע מיינונג פארלירט אבער איהר מאכט ווען עס שטעהט, ניט א יחיד געגען דער געזעלשאפט, נאר איין קלאס געגען א צווייטען. דער הערשענדער קלאס, אויב ער וויל אויפ־האלטען זיין לאגע, מוז אנקומען צו אנדערע צוואנגס־מיטלען. ער מוז זיך שוין דא באנוצען מיט זיין גרעסערער פיזישער און עקאנאמישער מאכט, מיט זיין בעסערער ארגאניזאציע און זיין העכערער אינטע־ליגענץ.

די מיטלען פאר דער אויפהאלטונג פון דער קלאסען הערשאפט זיינען ניט נאר סאלדאטען, פאליציי און ריכטער, נאר אויך די גלחים. עס איז אויסגעפאלען אויפ'ן גורל פון דער ארגאניזירטער קירך אפצו־

היסען די טראַדיציאָנעלע מאָראַל. אַט די פאַראייניגונג צווישען רע־ליגיע און מאָראַל קומט פאַר נאָך לייכטער א דאַנק דעם וואָס די נייע רעליגיעס, וועלכע אַנטשטעהען אין דער צייט ווען דער פּרימיטיווער קאָמוניזם און די געזעלשאַפט וואָס איז געבויט אויף לייבליכער פאַר־וואַנדשאַפט האַלטען אין פאַנאַנדערפאַלען, זיינען אין א שאַרפען ווידערשפּרוך מיט די אַלטע נאַטירליכע רעליגיעס. די לעצטע האָבען זיך איינגעוואָרצעלט נאָך אין דער צייט ווען קיין קלאַסען זיינען ניט געווען, און ווען עס איז נאָך ניט געווען קיין באַזונדערע קאַסטע פון גלחים. אין די אַלטע רעליגיעס איז די געטליכקייט גאַר ניט פאַר־בונדען מיט דער מאָראַל. די נייע רעליגיעס אבער וואַקסען אויס אויף דעם פילאָסאָפישען באָדען, וועלכער פאַרבינדעט אויפ'ן ענגסטען אופן די עטיק, דעם גלויבען אין גאָט און די איבערנאַטירליכע וועלט, שטיצענדיג איין פאַקטאָר אויפ'ן צווייטען. פון יענער צייט אָן זיינען עטיק און רעליגיע, אלס מיטלען פאַר הערשאַפט, אויפ'ן אינטימסטען אופן צווישען זיך פאַרבונדען. אמת, דער מאָראַלער געזעץ איז דער רעזולטאַט פון דער סאָציאַלער נאַטור פון מענשען, און אַלע מאָראַלע פאָרשריפטען זיינען די פּראָדוקטען פון באַשטימטע געזעלשאַפטליכע באַדערפעניסען, אבער ביידע האָבען קיין שום שיכות ניט מיט דער רעליגיע. די מאָראַל אבער וועלכע מוז אויפגעהאַלטען ווערען ביי[illegible] פאָלק אין די אינטערעסען פון די הערשענדע קלאַסען, נויטיגט [illegible]יך זיכער אין דער רעליגיע און אין דער גאַנצער קירכליכער אָרגאַניזאַציע. אהן זיי וואָלט זי נאָך שנעלער פאַרשוואונדען, ווי דאס איז אין דער ווירקליכקייט.

ג) די אַלטע און נייע מאָראַל.

דער ווידערשפּרוך צווישען דער הערשענדער געזעלשאַפטליכער מאָראַל און דעם לעבען און שטרעבען פון די געזעלשאַפטס מיטגלי־דער, ווערט אַלץ מעהר פאַרגרעסערט, וואָס לענגער עס פאַרבלייבען אין קראַפט די אָפּגעלעבטע מאָראַלע פאָרשריפטען, נאָך דעם ווי די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג איז שוין אַוועק ווייטער, און האָט שוין באַ־

שאפען נייע באדערפענישען, וועלכע פאדערען נייע פארשריפטען פון מאראל.

אבער אט דער ווידערשפרוך געפינט א גאנץ פארשידענעם אויס־דרוק ביי די פארשידענע קלאסען. די קאנסערוואטיווע קלאסען, ד. ה. די וועמעס עקזיסטענץ עס האלט זיך אויף די אלטע געזעלשאפטליכע באדינגונגען, — האלטען זיך מיט אלע כחות אן דער אלטער מאראל. דאס איז אבער בלויז אין דער טעאריע, אין דער פראקטיק קענען זיי זיך בשום אופן ניט באפרייען פון דער ווירקונג פון די נייע געזעל־שאפטליכע באדינגונגען. אין דעם פאל הויבט זיך אן דער גוט באַ־קאנטער קאנפליקט צווישען דער טעאריע און דער פראקטיק. פילע נעמען דאס אן אלס א נאטירליכען געזעץ פון דער מאראל: די פאדע־רונגען פון מאראל זיינען זעהר גוט, נאר זיי קענען ניט אויסגעפיהרט ווערען. דער ווידערשפרוך צווישען דער טעאריע און פראקטיק קען דא אננעמען א צווייפאכע פארמע. די קלאסען און יחידים, וועלכע פיהלען זיך שטארק גענוג, איגנארירען גאנץ אפען די פאדערונגען פון דער טראדיציאנעלער מאראל, זיי האלטען איהר אבער פאר נוי־טיג פאר אנדערע. די קלאסען און יחידים וואס פיהלען זיך אבער שוואך, טרעטען איבער די מאראלע פארבאטען, אין געהיים, און פאר־טיידיגען זיי אין דער עפענטליכקייט. אין די קלאסען וואס זיינען פאר׳משפט אונטערצוגעהן, רופט דאס ארויס, לויט נאך די אומשטענ־דען, אדער ציניזם, אדער היפאקריטסטווא. גלייכצייטיג, ווי מיר האבען שוין געזעהן, פארשווינדט ביי אט די קלאסען גאנץ לייכט, זייערע סאציאלע אינסטינקטען, א דאנק דער פאר־שטארקונג פון זייערע פריוואטע אינטערעסען, און די מעגליכקייט אנ־פירען דעם קאמף דורך געדונגענע מענשען, און דערמיט פארמיידען דאס פערזענליכע געפאר פון קאמף.

דאס אלעס שאפט אין די קאנסערוואטיווע און איבערהויפט אין די הערשענדע קלאסען, די ערשיינונג וועלכע מיר רופען געוועהנליך אן מיט׳ן כאראקטעריסטישען נאמען — אוממאראליטעט.

די מאטעריאליסטישע מאראליסטען, וועלכע נעמען די עטיק פשוט אלס א מאדע, לייקענען אפ די מעגליכקייט פון אזא סארט אומ־

מאראליטעט אלס געזעלשאפטליכע ערשיינונג. היות ווי יעדע מא־ראל איז א רעלאטיווע, איז דאס וואס מיר רופען אן אוממאראליטעט בלויז א באזונדערער סארט מאראל; א מאראל וואס איז אנדערש ווי אונזערע.

אידעאליסטישע מאראליסטען, פון דער צווייטער זייט, שליסען דערפון, אז היות ווי עס זיינען פאראן גאנצע קלאסען און געזעלשאפ־טען, וואס זיינען אוממאראליש, מוז עקזיסטירען אן אייביגער, פון צייט און רוים אומאפהענגיגער מאראלער סטאנדארד, וואס איז אומ־אפהענגיג פון די געזעלשאפטליכע צושטאנדען, וועלכע ענדערען זיך כסדר, דורך וועלכען מיר זאלען קענען מעסטען די מאראל פון יעדער קלאס אדער געזעלשאפט.

צום באדויערען אבער, איז דער עלעמענט פון דער מענשליכער מאראל, וועלכער, אויב ער איז אפילו ניט אומאפהענגיג פון צייט און רוים, איז אבער עלטער פון די זיך־ענדערענדע, סאציאלע באציהונ־גען — דער סאציאלער אינסטינקט — פונקט דאס וואס איז געמיינ־שאפטליך צווישען דער מענשליכער און טהירישער מאראל. דאס ספעציפיש מענשליכע אין דער מאראל זיינען די מאראלע נארמען, און זיי האלטען זיך אין איין ענדערען. דאס מיינט ניט, אז א קלאס אדער א געזעלשאפט קען ניט זיין אוממאראליש, דאס מיינט בלויז אז — אמווייניגסטענס בנוגע מאראלע נארמען, אז עס איז ניטא קיין אבסאלוטע אוממאראליטעט, פונקט ווי עס איז ניטא קיין אבסאלוטע מאראל. אוממאראליטעט, אין דעם הינזיכט, איז אייך א רעלאטיווער באגריף. אבסאלוטע אוממאראליטעט, קען מען בלויז אנרופען די אב־ווזענהייט פון די ס א צ י א ל ע א י נ ס ט י נ ק ט ע ן א ו ן ט ו ג ע נ ד ע ן, וועלכע דער מענש האט איבערגענומען פון די איבעריגע סאציאלע חיות.

אויב מיר נעמען אז די אוממאראליטעט אלס פארברעכען געגען די געזעצען פון מאראל, וועט זיך ארויסווייזען, אז דאס מיינט ניט דאס אפטרעטען פון א געוויסען סטאנדארד פון מאראל, וואס איז באשטימט באר אלע מענשען, אלע צייטען און אלע לענדער, נאר דער ווידער־שפרוך צווישען דער מאראלער פראקטיק און די אייגענע מאראל־

פּרינציפּען. דאָס מיינט בלויז אַ פאַרברעכען געגען די מאָראַלע נאָר־מען, וועלכע איינער אַנערקענט אַליין פאַר נויטיג און פּאָדערט, אַז אַנדערע זאָלען זיי אָפּהיטען. עס איז דערפאַר אַן אומזין צו ערקלע־רען פאַר אוממאָראַליש געוויסע מאָראַלע נאָרמען פון אַ וועלכען עס איז פאָלק אָדער קלאַס, דערפאַר ווייל זיי זיינען אין ווידערשפּרוך מיט אונזערע אייגענע מאָראַלע נאָרמען. אוממאָראַליטעט קען אַלע מאָל באַשטעהן אין ניט אָפּהיטען די אייגענע מאָראַל, אָבער ניט אַ פרעמדע. איינע און די זעלבע ערשיינונג ווי צ. ב. ש. פרייע גע־שלעכטליכע צוזאַמענקונפטען, אָדער גלייכגילטיגקייט צו אייגענטום, קען אין איין פאַל זיין דער רעזולטאַט פון מאָראַלער געפאַלענקייט, ווי צ. ב. ש. אין אַ געזעלשאַפט וואו עס הערשט מאָנאָגאַמיע און די היילינקייט פון אייגענטום. אין אַ צווייטען פאַל קען דאָס זיין העכסט מאָראַליש אין אַ געזונטער געזעלשאַפט, וועלכע נויטיגט זיך ניט אין קיין פריוואַט אייגענטום, ניט אויף קיין פרויען און ניט אויף אַנדערע געברויכס־ אָדער פּראָדוקציאָנס־אַרטיקלען.

## ד) דער מאָראַלער אידעאַל.

אויב ביי די קאָנסערוואַטיווע און הערשענדע קלאַסען דריקט זיך אויס דער וואַקסענדער ווידערשפּרוך צווישען די נייע סאָציאַלע באַ־דינגונגען און דער אַלטער פאַרשטיינערטער מאָראַל, אין אַ וואוקס פון אוממאָראַליטעט, היפּאָקריטסמוס און ציניזם, וועלכע פירען צו דער אָפּשוואַכונג פון די סאָציאַלע אינסטינקטען, פירט דאָס ביי די יונגע און עקספּלואַטירטע קלאַסען צו גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטען. זייערע אינטערעסען זיינען להיפּוך פון די געזעלשאַפטליכע יסודות, וועלכע האָבען באַשאַפען די הערשענדע מאָראַל. זיי האָבען ניט די קלענס־טע אורזאַכע וואָרום זיי זאָלען זיך ביי איהר האַלטען. פאַרקערט, אַליין אָרום טרייבט זיי צו קעמפען מיט איהר. וואָס מעהר זיי ווע־רען באַוואוסטזיניג וועגען זייער אַנטאַגאָניזם צו דער הערשענדער געזעלשאַפטליכער אָרדענונג, רק מעהר וואַקסט זייער מאָראַלע עמ־פּערונג, רק מעהר שטעלען זיי אוועק געגען דער אַלטער טראַדיציאָ־

נעלער מאָראַל אַ נייע, וועלכע זיי באַמיהען זיך צו מאַכן פאַר דער מאָראַל פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. אַט אַזוי אַנטשטעהט ביי די יונגע קלאַסען אַ מאָראַלער אידעאַל, וועלכער ווערט רק אויסגעשפּראָכענער, וואָס שטאַרקער עס ווערען די כחות פון דעם קלאַס. גלייכצייטיג, ווי מיר האָבען געזעהן, ווערען באַזונדערס שטאַרק אַנטוויקעלט די סאָציאַלע אינסטינקטען ביי אַט די קלאַסען, אַ דאַנק דעם קלאַסען־קאַמף, אַזוי אַז צוזאַמען מיט דער אויסגעשפּראָכענקייט פון זייער מאָראַלען אידעאַל, וואַקסט אויך זייער ענטהוזיאַזם פאַר איהם. אויף דעם אופן זעהען מיר, אַז די זעלבע ערשיינונגען וואָס באַשאַפען די אוממאָראַליטעט פון די קאָנסערוואַטיווע אָדער אונטערגעהענדע קלאַסען, שאַפען אין די יונגע אויפגעהענדע קלאַסען אַ כסדר וואַקסענדע ערשיינונג, וועלכע מיר רופען אָן מיט'ן נאָמען — עטישער אידעאַליזם: דאָס דאַרף אָבער ניט צונויפגעמישט ווערען מיט'ן פילאָסאָפישען אידעאַליזם. די אויפגעהענדע קלאַסען זיינען טאָקי מערסטענס געניינט אָנצונעמען דעם פילאָסאָפישען מאַטעריאַליזם, די אָפּשטאַרבענדע קלאַסען, אָבער באַקעמפען איהם, גלייך פון דער מינוט, ווען זיי פאַרשטעהען, אַז די ווירקליכקייט טראָגט פאַר זיי ארויס אַ טויט־אורטייל, און אַז רעטונג קענען זיי ערוואַרטען נאָר פון איבערנאַטירליכע כחות; געטליכע אָדער עטישע.

דער אינהאַלט פון דעם נייעם מאָראַלען אידעאַל איז אָפט ניט קלאָר גענוג. ער שטראַמט ניט אַרויס פון אַ וועלכער עס איז טיפער וויסענשאַפטליכער דערקענטעניש פון דעם געזעלשאַפטליכען אָרגאַניזם, אַ זאַך וואָס איז אָפט גאַנץ פרעמד צו די שאַפער פון דעם אידעאַל, נאָר פון אַ טיפער געזעלשאַפטליכער באַדערפעניש, אַ ברענענדער בענקשאַפט, און אַן ענערגישער שטרעבונג צו עפּעס וואָס איז אַנדערש ווי דאָס וואָס עקזיסטירט איצט, צו עפּעס וואָס איז פונקט דער היפוך דערפון. אויף דעם אופן איז אויך אַט דער מאָראַלער אידעאַל בעצם אַ ריין־נעגאַטיווער, ניט מעהר ווי דער אויסדרוק פון געגנערשאַפט צו דער הערשענדער, ווידערשפּרעכליכער מאָראַל.

אָבער פון זינט עס עקזיסטירט די קלאַסען־געזעלשאַפט, און עס

האָט זיך אויסגעאַרבייט אַ שאַרפער קלאַסען־אַנטאַגאַניזם, פּאַרטייידיגט אימער די הערשענדע מאָראַל, די שקלאַפערײַ, אומגלייכהייט און עקספּלואַטאַציע.

דערפאַר האָט עס אויסגעוויזען, אַז דער מאָראַלער אידעאַל פון די אונטערדריקטע קלאַסען איז אין אַלע היסטאָרישע צייטען געווען דער זעלבער, — דאָס איז דער אידעאַל, וועלכען די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט כאַראַקטעריזירט מיט די ווערטער: פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט דער אידעאַל איז איינגעפלאַנצט אין דעם האַרץ פון יעדען מענשען, אומאָפּהענגיג פון צייט און פּלאַץ, אַז די אויפגאַבע פון דעם מענשליכען מין איז דער אייביגער שטרעבען צו רעאַליזירען איינעם און דעם זעלבען מאָראַלען אידעאַל, און אַז די אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט בכלל, איז אַ שטופּענווייזע דערנעהענטערונג צו אָט דעם אידעאַל, וועלכער שוועבט שטענדיג פאַר איהם.

ווען מיר קוקען זיך אבער נעהענטער צו צו דער זאַך, זעהען מיר אַז די ענליכקייט פון די מאָראַלע אידעאַלען פון די פאַרשידענע היסטאָרישע פעריאָדען איז בלויז אַן אויבערפלעכליכע. הינטער זיי איז פאַראַן זעהר גרויסע און וויכטיגע אונטערשידען אין זייערע געזעלשאַפטליכע צילען, וועלכע זיינען אין איינקלאַנג מיט די אונטערשידען פון די באַזונדערע געזעלשאַפטליכע צושטאַנדען.

פאַרגלייכענדיג דעם קריסטענטום, די פראַנצויזישע רעוואָלוציע און די מאָדערנע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, געפינען מיר, אַז פרייהייט און גלייכהייט מיינט עפּעס אַנדערש פאַר יעדער איינעם פון זיי; עס ווענדט זיך לויט נאָך זייער באַציהונג צום אייגענטום און פּראָדוקציע. דער פּרימיטיווער קריסטענטום האָט געשטרעבט צו גלייכהייט אין אייגענטום, פאָדערענדיג, אַז דער אייגענטום זאָל גלייך צוטיילט ווערען צווישען אַלעמען פאַר געברויכסצוועקען. אונטער'ן וואָרט פרייהייט, האָבען זיי פאַרשטאַנען די פאָדערונג, אַז אַלע זאָלען באַפרייט ווערען פון אַרבייט, פּונקט ווי די בלומען אין פעלד, וועלכע זייען ניט און שניידען ניט, און געניסען פאָרט פון לעבען.

# קאַרל קאוטסקי

די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט מיט איהר פאָדערונג פאַר גלייכהייט, געמיינט גלייכהייט פון רעכט אויף איי־גענטום. פריוואַט אייגענטום, אבער, אַן און פאַר זיך, האָט זי דערקלערט פאַר הייליג. פרייהייט, האָט פאַר איהר געמיינט, די פרייהייט פאַר יעדען צו באַגעהן זיך מיט זיין אייגענטום, אין דעם פּראָצעס פון עקאָנאָמישען לעבען, אזוי ווי פאַר איהם איז בעסער.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האַלט דאָס פריוואַט אייגענטום ניט פאַר הייליג און פאָדערט אויך ניט די צוטיילונג דערפון. זי פאָדערט איהר סאָציאַליזירונג. די גלייכהייט צו וועלכער זי שטרעבט, מיינט די גלייכע רעכט פון אַלעמען אויף די פּראָדוקטען פון דער געזעל־שאַפטליכער ארבייט. די געזעלשאַפטליכע פרייהייט פאַר וועלכע זי קעמפט, מיינט ניט די באַפרייאונג פון ארבייט פאַר אַלעמען, און ניט די פרייהייט צו באַלעבאַטעווען איבער די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און פּראָדוקציאָן בכלל, נאָר די פאַרקלענערונג פון דער נויטיגער אר־בייט דורך צוציהען צו דער ארבייט די אַלע מענשען וואָס זיינען פעהיג צו ארבייטען, און דורך איינפירען די בעסטע, ארבייט־שפּאָ־רענדע מאַשינען און מעטאָדען. אויף דעם אופן וועט די ארבייט, וועלכע קען ניט זיין פריי, נאָר מוז קאָנטראָלירט ווערען פון דער געזעלשאַפט, געבראַכט ווערען פאַר יעדען איינעם צו א מינימום, און יעדער איינער וועט זיין פאַרזיכערט מיט גענוג צייט און פרייהייט, פאַר אַ פרייער, קינסטלערישער און וויסענשאַפטליכער ארבייט, און אַ מעגליכקייט פריי צו געניסען פון לעבען. די געזעלשאַפטליכע פרייהייט — (וועגען דער פּאָליטישער רעדען מיר דאָ ניט) דורך דער מעגליכסט־גרעסטער פאַרקירצונג פון דער ארבייטס־צייט — איז די פרייהייט פאַר וועלכע דער מאָדערנער סאָציאַליזם קעמפט.

איינער און דער זעלבער מאָראַלער אידעאַל, קען, ווי עס שיינט, ארומכאַפּען די פאַרשידענסטע געזעלשאַפטליכע אידעאַלען. די אוי־סערליכע ענליכקייט פון די מאָראַלע אידעאַלען פון פאַרשידענע צייי־טען און פאַרשידענע לענדער, איז ניט דער רעזולטאַט פון אַ מאָ־ראַלען אידעאַל, וואָס איז אומאָפּהענגיג פון צייט און פּלאַץ, וועלכער איז איינגעפּלאַנצט אין מענשען, און האָט זיינע וואָרצלען אין דער

איבערזינליכער וועלט — זי איז נאר דער רעזולטאט פון דעם וואס ניט קוקענדיג אויף אלע געזעלשאפטליכע אונטערשידען, זיינען די הויפט ליניעס פון דער קלאסען־הערשאפט אין דער מענשליכער געזעלשאפט אלע מאל די זעלבע.

אבער א נייער מאראלער אידעאל קען אנטשטעהן ניט בלויז אויפ'ן יסוד פון קלאסען אנטאגאניזם. צווישען די קאנסערוואטיווע קלאסען קענען זיך געפינען יחידים, וועלכע זיינען ניט דורכגעדרונגען מיט'ן קלאסען באוואוסטזיין, ווערמעס סאציאלע פארבינדונג מיט זייער קלאס איז א גאנץ שוואכע, און וועלכע באזיצען גלייכצייטיג שטארקע סאציאלע אינסטינקטען און טוגענדען, וועלכע צווינגען זיי צו פאראכטען דעם ציניזם און היפאקריטסטווא: זייער הויכע אינטעליגענץ ערמעגליכט פאר זיי קלאר צו באגרייפען דעם ווידערשפרוך וואס הערשט צווישען דער טראדיציאנעלער מאראל און די געזעלשאפטליכע נויטען. אזוינע יחידים קומען אויך אומפארמיידליך צו דעם, אז זיי ארבייטען אוים נייע מאראלע אידעאלען. צי וועלען אט די אידעאלען באקומען א סאציאלען כח, ווענדט זיך אן דעם אויב זיי גיסען זיך צונויף מיט די קלאסען אידעאלען, אדער ניט. דער מאראלער אידעאל קען זיין פרוכטבאר בלויז אלס אימפולס אין קלאסען־קאמף, ווייל בלויז דער קלאסען־קאמף, און ניט דער פערזענליכער שטרעבען פון איינצעלנע מענשען, קען טרייבען די געזעלשאפט ווייטער אויף דעם וועג פון איהר אנטוויקלונג, און צופאסען איהר צו די פאדערונגען פון די העכער־אנטוויקעלטע פראדוקציאנס־כחות. די רעאליזירונג פון מאראלען אידעאל בכלל, קען דערגרייכט ווערען בלויז דורך דער פארענדערונג פון דער געזעלשאפט.

אמת, ביז איצט איז ניט באשערט געווען, אז דער מאראלער אידעאל זאל פארווירקליכט ווערען. דאס ווערט פארשטענדליך, ווען מען בעקאנט זיך מיט זיין אנטשטעהונג. דער מאראלער אידעאל איז ניט קיין אנדערער ווי דער קאמפלעקס פון פארלאנגען און שטרעבונגען וועלכע ווערען ארויסגערופען דורך דעם ווידערשפרוך פון דער עקזיסטירענדער ארדענונג. אלס אימפולס אין קלאסען־קאמף און אלס מיטעל צוזאמענצוקלייבען די כחות פון די אויפגעהענדע קלאסען פאר

זייער קאַמף געגען דער עקזיסטירענדער אָרדענונג. איז ער אַ מעכטיגער מיטעל פון זיעג. אבער די נייע געזעלשאַפטליכע אָרדענונג, וועלכע קומט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער אַלטער, איז ניט אָפּהענגיג אַז די פאָרמען פון דעם מאָראַלען אידעאַל, נאָר פון די מאַטעריעלע באַדינגונגען, פון דער טעכניק, פון דעם נאַטירליכען צושטאַנד, פון דעם כאַראַקטער פון די שכנים און אורעלטערען, פון דער עקזיסטירענדער געזעלשאַפט און אַז. וו.

די נייע געזעלשאַפט קען אויף דעם אופן זיין גאַנץ פאַרשידען פון דעם מאָראַלען אידעאַל פון די, וואָס האָבען דורך זייער קאַמף איהר געבראַכט, איבערהויפּט דאַן ווען די מאָראַלע עמפּערונג איז ווייניג וואָס געווען פאַראייניגט מיט דעם וויסען פון די מאַטעריעלע באַדינגונגען. דערפאַר האָט יעדער אידעאַל, נאָך דעם ווי ער האָט אָפּגעטאָן זיין היסטאָרישע ארבייט און האָט אָפּגעדינט אַלס אימפּולס פאַר דער צושטערונג פון דער אַלטער אָרדענונג, זיך געענדיגט מיט אַן ענטוישונג, זיך ארויסגעוויזען פאַר אַן אילוזיע.

אויבען האָבען מיר געזעהן ווי אַזוי עס אַנטשטעהט ביי די קאָנ־סערוואַטיווע קלאַסען דער ווידערשפּרוך צווישען דער מאָראַלער טע־אָריע און דער פּראַקטיק. די מאָראַל איז ביי זיי עפּעס וואָס אַלע פאַ־דערען, נאָר קיינער פאָלגט ניט אויס, עפּעס וואָס איז איבער די מענש־ליכע כחות, און וואָס בלויז ניט־ערדישע וועזענס קענען אויספאָל־גען. דאָ קומען מיר אויך צו דער אַנטשטעהונג פון אַ באַזונדערען ווי־דערשפּרוך ביי די רעוואָלוציאָנערע קלאַסען, צווישען דער מאָראַלער טעאָריע און פּראַקטיק. דאָ איז דער ווידערשפּרוך צווישען דעם מאָ־ראַלען אידעאַל און דער ווירקליכקייט, וועלכע די סאָציאַלע רעוואָ־לוציע באַשאַפט. אויך דאָ דאַכט זיך אויס אַז די מאָראַל איז עפּעס צו וואָס אַלע שטרעבען, און קיינער דערגרייכט ניט, עפּעס וואָס קיין ערדישער וועזען קען ניט דערגרייכען. עס איז דערפאַר גאָר קיין וואונדער ניט וואָס די מאָראַליסטען נעמען נאָך דעם אַן די מאָראַל אַלס עפּעס וואָס האָט ניט קיין ערדישע אַנטשטעהונג, און אַז אונזע־היה'שע נאַטור, וועלכע ציהט רק צו דער ערד, איז שולדיג אין דעם וואָס מיר קענען בלויז פון דער ווייטען פאַרגעטערען איהר בילד — אבער קיין מאָל זיך ניט דערנעהענטערען צו איהר.

דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם ברענגט אַרונטער די מאָראַל פון איהר הימעלשער הויך. מיר דערקענען איהר חיה'שען אורשפרונג, און זעהען, אַז די ענדערונגען וועלכע זי מאַכט דורך אין דער מענשליכער געזעלשאַפט, ווערען באַשטימט דורך די, וועלכע די גע־געזעלשאַפט אַליין מאַכט דורך, אַ דאַנק דער טעכנישער אנטוויקלונג. עס ווערט פאַר אונז אויפגעדעקט דער ריין נעגאַטיווער כאַראַקטער פון דער מאָראַל, — אַלס געגענזאַץ צו דער עקזיסטירענדער מאָראַלער אָרדענונג, און עס ווערט קלאָר איהר באַדייטונג אַלס מיטעל צוזאַמלען און באַגייסטערען די רעוואָלוציאָנערע קלאַסען. אבער צוזאַמען מיט דעם פאַרלירט דער מאָראַלער אידעאַל זיין אַנפירענדע קראַפט. די ריכטונג אין וועלכער די געזעלשאַפטליכע אנטוויקלונג געהט באמת, איז ניט אַפּהענגיג אַן אונזער מאָראַלען אידעאַל, נאָר פון די באַשטימטע מאַטעריעלע באַדינגונגען. אַט די מאַטעריעלע באַדינגונגען האָבען שוין אין פריהערדיגע צייטען, אין אַ געוויסען זין, באַשטימט דעם מאָראַלען ווילען און די געזעלשאַפטליכע צילען פון די קלאַסען וועלכע האָבען זיך געהאַלטען אין אַנטוויקלען. אַבער אין מערסטע פאַלען איז דאָס געטאָן געוואָרען אומבאַוואוסטזיניג. אויב אפילו אין אַ געוויסער צייט האָט יא געהערשט אַ ריכטענדע סאָציאַלע דערקענטעניש, ווי אין 18טען יאָרהונדערט, האָט זי אַבער אויף דער אויסאַרבייטונג פון די געזעלשאַפטליכע צילען ניט געווירקט סיסטעמאַטיש און אויסגעהאַלטען.

די מאַטעריאַליסטישע אויפפאַסינג פון געשיכטע, האָט אַוועקגענומען פון דער מאָראַל דעם כאַראַקטער פון אַ פאַקטאָר, וועלכער באַוועגט די סאָציאַלע אנטוויקלונג. זי האָט אונז אויסגעלערנט צו אַרויספירען אונזערע אידעאַלען אויסשליסליך פון דעם וויסען פון די געגעבענע מאַטעריעלע יסודות. דערמיט האָט זי צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע באַוויזען, ווי עס איז מעגליך צו פאַרמיידען, אַז די רעוואָלוציאָנערע ווירקליכקייט זאָל בלייבען הינטערשטעליג הינטער דעם געזעלשאַפטליכען אידעאַל, צו פאַרמיידען ווי ווייט מעגליך אילוזיעס און ענטוישונגען. צי וועט זיך ווירקליך איינגעבען דאָס אַלעס צו פאַרמיידען, העננט אָפּ אַן דער שטופע פון דער קענטעניש פון די

געזעצען פון דער אנטוויקלונג און באוועגונג פון דעם סאַציאַלען אָר־גאַניזם, פון זיינע כחות און אָרגאַנען.

דער מאַראַלער אידעאַל פאַרלירט ניט זיין איינפלוס אויף דער געזעלשאַפט, עס ווערט נאָר פעסטגעשטעלט די ווירקליכע מאָס פון זיין ווירקונג. פונקט ווי דער סאָציאַלער מאַראַלער אינסטינקט, אזוי איז אויך דער מאַראַלער אידעאַל ניט קיין ציל, נאָר א כח אָדער א מיטעל אין דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ. דער מאַראַלער אידעאַל דינט אַלס באַזונדערער מיטעל אין די באַזונדערע באַדינגונגען פון קלאַסען־קאַמף.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַלס די אָרגאַניזאַציע פון פּראָלעטאַ־ריאַט פאַר זיין קלאַסען־קאַמף, קען זיך ניט באַגעהן אָהן א מאַראַלען אידעאַל, אָהן א מאַראַלער עמפּערונג געגען עקספּלואַטאַציע און קלאַ־סען־הערשאַפט. אבער דער דאַזיגער אידעאַל האָט קיין שום געמיינ־שאַפטליכעס ניט מיט'ן וויסענשאַפטליכען סאָציאַ־ליזם, מיט דער וויסענשאַפטליכער אויספאָרשונג פון די געזעצען פון דער אנטוויקלונג און באוועגונג פון סאָציאַלען אָרגאַניזם, וועלכע ווערט אונטערגענומען מיט'ן צוועק צו פאַרשטעהן די נויטווענ־דיגע טענדענצען און צילען פון פּראָלעטאַרישען קלאַסען־קאַמף.

אמת, דער סאָציאַליסטישער פאָרשער פאַרבלייבט שטענדיג אויך א קעמפער, און מען קען ניט קינסטליך צוטיילען דעם מענשען אויף צוויי טיילען אזוי, אז איינע זאָל קיין שום שיכות ניט האָבען מיט דער צווייטער. אזוי צ. ב. ש. רייסט זיך אָפט דורך דורך מאַרקס'עס וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען דער איינפלוס פון מאַראַלען אידעאַל. ער באַמיהט זיך אבער שטענדיג, און מיט רעכט, פאַרטרייבען איהם, אויף וויפיעל דאָס איז מעגליך. ווען דער מאַראַלער אידעאַל הויבט אָן דיקטירען דער וויסענשאַפט, ווערט די וויסענשאַפט פאַרוואַנדעלט אין א קוואַל פון טעות'ן. די וויסענשאַפט האָט שטענדיג צו טאָן מיט דער דערקענטעניש פון דאָס נויטווענדיגע. זי קען אמאָל פאָר־אויסזאָגען וואָס עס דאַרף זיין, אבער בלויז אַלס רעזולטאַט פון איהר דערקענטעניש פון דאָס וואָס מוז זיין. זי מוז זיך אנטזאָגען פון אויסגעפינען וואָס עס דאַרף זיין, אויב דאָס קען ניט דערקענט ווע־

רען פאר באגרינדעט אלס א נויטווענדיגקייט אין דער „וועלט פון ערשיינונגען". די עטיק קען בלויז זיין דער געגענשטאנד פון דער וויסענשאפט; די אויפגאבען פון דער לעצטער זיינען בלויז אויס־צופארשען און דערקלערען די מאראלע אינסטינקטען און מאראלע אי־דעאלען, זי טאר אבער ניט באאיינפלוסט ווערען פון זיי אין די רע־זולטאטען צו וועלכע זי דארף קומען. די וויסענשאפט שטעהט אי־בער דער עטיק, איהרע רעזולטאטען זיינען פונקט אזוי מאראליש אדער אוממאראליש, ווי די נויטווענדיגקייט זעלבסט.

יעדענפאלס, ביים באקומען און פארשפרייטען וויסען, קען מען ניט אויסמיידען די מאראל. נייע וויסענשאפטליכע אמת'ן זיינען אפט פארברעכענס געגען די טראדיציאנעלע, איינגעווארצעלטע אנ־שויאונגען, וואס זיינען שוין פארוואנדעלט געווארען אין געוואנ־הייטען. אין געזעלשאפטען וואו עס הערשט א קלאסען אנטאגאניזם, ערשיינען די וויסענשאפטליכע פארשונגען, און איבערהויפט די דער־קענטעניש פון די געזעלשאפטליכע באדינגונגען, אלס פארברעכען גע־גען די אינטערעסען פון געוויסע באזונדערע קלאסען. אויסגעפינען און פארשפרייטען וויסענשאפטליכע אמת'ן, וואס זיינען ניט אין איינקלאנג מיט די אינטערעסען פון די הערשענדע קלאסען, מיינט ערקלערען זיי קריג. דאס אבער פאדערט ניט נאר א הויכע מאס פון אינטעליגענץ, נאר אויך א קאמפס־פארבערייטונג און קאמפס־פעהיג־קייטען, אומאפהענגיגקייט פון די הערשענדע קלאסען, און פריהער פון אלעם א שטארקען מאראלען געפיהל; דאס פאדערט מעכטיגע סאציאלע אינסטינקטען, אן אונברחמנות'דיגען שטרעבען צו וויסען און צו דער פארשפרייטונג פון אמת, און א הייסען פארלאנג צו די־נען די אינטערעסען פון די אונטערדריקטע קלאסען.

אבער אויך אט דער שטרעבען קען אונז פארפירען אויף א פאל־שען וועג, ווען ער שפילט ניט נאר א פשוט'ע נעגאטיווע ראליע, אלס אפלייקענונג פון די אלע פרעטענזיעס פון די הערשענדע אנשויאונגען אויף זייער אונפעלבארקייט, און אלס אימפולס צו בייקומען די שוועריגקייטען, מיט וועלכע די פיינדליכע קלאסען פארשטעלען דעם וועג פון דער געזעלשאפטליכער אנטוויקלונג, נאר ווען ער וויל אויך ארויס

איבער זיינע גרענעצען. און שטעלען דער סאָציאַליסטישער דערקענ־טעניש באשטימטע צילען, וועלכע זי מוז דינען.

די גרויסקייט פון דעם באוואוסטזיניגען ציל פון קלאַסען־קאמף און סאָציאַליזם, ווערט ניט פארמינדערט דורך דעם וואס דאָס ווערט פארוואנדעלט פון אַ מאָראַלען אידעאַל אין אַן עקאָנאָמישען. פאר־דעם, וואס האָט זיך אַלע „באַנייער" אויסגעוויזען אַלס מאָראַלער אי־דעאַל, וועלכען זיי האָבען ניט געקענט דערגרייכען, איז איצט צום ערשטען מאָל געגעבען געוואָרען די עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וועלכע זיינען נויטיג כדי דאָס צו פארווירקליכען. צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע דערקענען מיר דעם אידעאַל אַלס נ ו י ט ו ו ע נ ד י ג ע ר רעזולטאַט פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג: מיר האָבען אין זי־נען די אַ פּ ש אַ פ ו נ ג פ ו ן ק ל אַ ס ע ן. ניט די אפשאַ־פונג פון די אונטערשידען צווישען פּראָפעסיעס, און ניט די אַפּשאַ־פונג פון דער אַרבייטס־צוטיילונג, נאָר די פארניכטונג פון די אַלע סאָציאַלע אונטערשידען און ווידערשפרוכען, וועלכע זיינען דער רע־זולטאַט פון פריוואַט אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען. די פּראָדוקציאָנס מיטלען זיינען זיך אַזוי מעכטיג פאַנאַנדערגעוואַקסען, אַז שוין איצט זיינען זיי ווייט אַריבערגעוואַקסען די ראַמען פון פרי־וואַט אייגענטום. די פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט האָט זיך אַזוי מעכטיג אויפגעהויבען, אַז עס איז שוין איצט מעגליך אַ באַדיי־טענדע פארקירצונג פון דער אַרבייטס־צייט פאַר אַלע אַרבייטער. אָט אַזוי וואַקסט אויס דער פונדאַמענט פאַר דער אַפּשאַפונג פון די ווי־דערשפּרוכען צווישען רייכע און אַרימע, אונוויסענדע און געלערנטע, אָבער ניט פאַר דער אַפּשאַפונג פון דער אַרבייטס צוטיילונג אין די באַזונדערע פּראָפעסיעס.

די אַרבייטס צוטיילונג האָט זיך אַזוי פאַנאַנדערגעוואַקסען, אַז זי האָט אפילו פאַרכאַפּט אַזוינע פעלדער, וועלכע זיינען הונדערטער יאָרען פאַר איהר געוועזען פאַרשלאָסען. זי איז אַריינגעדרונגען אויך אין דער פאַמיליע־הויז. די פרוי ווערט אַוועקגעריסען פון דער היים און ווערט אַריינגעצויגען אין דעם פעלד פון דער אַרבייטס צוטיילונג, וועלכע איז ביז איצט געוועזען די מאָנאָפּאָל פון בלויז מענער. דער־

מיט ווערען, פארשטעהט זיך, ניט אפגעווישט די נאטירליכע אונטער־שידען צווישען מאן און פרוי; מאנכע געזעלשאפטליכע אונטערשי־דען, אזוי גוט ווי מאנכע פון די עטישע פאדערונגען וואס ווערען גע־שטעלט צו זיי, קענען פארבלייבען אין קראפט, אדער פון דאס ניי אנטשטעהען, אבער אלע אונטערשידען צווישען מאן און פרוי אין שטאט און געזעלשאפט ווערען, אהן צווייפעל, פארשווינדען. אין דעם זין געהן מיר צו א צייט ניט נאר ווען איין קלאס וועט ניט עקספלואַ־טירען דעם צווייטען, נאר אויך צו דער אפשאפונג פון דער אונטער־דריקונג פון דער פרוי — דורכ'ן מאן.

גלייכצייטיג דערגרייכט דער וועלט־האנדעל אזא גרויס, די אינ־טערנאציאנאלע עקאנאמישע באציהונגען ווערען אזיינע ענגע, אז עס ווערט געשאפען דער באדען, אויף וועלכען עס וועט מעגליך ווערען נאך דער אפשאפונג פון פריוואט אייגענטום, אויך די אפשאפונג פון נאציאנאלע ווידערשפרוכען, די אפשאפונג פון מלחמות, און דאס אנ־קומען פון דעם אייביגען פרידען צווישען פעלקער.

וועלכער מאראלער אידעאל דעקט אויף נאך שענערע פערספעקטי־ווען! און פונדעסטוועגען איז דאס דער רעזולטאט פון ניכטערע עקאַ־נאמישע פארשונגען, און ניט פון טומאן פון דעם מאראלען אידעאל פון פרייהייט, גלייכהייט, ברידערליכקייט, גערעכטיגקייט און הומאַ־ניטעט!

אט די פערספעקטיווען זיינען ניט בלויז ערווארטונגען פון באַ־דינגונגען וועלכע דארפען קומען, וועלכע מיר וויל ען און פארלאנגען, ניין, דאס זיינען די פערספעקטיווען, וועלכע זיינען נויטווענדיגע און אומפארמיידליכע.

נויטווענדיג און אומפארמיידליך, פארשטעהט זיך, ניט אין דעם פאטאליסטישען זין, ניט אז א וועלכע עס איז העכערע קראפט שענקט דאס אונז; ניין, זיי זיינען פונקט אזוי אומפארמיידליך, ווי עס איז אומפארמיידליך, אז ערפינדער זאלען פארבעסערען די טעכניק, אז די קאפיטאליסטען זאלען דורך זייער געלט־גייציגקייט, רעוואלוציאַ־ניזירען דעם גאנצען עקאנאמישען לעבען, ווי עס איז אומפארמייד־ליך, אז די ארבייטער זאלען שטרעבען צו א קירצערען ארבייטס־

טאַג און העכערע שכירות, און זיך אַרגאַניזירען און קעמפען דער־פאר מיט דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס און דער שטאַטליכער מאַכט. ווי עס איז אומפּאַרמיידליך, אַז ענדע, אַז זיי זאָלען שטרעבען צו פּאָליטישער מאַכט, און צום אַרונטערוואַרפען פון זיך דעם קאַפּי־טאַליסטישען יאָך. דער סאָציאַליזם איז אומפּאַרמיידליך, ווייל עס איז אומפּאַרמיידליך דער קלאַסען קאַמף און דער זיג פון פּראָלע־טאַריאַט.

סוף.

פראָפעסאָר אכילעס לאָריאַ איז א באַרימטער איטאַליענישער סאָציאָלאָג, וועלכער האָט זיך געמאַכט א נאָמען אין דער גאַנצער וועלט. זיין „אריינפיר אין דער סאָציאָלאָגיע", וועלכע מיר גיבען דאָ אין א אידישער איבערזעצונג, האָט דעם צוועק צו באַקענען דעם לעזער מיט דער אנטוויקלונג פון דער נייער וויסענשאַפט און איהרע ריכטונגען און צוגרייטען איהם צו א טיפערען שטודיום פון איהר אינהאַלט.

רעדאקטאָר.

# אינהאַלט

# ערשטער קאפיטעל.

## די אויפגאַבען פון דער סאָציאַלאָגיע.

סאציאלאגיע איז די וויסענשאפט פון דער נייער צייט. זי פאר־דינט היינט ווירקליך אנגערופען צו ווערען מיט'ן נאמען א נייע וויסענ־שאפט. פונדעסטוועגען, שטעל איך זיך ניט אפ צו ערקלערען, הגם דאס קען קלינגען פאראדאקסאל, אז אין דער צייט וואס די סאציא־לאגיע איז די נייסטע פון די סאציאלע וויסענשאפטען איז זי גלייכ־צייטיג אויך די עלטסטע פון זיי. אבער ווי איז עס מעגליך? דאס איז ניט שווער צו פארשטעהן, און יעדער איינער וואס האט זיך נאר ערנסט פארטראכט וועגען דער אנטוויקלונג פון מענשליכען געדאנק וועט זיך דארויף ניט וואונדערען. דא צייגט זיך ארויס א זעהר איינפאכער אבער פונדאמענטאלער אמת: דער מענש איז לויט זיין נאטור אן ענציקלאפעדיסט. איז שטענדיג געצווינגט צו גענעראליזא־ציעס און נאר א לאנגער אנטוויקלונגס פראצעס רופט ביי איהם ארויס די אנאליטישע און ספעציאליזירענדע שטרעבונגען. די נאטור בא־שאפט דעם ענציקלאפעדיסט — בילדונג שאפט דעם ספעציאליסט. אלכסנדר דיומא, מיט דער דורכדרינגליכקייט וואס איז איהם אזוי אייגענטימליך, האט אמאל געזאגט אז א ספעציאליסט דאס איז דער קרעטין פון דער מאדערנער בילדונג. הינטער אט דיזען אפשר אבי־סעל גראבען אויסדרוק, באהאלט זיך אן אמת וועלכען מען קען ניט באשטרייטען: דער מענש, מיט זיין שכל קומט ארויס פון דער נאטורס הענט אלס גאנצע זאך, און נאר די לאנגזאמע ארבייט פון דער גע־שיכטע בילדעט אוים דעם קליינליכען, צעברעקעלטען דענקען פון ציוויליזירטען מענשען. די ערשטע פראבען אויף די פארשידענע פעלדער פון דענקען זענען ניט קיין ספעציעלע, נאר אלגעמיינע. זיי באטראכטען ניט בלויז איין באשטימטע צייט פון א וועלכער עס איז

ערשיינונג, אדער איין באַשטימטע ערשיינונג, נאָר דעם גאַנצען סכום פון ערשיינונגען וועלכע דער באָאבאַכטער באַגעגענט. שפּעטער ווערט די אונפּאַלקאָמענהייט אין אויבערפלעכליכקייט באַמערקבאַר, וועלכע כאַראַקטעריזירען אַט דעם גראַבען, אורשפּרונגליכען ענציקלאָפּעדיזם, און דאַן קומט אַן ענדרע צו איהם. עס הויבט זיך אַן די געדולדיג־לאַנגזאַמע ארבייט פון דעם ספּעציאַליסט, וועלכער גיט זיך אָפּ מיט דער אויספאָרשונג פון בלויז איינער פון די צאָהלרייכע ערשיינונגען, וועלכע איז פריהער נאָר אויבערפלעכליך באַטראַכט געוואָרען. פאַרלירענדיג דערביי אין דער ברייט — געווינט אָבער די פאָרשונג אין דער טיף. ווייל דעם ספּעציאַליסט גיט זיך איין ערפאָלגרייך אויפצודעקען דעם אינווענינסטען געבוי פון דער ערשיינונג וועלכע ער פאָרשט אויס. דער זעלבער פּראָצעס קומט פאָר אויך בנוגע אַלע אַנדערע ערשיינונגען און אויף דעם אופן ווערט עס מעגליך פאַר אונז צו באַשטימען פּינקטליך די נאַטור און די אנטוויקלונג פון יעדער ערשיינונג. ווען אַלע איינצעלנע ערשיינונגען זענען גרינדליך און פּינקטליך אויסגעפאָרשט, קען מען ערשט דאַן איבערגעהן צו זייער סינטעטישער אויספאָרשונג. פון דער דיפערענציאַציע וואָס האָט זיך געצויגען יאָהרען הונדערטע קען מען איבערגעהן צו אינטעגראַציע. אויף דעם אופן קעהרט זיך דער מענשליכער געדאַנק צוריק צום ענציקלאָפּעדיזם וועלכען ער האָט פריהער אָוועקגעוואָרפען, אָבער שוין ניט צו דעם פריהערדיגען אויבערפלעכליכען און אונפאָלקאָמענעם, נאָר צו אַ מעטאָדישען, וויסענשאַפטליך באַגרינדעטען, באַזירט אויף זיכערע פאַקטען, אויסגעפּרובירט פון דער פּאָזיטיווער און עקספּערימענטאַלער אויספאָרשונג.

דער מענש פאַנגט אַן פון ענציקלאָפּעדיזם: ע י ערקלערט שטאָלץ*): „איך בין אַ מענש און קיין זאַך וואָס איז מענשליך איז מיר ניט פרעמד". שפּעטער, איבערגעזעטיגט מיט אויבערפלעכליכען און פרוכטלאָזען ענציקלאָפּעדיזם, הויבט ער זיך אַן ספּעציאַליזירען, און דורך, ספּעציעלע פאָרשונגען מאַכט ער ביסלאַכווייז קלאָר פאַר זיך

*). Homo sum el nihil human a me alienn elle puto.

# די סאציאלאגיע

די איינצעלנע עלעמענטען פון דעם גאנצען סכום פון ערשיינונגען. אם ענדע, ווען די ארבייט איז ביז א געוויסען גראד פארענדיגט, ווען אלע באזונדערע זייטען פון דער ווירקליכקייט זענען גרינדליך אויס־געפארשט געווארען, געהט דער פארשער איבער צום סינטעז פון די דערגרייכטע רעזולטאטען, און אויף אזא אופן קומט ער צוריק צום ענציקלאפעדיזם אבער שוין ניט צום פריערדיגען אימפולסיווען, נאר צו א גוט דורכגעטראכטען און וויסענשאפטליכען סינטעז, וועלכער שטיצט זיך אויף די פינקטליכסטע מעטאדען פון אויספארשונג, און אויף די פילע עראבערונגען וואס זענען געמאכט געווארען אויפ׳ן פעלד פון די ספעציעלע וויסענשאפטען. א דאנק דעם ערפאלג פון גענויעם אנאליז פון די באזונדערע ערשיינונגען, וועלכער מאכט מעגליך פאר אונז צוריקצופירען די ערשיינונגען צו זייער לעצטע אורזאכען, ער־שיינט אין אלע וויסענשאפטען דער סינטעטישער באגריף, וועלכער באלויכט העל דעם וועג פון דער וויסענשאפט און רעוואלוציאניזירט דעם מענשליכען געדאנק אויף אלע פעלדער פון דער וויסענשאפט־ליכער פארשונג. אזוינע באגריפען ערשיינען אבער בלויז דאן ווען דער אנאליז פון די איינצעל־ערשיינונגען האט שוין דערגרייכט צו דער העכסטער שטופע. דאס איז אויך גאנץ נאטירליך; די ביידע לאגישע פראצעסען זענען אויפ׳ן ענגסטען אופן צווישען זיך פארבונדען, נאר דערקענענדיג די קליינע ערשיינונגען קען מען דערגרייכען דעם סוד פון דער מאטעריע, און ברענגען איהר אונטער אן איינהייטליכער פארמולע.

דער וועג וועלכען די סאציאלאגיע האט דורכגעמאכט, קען פאר אונז דינען אלס גלענצענדער באוויז פון דאס אויבען־געזאגטע. אין אנהויב פון דער וויסענשאפטליכער פארשונג, האבען זיך די פון די דענקער, וועלכע האבען זיך אפגעגעבען מיט דער אויספארשונג פון די סאציאלע ערשיינונגען, ניט אינטערעסירט מיט א וועלכער עס איז איינצעלנער ערשיינונג באזונדער, ווי צ. ב. ש. מיט דער יורידישער, פאליטישער, אדער רעליגיעזער זייט פון געזעלשאפטליכען לעבען — זיי האט אינטערעסירט דאס געזעלשאפטליכער לעבען אלס גאנצע. אין אנדערע ווערטער, די דענקער פון אלטערטום וועלכע האבען זיך

# אכילעס לאָריאַ

פארטראכט ווענען דעם געזעלשאפטליכען לעבען פון מענשען, זענען באמת געווען סאָציאָלאָגען. די ווערק פון פּלאטאן און אריסטאטעל, פון דיזע צוויי גרויסע לעהרער פון דער מענשהייט, רעכענען זיך אלס שטודיען איבער פּאָליטיק, אבער באמת זענען עס סאָציאָלאָגישע טראקטאטען, וועלכע באריהרען פארשידענע זייטען פון סאציאלען לע־בען. מיט דער זעלבער אביעקטיוויטעט ווערט אין זיי באהאנדעלט די יורידישע, עקאָנאָמישע, מאראלע און פּאָליטישע ערשיינונגען, מיט זייער געוועהנליכער רעדנער קונסט זוכען זיי קלאָר צו מאַכען די קאמפּ־ליצירטע פארבינדונגען און געגענזייטיגע ווירקונג פון זיי. געוויס איז דער סאָציאָלאָגישער סינטעז פון אַלטערטום געווען אַן אויבער־פלעכליכער און צייטענווייז זאָגאר אַ קינדערשער, ער איז אָבער גע־ווען צו זיין צייט אין וועלכער, ווי מאָקאָולי דריקט זיך אויס, די פילאָסאָפיע פון ווארט האָט געהערשט איבער דער פילאָסאָפיע פון די ערשיינונגען. דאָס האָט געטריבען די פאָרשער אַז זיי זאָלען, אָהן אַ לאַנגען ישוב הדעת, זיך אַנטזאָגען פון די פּוסטע און פּרוכטלאָזע פאַראַלגעמיינערונגען און איבערגעהן צו אַ געדולדיגען אַנאַליז פון די איינצעלנע סאָציאַלע ערשיינונגען. און שוין אין אַלטען רוים, געפינען מיר ניט קיין ענציקלאָפּעדיסטען וועלכע זוכען אויספאָרשען דעם בוי אין די געזעצען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט אלס גאַנצע. נאָר אַ לאַנגע רייע פון ספּעציאַליסטען, וועלכע גיבען זיך אָפּ מיט דער אויספאָרשונג פון איין באַשטימטער סאָציאַלער ערשיינונג. אַזוינע זענען די טעאָלאָגען, קאַזואיסטען א. ז. וו. אין דער צייט פון רענע־סאַנס, ווען עס אַנטשטעהען דער אַבסאָלוטיזם און די צענטראַליזאַציע, ערשיינען פּאָליטיקער, וועלכע פאָרשען אויס, מיט מעהר אָדער ווע־ניגער ערפאָלג, די פּרינציפּען אויף וועלכע די פאָלקאָמענסטע רעגירונגען קאָנען געבויט ווערען. גלייכצייטיג טרעטען אויך אויף די היסטאָ־ריקער און געשיכטס פילאָסאָפען וועלכע גיבען זיך אָפּ מיט דער אויס־פאָרשונג פון די גרונד פּרינציפּען און געזעצען פון דער פּאָליטיק. שפּעטער ווען אונטער דער מאַגישער קראַפט פון קאַפּיטאַליזם, אַנט־שטעהען גרויסע פאַבריקען, אַרומגערינגעלט פון איין זייט מיט פּראַכט און גלאַנץ און פון דער צווייטער מיט הונגער און נויט, ערשיינט די

פּאָליטישע עקאָנאָמיע, וועלכע פאָרשט אויס די געזעצן פון דער שאפונג אין דער פארנאנדערטיילונג פון רייכטימער. מיט דער אנט־וויקלונג פון האנדעל אנטשטעהט דאס האנדעלס רעכט. מיט דער אויסברייטונג פון פארברעכען קומט דאס קרימינאלע רעכט. די כטאַ־טיסטיק אנטשטעהט א דאנק דער וויסענשאפטליכער אויספארשונג פון דער באפעלקערונג און די מעטאָדישע באארבייטונג פון די דער־גרייכטע רעזולטאטען, וועלכע כאראקטעריזירען איהר סיי אין איהר סטאטיק סיי אין איהר דינאמיק. אויף אזא אופן ווערען די פאר־שידענע זייטען פון סאָציאלען לעבען בּיסלאכוויין דער געגענשטאנד פון א מעטאָדיש טיפער אויספארשונג, אין א דאנק דעם, ווערט לאנג־זאם אבער מיט ערפאָלג אויפגעדעקט דער אינערליכער געבוי פון דער געזעלשאפט און די געהיימע געזעצען פון איהר אנטוויקלונג.

די באזונדערע וויסענשאפטען וועלכע זענען אנטשטאנען אויף דעם אופן, א דאנק דעם אנאליז פון די איינצעלנע סאָציאלע ער־שיינונגען, האבען זיך אנטוויקעלט אומאפהענגיג איינער פון צווייטען, און אין פארשידענע ריכטונגען, זאגאר ניט וויסענדיג איינער פון צווייטען. די פארשידענע אפטיילונגען אין דער סאָציאלער וויסענ־שאפט, האבען ניט געפיהלט אפילו. דעם קלענסטען באדארף אין א פאראייניגענדען סינטעז, זיי פלעגען זיך באנוגענען דערמיט וואס זיי האבען באטראכט די באזונדערע סאָציאלע ערשיינונגען אין א צוויי־פאכער פארמע, א באשרייבענדע און א פילאסאפישע. אויף דעם אופן האבען זיי געמאכט פלאַן, פאר געשיכטע און די פילאסאפיע פון געשיכטע, פאר סטאטיסטיק און פילאסאפיע פון סטאטיסטיק, געאגראפיע און פילאסאפיע פון געאגראפיע, פּאָליטישע עקאָנאָמיע און עקאָנאָמישע פילאסאפיע. עס איז גאנץ נאטירליך אז ביי אזא לאגע זאלען די וויסענשאפטען פון דער ערשטער קאטעגאריע זיין פונקט אזוי אידעענלאז און עמפּיריש ווי די וויסענשאפטען פון דער צווייטער בארענלאז און לעהר.

וואס ווייטער אבער עס איז אנגעגאנגען די ספּעציאליזירונג פון וויסען, וואס מעהר עס האבען זיך פארמעהרט די געגענשטאנדען וועלכע זענען אריינגעצויגען געווארען אין דעם קרייז פון די אויספאר־

שער ספעציאַליסטעז, האָט זיך אַלץ מעהר אנגעהויבען פיהלען די נויטיגקייט פון א סינטעטישער וויסענשאַפט, וועלכע זאָל פאַרבינדען די באזונדערע טיילען איינס מיט דאָס צווייטע. אין אנדערע ווערטער, דיער ערפאָלג פון דער אַנאַליטישער פאָרשונג האָט, אין א געוויסען מאָמענט, פון זיך זעלבסט באַשאַפען די נויטיגקייט פון סינטעטישער ארבייט. אויף דעם אופן איז ווידער אמאָל נויטיג געוואָרען אויפצוהויבען זיך איבער די באזונדערע טיילען פון דער סאָציאָלער וויסענשאַפט, פון רעכט, מאָראל, פּאָליטיק, עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק, צו איין געזעלשאַפטליכער וויסענשאַפט וואָס זאָל זיי אלע איינשליסען און פאַראייניגען — צו סאָציאָלאָגיע. דערמיט ווערט צוריק אויפגעלעבט די סינטעטישע וויסענשאַפט פון אריסטאָטעל און פּלאַטאָן.. אבער ווי פאַרשידען איז אָט די פון דאָס נייַ אויפגעלעבטע וויסענשאַפט פון דער אַלטער! דאָס איז שוין ניט מעהר יענע ריין אויסערליכע, אין פראַזען און רעטאָרישע באַפּוצונגען פאַרגליווערטע וויסענשאַפט. נאָר א נייע וויסענשאַפט, באַגרינדעט אויף פאַקטען און דאַטען, באַוואָפענט מיט אלע כלי זין פון אויספאָרשונג און באָאַבאַכטונג, און באַרייכערט מיט צאָהלרייכע פּאָזיטיווע באַווייזען וועלכע די באזונדערע וויסענשאַפטען האָבען דערגרייכט אין די לאַנגע יאָהרען פון זייער אנטוויקלונג.

עס געהט איצט ניט אום דעם אז די פאַרשידענע סאָציאַלע ערשיינונגען זאָלען צוריק געפיהרט ווערען צו איין איינציגען אבסטראַקטען, אויביגען פּרינציפּ, נאָר צו אנטדעקען דעם אור־צעל פון וואַנען די פאַרשידענע סאָציאַלע ערשיינונגען שטאַמען אָפּ: צו געפינען די איינפאַכע ע ר ש ט ע ע ר ש י י נ ו נ ג פון וועלכע די אלע איבעריגע זענען נאָר א ווייטערע אנטוויקלונג און פאַרפאָלקאָמענונג, און אַם ענדע, צו פאַראייניגען די אלע פאַקטען אין איין אַלגעמיינער הערשענדער גרונד־פאָרמולע. אנטדעקען די אור־צעלען, אויספאָרשען דעם פּראָצעס דורך וועלכען עס זענען פון איהר ארויסגעוואַקסען די פאַרשידענע סאָציאַלע ערשיינונגען, אויפדעקען די אָרגאַנישע פאַרבינדונג וואָס עקזעסטירט צווישען זיי, אלס רעזולטאַט פון זייער געגענזייטיגער קרובה׳שאַפט, און אַם ענדע ארויספיהרען פון דעם געבוי און ענדע־

# די סאָציאָלאָגיע

רונגען פון דער צעלען סטרוקטור — אויך דעם געבוי און ענדערונגען פון סאָציאַלען אָרגאַניזם — איז די גרונד־אויפגאַבע פון דער סאָציאָ־לאָגיע. די סאָציאָלאָגיע, אין איהר איצטיגען צושטאַנד, איז פאָלגליך אַ וויסענשאַפט וועמעס צוועק עס איז אויסצופאָרשען די איינהייט־ליכע אנטשטעהונג פון די פאַרשידענע סאָציאַלע ערשיינונגען, זייערע געגענזייטיגע פאַרבינדונגען, זייער געבוי און פולע אנטוויקלונג: אויספאָרשען די סטאַטיק און דינאַמיק פון דער געזעלשאַפט: די באַדינגונגען פון איהר לעבען, די פאַזען פון איהר אנטוויקלונג, די סמנים דורך וועלכע זיי אונטערשיידען זיך, די געזעצען פון זייער נאָכפאָלגונג, און די צוקונפטיגע עוואָלוציע וועלכע איז פאַר זיי מעג־ליך.

עס איז קלאָר, אז די אויפגאַבע פון דער סאָציאָלאָגיע, ווי מיר פאַרשטעהען דאָס, איז פיל מעהר קאָמפּליצירט, ווי די אויפגאַבען וועלכע עס האָבען זיך ביז איצט געשטעלט די באַזונדערע סאָציאַלע וויסענשאַפטען, און אז די לעזונג פון איהרע פּראָבלעמען איז ניט נאָר איבער די כחות פון איין מענשען, נאָר אפילו פון איינעם אדער עט־ליכע דורות.

און ווירקליך, די ענדליכע אויסאַרבייטונג פון די גרונדלאַגען פון אַט דער וויסענשאַפט וועלכע האַלט נאָך איצט אין געשאַפען ווערען, וועט זיין די אַרבייט ניט פון איין מענשען און אפילו, ניט פון איין דור, אויב אַבער דערצו וועט זיך פאָדערען פיל אַרבייט און כחות, אויב עס וועט אפילו דערפאַר נויטיג זיין די פאַראייניגטע אנשטרענ־גונגען פון פילע פאָרשער, מוז עס אַבער דאָך ענדליך מקוים ווערען און זיין. געוויס, די יונגע וויסענשאַפט האָט נאָך ניט געפונען איהר ניוטאָן און קעפּלער, אַבער לאַנג וואַרטען אויף דעם וועט מען שוין ניט דאַרפען. מיר קענען דערפאַר מיט זיכערהייט פאַראויס זאָגען, אז די ענדליכע באַגרינדונג פון דעם וויסענשאַפטליכען כאַראַקטער פון דער סאָציאָלאָגיע, וועט זיין דער שטאָלץ פון 20טען יאָהר הונ־דערט, פּונקט ווי די באַגרינדונג פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע איז געוועזן דער שטאָלץ פון 19טען און פון דער פּאָליטישער וויסענ־שאַפט, דער שטאָלץ פון 18טען יאָהר הונדערט.

# אכילעס לאָריאַ

דער כאַראַקטער, די נאַטור און דער אינהאַלט פון דער נייער וויסענשאַפט וועלען פאַר אונז קלאָר ווערען, ווען מיר וועלען באַטראַכטען די גרעסטע דריי שולען, וועלכע האָבען נאָכגעפאָלגט איינס נאָך דער צווייטער, און געגענזייטיג זיך באַקעמפט. זיי אַלע האָבען נאָך דער רייע, אַרויפגעלעגט זייער שטעמפּעל אויף דער וויסענשאַפט. מיר האָבען אין זינען די אינטעלעקטועלע שולע פון אויגוסט קאָנט די ביאָלאָגישע פון הערבערט ספּענסער און די עקאָנאָמישע וועלכע ווערט נאָך מאַרקסען אָנגערופען די מאַרקסיסטישע. אָבער, איידער מיר געהען איבער צו זייער אויספאָרשונג מוזען מיר באַזייטיגען איי־ניגע פאַלשע באַהויפּטונגען, וועלכע זענען נאָך אַלץ אין צירקולאַציע בנוגע דעם כאַראַקטער און באַדייטונג פון דער סאָציאָלאָגיע.

איינינגע באַהויפּטען אַז סאָציאָלאָגיע איז די זעלבע זאַך ווי געשיכטס פילאָסאָפיע, און דערפאַר איז זי אָדער אַ וויסענשאַפטליך איבעריגע זאַך, אָדער אַן אומנוציגע רעקלאַמע פאַר אַ וויסענשאַפט וואָס עקזיסטירט שוין פון גאַנץ לאַנג. דיזע מיינונג איז ניט באַגרינ־דעט. די געשיכטס פילאָסאָפיע באַטראַכט די געזעלשאַפט בלויז אין איהר דינאַמישען צושטאַנד, אין דער צייט וואָס די סאָציאָלאָגיע אונ־טערזוכט אַלע קאָלעקטיווע אינסטיטוטען סיי אין זייער דינאַמיק און סיי אין זייער סטאַטיק. מען קען פאַרשטעהט זיך ניט לייקענען, אַז די סאָציאָלאָגיע לעגט מעהר געוויכט אויף די דינאַמישע עלעמענטען ווי אויף די סטאַטישע, איבערהויפּט פון זינט איהר גרונד־דאָגמאַ איז געוואָרען די עוואָלוציאָנס טעאָריע, פונדעסטוועגען איז דאָס ניט מעהר ווי אַ צופאַל אין דעם איצטיגען צושטאַנד פון דער וויסענשאַפט, אָדער אין די כאַראַקטערען פון די שרייבער וועלכע פאַרנעמען אין איהר דעם אויבענאַן. אָבער יעדענפאַלס איז עס ניט קיין נויטיגער סמן פון דער וויסענשאַפט, וועלכע קען גאַנץ גוט אָנגעווענדעט ווערען אויך אויף דעם סטאַטישען צושטאַנד פון דער געזעלשאַפט. אויסער דעם אונטערשיידט זיך די סאָציאָלאָגיע פון דער געשיכטס פילאָסאָפיע אויך דערמיט וואָס זי פאַרנעמט זיך ניט בלויז מיט היסטאָרישע פאַק־טען, נאָר אויך מיט סטאַטיסטישע, מאָראַלישע, יורידישע, און בכלל מיט אַלע וויכטיגע ערשיינונגען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. די

# די סאָציאָלאָגיע

געשיכטס פילאָסאָפיע פּרובירענדיג צוריקפיהרען די אויסגעפּאַרשטע פאַקטען צו איין מקור, שטעלט זי זיי אוועק אונטערן פלאַג פון אבס־טראַקטע, מעטאַפיזישע און איבערנאַטירליכע פּרינציפּען, די סאָציאָ־לאָגיע, אבער, קומט קיינמאָל ניט אָן צו דער הילף פון אזוינע פּרינציפּען, ניט אריינכמעמענדיג אין זיך קיין זאך וואס איז אַפּריאָרי אדער ניט באַגרינדעט פאַראייניגט זי די באַזונדערע סאָציאַלע ערשיינונגען ניט דערמיט וואס זי מאַכט זיי אונטערטעניג צו אַן אידעע, נאָר דערמיט וואס זי פיהרט זיי ארויס פון א פאַקט, אדער פון א רייע, מיהזאם אויסגעפאָרשטע און פעסטגעשטעלטע פאַקטען.

נאָך וועניגער קען מען איינשטימען מיט די וועלכע דענקען אז די סאָציאָלאָגיע איז געקומען פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער פריער־דיגער רעכטס־פילאָסאָפיע. ערשיינענדיג אזוי צו זאָגען אלס איהר יורש, אָט די מיינונג געפינט א שטאַרקע שטיצע פאַר זיך אין דעם פּערזאָן פון אונזער באַוואוסטען געלעהרענטען אַרדיגאָ, וועלכער דעפינירט די סאָציאָלאָגיע אלס לעהרע וועגען דער נאַטירליכער אַנט־שטעהונג און אנטוויקלונג פון גערעכטיגקייט און רעכט בכלל. מיר האַלטען אבער אז די עוואָלוציע פון רעכט איז נאָר א טייל פון דער אויפגאַבע פון דער סאָציאָלאָגיע און וועלכע ווערט איינגעשלאָסען אין דעם אַנאַליז פון די פאַרשידענע ערשיינונגען פון געזעלשאַפטליכען לעבען.

מיר האָבען דערפאַר גענוג גרינדע צו באַהויפּטען, אז די סאָציאָ־לאָגיע פאַרנעמט דעם פּלאַץ סיי פון דער רעכטס פילאָסאָפיע און סיי פון דער געשיכטס פילאָסאָפיע, ווייל זי גיט דאָס אַלעס וואס יענע ווי־סענשאַפטען האָבען צוגעזאָגט און נאָך מעהר. דאָס זעלבע קען גע־זאָגט ווערען וועגען פילאָסאָפיע, געאָגראַפיע, עקאָנאָמישער פילאָסאָ־פיע א. ז. וו. וועלכע מען מעג באַטראַכטען אלס שוין אָפּגעלעבטע וויסענשאַפטען, וועלכע טרעטען אוים דעם וועג פאַר א נייער. אין א געוויסען זין קען מען זאָגען אז די סאָציאָלאָגיע איז פאַר יענע וויסענשאַפטען געוועזען א טויט קלאַפּ, עס וועט אבער ריכטיגער זיין צו זאָגען אז זיי זענען שוין לאַנג געשטאָרבען און אז די סאָציאָלאָגיע האָט נאָר פעסטגעשטעלט דעם פאַקט פון זייער טויט.

# אכילעס לאָריאַ

ניט מעהר באגרינדעט איז אויך דער שרעק וואס הערשט איז געוויסע קרייזען, אז די סאָציאָלאָגיע, אריינרייסענדיג זיך אין דעם פעלד פון די איינצעלנע סאָציאַלע וויסענשאַפטען, וועט פארהאלטען זייער נאָרמאלע אנטוויקלונג. אין דער ווירקליכקייט האט נאָך קאנט אנגעוויזען אז גלייכצייטיג מיט די ספּעציעלע וויסענשאפטען איז נאָך דאַ געגוג פּלאַץ פאר אזוינע וועלכע שטעלען זיך אלס ציל צו סיס־טעמאטיזירען די אנטדעקונגען וועלכע וועלען געמאכט אויף די באַ־זונדערע פעלדער פון דער פאַרשונג. די אויפגאבע פון דער סאָציאָ־לאָגיע באשטעהט טאקע אין דעם, צו סיסטעמאטיזירען די רעזול־טאַטען פון די פאַרשידענע באזונדערע סאָציאַלע וויסענשאפטען; צו־ריק פיהרען זיי צו איין אלגעמיינעם אור־קוואל, און אויף דעם אופן שאַפען די מעגליכקייט צו געפינען אן אלגעמיינע אורזאכע פאר אלע סאָציאַלע ערשיינונגען. אַבער דורך דעם וויל ניט די סאָציאָלאָגיע פארלייקענען די זעלבסטשטענדיגקייט און אונבארירליכקייט פון די באזונדערע וויסענשאפטען וועלכע פאַרשען אויס באזונדערע סאָציאַלע ערשיינונגען. פארקערט, זי שטיצט זיך אויף זייער עקזיסטענץ, און ווערט אויפגעבויט אויף זייער פעסטען פונדאמענט. עס איז דערפאר ניטאַ קיין גרעסערער טעות ווי די מיינונג וועלכע איז אונפאַרזיכטיג ארויסגעזאגט געווארען פון קאַנטען אז די פּאָליטישע עקאָנאָמיע דארף אריין אין דעם צוזאַמענשטעל פון דער סאָציאָלאָגיע, און אזוי צו זאגען זיך אין איהר אויפלעזען. מען קען מיט זיכערהייט זאגען אז די באזונדערע סאָציאַלע וויסענשאַפטען, הגם זיי ווערען אונטערוואר־פען אונטער לאנגזאמע ענדערונגען, וועלען אבער דאך אימער אנהאל־טען זייער אייגענע עקזיסטענץ און זייער אייגענע, אויף א האר ניט פארקלענערטע פעלדער פון טעטיגקייט.

נאָך מעהר, ניט נאָר טויט ניט אָפּ די סאָציאָלאָגיע די באזונדערע וויסענשאַפטען, נאָר זי גיט אין זיי אריין א ניי לעבען, און אנטוויקעלט זיי נאָך מעהר. זי רינגעלט זיי ארום מיט א נייער אטמאָספערע און דערהויבט זיי צו א העכערען סינטעז, אויספאָרשענדיג די פאַרשידענס־טען סאָציאַלע ערשיינונגען, דעקט זי אויף די געהיימע אורזאכען פון

זייער שטענדיגער אנטוויקלונג און אונאויפהערליכער ענדערונג. אריינ־
נעמענדיג דעם עצם פון די רעזולטאטען פון די ספעציעלע וויסענשאפ־
טען, דינט זי פאר זיי אלס אריינפיר אין פארשונג, און אונשעצ־
בארער כלי זין דערצו. אונטער דעם צויבער־אטעם פון דעם נייעם
סאציאלאגישען סינטעז, הויבען שוין אן די אלטע סאציאלע וויסענ־
שאפטען אויפשטעהן פון זייער שלאף, אין וועלכען זיי זענען געווען
פארזונקען, און הויבען זיך אן צו גרייטען פאר א נייעם לעבען. די
געשיכטע הערט אויף צו זיין א מאנאטאנע כראניק פון מלחמות און
הערשער און ווערט א מעטאדישע פארשטעלונג פון דער מענשליכער
אנטוויקלונג. דאס רעכט אנטזאגט זיך פון אלטען פארמאליזם און
אינהאלטסלאזען שאבלאן מיט וועלכען ער איז געווען געבונדען. כדי
זיך אויפהויבען צו א העכערען אנאליז פון די באציהונגען וואס עקזיס־
טירען צווישען יחידים און קלאסען. די פאליטישע עקאנאמיע ווערט
א סאציאלע עקאנאמיע, זי לעבט אויף פון דער וואלטעטיגער באריי־
רונג פון דער עוואלוציאנס לערע, און טרעט ערפאלגרייך צו צו דער
אויספארשונג פון די באציהונגען וואס האבען עקזיסטירט צווישען
אייגענטום און ארבייט אין די פארשידענע פאזען פון דער געשיכטע.
די וויסענשאפט פון קרימינאל רעכט ערשיינט שוין ניט ווי פריער
אלס בייזער גייסט פון פארניכטונג און נקמה וועלכער דורשט נאך די
ליידען און טויט פון פארברעכער, אנשטאט דעם ווערט זי איצט פאר־
וואנדעלט אין א שעהנער טעאריע פון מחילה און רחמנות, זעהענדיג
אין דעם פארברעכער אן אומפארמיידליכען פראדוקט פון אונגליק־
ליכען דעטערמיניזם. עס עקזיסטירט איצט בכלל ניט קיין איין טייל
פון א וויסענשאפט, וואס האט צו טאן מיט א וועלכען עס איז זייט
פון סאציאלער פילפאכקייט, וועלכע זאל ניט ציהען קיין נוצען, און ניט
קריגען קיין מעכטיגען שטויס, פון דער נייער סינטעטישער וויסענ־
שאפט. פון דער וויסענשאפט וואס איז לויט דער איינגעגעבענער
באמערקונג פון וואנא, דער צענטראל פונקט צו וועלכען עס ציהען זיך
אלע סאציאלע וויסענשאפטען, אין וועלכע ווערט זייער אלגעמיינער
באדען און שורש; פון דער וויסענשאפט וועלכע פירט פון איין זייט
צו סינטעטישער איינהייט און סיסטעמאטיזאציע פון די באזונדערע

וויסענשאַפטען און פון דער צווייטער זייט, באַפרוכפּערט זי זיי און פירט אַן זייער ווייטערע אַנטוויקלונג.

קיינער וועט נאַטירליך ניט לייקענען אַז די סאָציאָלאָגיע איז נאָך גאַנץ ווייט פון איהר אידעאַל, פאַרקערט, עס איז גאַר קיין שום צווייפעל ניט, אַז די נייע וויסענשאַפט האָט נאָך ניט אויסגעאַרבייט די גאַנצקייט פון איהרע מעטאָדען, די פּינקטליכקייט פון איהר טעאָריע, ווי אויך ניט די באַשטימטקייט פון די געזעצען וועלכע דינען אַלס די כמנים און פונדאַמענטאַלע אייגענשאַפטען פון יעדער וויסענשאַפט. וועלכע פאַרדינט באמת איהר נאָמען. פונדעסטוועגען האַלט איך אָבער אַז די אַלע צווייפלען און אַפּליקענונגען. דורך וועלכע מען שטערט דער סאָציאָלאָגיע אין מען זוכט צו שטערען איהר אין איהרע ערשטע נאָך ניט דרייסטע שריט אויף דעם קאָמפּליצירטען און געפערליכען וועג פון אמת, זענען ניט באַגרינדעט און פיל איבערטריבען.

עס זענען דאָ מאַנכע וואָס צווייפלען אין דער ערנסט פון דער נייער וויסענשאַפט. איך אליין האָב מיט 20 יאָהר צוריק גערעט וועגען איהר אין אַזוינע ווערטער, וועלכע זענען ניט אין איינקלאַנג מיט איהר וויכטיגער באַדייטונג, אָבער דאָס האָט זיך איבערהויפּט באַצויגען אויף איינציגע אַרבייטען פון צווייטען ראַנג, און האָבען באמת ניט אַנגערירט די שאַפונגען פון די גרויסע לערער, צו וועלכע איך האָב זיך אויך דאַן באַצויגען מיט דער נויטיגער אַכטונג. און אויך האָבען זיך מיינע ווערטער באַצויגען איבערהויפּט אויף דער סאָציאָלאָגיע וואָס איז געבויט אויף פּסיכאָלאָגישע יסודות, וועלכע האָט אין יענער צייט געהערשט, און האָבען ניט באַרירט און ניט געקענט באַרירען. די נייע סאָציאָלאָגישע וויסענשאַפט, וועלכע נעמט אַלץ מעהר און מעהר אָן אַן ערנסטען כאַראַקטער, שטיצענדיג זיך אויף דעם געזונטען פונדאַמענט פון עקאָנאָמישען אַנאַליז.

פיל ערנסטער איז אַ צווייטע טענה געגען דער סאָציאָלאָגיע. זי האָט, זאָגט מען, נאָך זיך ניט דערשלאָגען צו קיין איין אמת אויף וועלכען פאַרשידענע דענקער זאָלען קענען זיך איינינגען. פאַרקערט, די סאָציאָלאָגען זענען אימער צעטיילט אין פילע פיינדליכע שולען, און דערפאַר פירט די דעצענטראַליזאַציע פון דער סאָציאָלאָגיע צו אַן

# די סאָציאָלאָגיע

עקסטרעמער אינדיווידואַליזאַציע פון טעאָריע. מען קען מיט פולער רעכט זאָגן אַז אויף דער וויסענשאַפט קען בוכשטעבליך אָנגעווענדעט ווערן דער אויסדרוק: וויפיל קעפּ, אַזוי פיל מיינונגען. אָבער די זעלבע טענה, אויף די זעלבע גרינדע, קען אָנגעווענדעט ווערן אויף פילע אַנדערע וויסענשאַפטען. זאָגאַר אויף אַזעלכע אין וועמעס אמת און באַגרינדעטקייט קיינער וועט ניט וואַגן צו צווייפלען. אויך אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע צ. ב. ש. צעגעהען זיך שטאַרק די מיינונגען פון פאַרשידענע דענקער, און ניט זעלטען שטעלען זיי זיך להפוך איינער צום צווייטען, אַזוי צ. ב. ש. קעמפען די קאָנסערוואַטאָרען געגען די סאָציאַליסטען, די פּאַרטיידיגער פון פרייער קאָנקורענץ געגען די פּראָטעקציאָניסטען, די מאָנאָמעטאַליסטען געגען די בי־מעטאַליסטען. אין קרימינאַל געזעץ קעמפט די קלאַסישע שולע געגען דער פּאָזיטיוויסטישער, און אויך אויף דעם פעלד פון דער נאַטור וויסענשאַפט געהט אַ פונקט אַזאַ לעבעדיגער קאַמף, אין דער ביאָלאָגיע צ. ב. ש. לאַמאַרק, דאַרווין, וויסמאַן, העגעל, רוי, קאָפּע, פאַרשטעהער פון פאַרשידענע פיינדליכע ריכטונגען, וועלכע שליסען איינס דאָס צווייטע אויס. אָבער קיינער וועט אָט דיזע מיינונגס פאַרשידענהייטען ניט אָננעמען אַלס אַ סמן אַז די דערמאָנטע וויסענשאַפטען זענען ניט לעבענס פעהיג. פאַרקערט, אָט די מיינונגס פאַרשידענהייטען, די נייע געדאַנקען וואָס באַווייזען זיך אין זיי — זענען דער בעסטער סמן פון לעבען. אַן איינהייטליכע אָנגענומענע מיינונג שאַפט זיך ביי אַלטע וויסענשאַפטען ערב זייער אונטערגאַנג, דאָס ערקלערט זיך פּשוט מיט דער אַבוועזענהייט פון נייע שטאַנדפּונקטען און נייע אידעען. אָבער, וועה צו די וויסענשאַפטען וועלכע קענען איינשלאָפען אין די „שלעסער פון שווייגען" ווי די וואָס ערהויבען זיך איבער די מדבריות פון אינדיען, מיט קערפּערס איבערגעלאָזען פאַר רויב פויגלען און קאָרשונעס צום עסען. וועה צו די וויסענשאַפטען וואָס זענען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין בית עולמ'ס פון געדאַנקען, און אויף וועלכע עס הענגען סקעלעטען פון דאָגמען, אָפּגעהובעלטע מיט דער מאַכטלאָזער קריטיק פון עטליכע מפרשים.

מען זאָגט אויך אַז דער סאָציאָלאָגיע פעלען סאָלידע גרונדלאַגען.

# אכילעס לאָריאַ

אז זי שטעלט מיט זיך פּאַר א ניט דערוואַקסענע גענעראַליזאַציע, און אַם ענדע רופט מען אַז די סאָציאָלאָגיע. „נייע ענציקלאָפּעדיסטען" און זייער וויסענשאַפט „אַ טויט געבוירענע."

שווערע פּאַרוואָרפן! אבער זיי דאַרפן ניט געדולדעט ווערען פון דער אַזוי פיל צוזאַגענדער נייער וויסענשאַפט.

צו די וואָס באַהויפּטען אַז די סאָציאָלאָגיע האָט ניט קיין סאָלידע גרונדלאַגען, קען איך ענטפערען אַז אַלע סאָלידע געביידעס זענען אויפ־געבויט געוואָרען אין גאַנגזאַץ צו אַלע געזעצען פון גלייכגעוויכט. אפילו מאַטעמאַטישע אויסרעכענונגען זענען ניט אַלע מאָל געבויט אויף אבסאָלוטע אימבאַריהרבאַרע גרונדלאַגען, אַזוי אַז אַ פראַנצוי־זישען מאַטעמאַטיקער איז אויסגעקומען צו זאָגען: „געהט פאָרווערטס! דער גלויבען וועט מיט דער צייט קומען". מיר מעגען פאָלגליך זיין צופרידען אויב דער סאָציאָלאָגיע וועט זיך איינגעבען צו דערגרייכען די באַשיידענע שטופע פון פעסטקייט און רעלאַטיווער זיכערהייט. וועלכע אפילו די מעהר עקזאַקטע וויסענשאַפטען פּרובירען ניט אַרי־בערשטייגען.

צו די וואָס טענה'ען אַז די סאָציאָלאָגיע איז נאָך אַ ניט דער־וואַקסענע וויסענשאַפט, וועל איך ענטפערען אַז אַלע גרויסע מענשליכע שאַפונגען זענען לויט זייער נאַטור ניט דערוואַקסען, און אַנדערש קען דאָס אויך ניט זיין. יעדע נייע אידעע אַנטשטעהט אין אַ שווע־רען קאַמף מיט די אייפערזיכטיגע שונאים פון אַלעם וואָס איז ניי— וועלכע שטערען איהר רוהיגען וואוקס.

ניט דערוואַקסען איז די וויסענשאַפטליכע איינהייט וועלכע די סאָציאָלאָגיע שאַפט! זאָל זיין אַזוי — אבער פאַר ניט צייטיג רעכענט זיך היינט די פרויען באַוועגונג, און דאָך האָט זי אַ גוואַלדיגען ער־פאָלג ביי אַלע ציוויליזירטע פעלקער. פונקט אַזוי ניט צייטיג רעכענט זיך דער סאָציאַליזם, און דאָך איז אונזער געזעצגעבונג פון די מעהר קולטורעלע רעגירונגען שוין דריי פערטעל סאָציאַליסטיש. מען קען בכלל מיט זיכערהייט באַהויפּטען אַז אַלע גרויסע זאַכען אַנטשטעהען פאַר דער צייט. דער פאַקט וואָס די סאָציאָלאָגיע ווערט ערקלערט פאַר אונצייטיג קען מען פונקט רעכענען פאַר אַ באַווייז, און גוטען סמן פון איהר גלענצענדער צוקונפט.

## צווייטער קאפיטעל.

# די סאָציאָלאָגיע אויף פּסיכאָלאָגישע יסודות.

די גרויסע גייסטיגע באַוועגונג, א דאַנק וועלכער די סאָציאָלאָגיע איז אנטשטאַנען האָט זיך אנגעהויבען אין פראנקרייך אין 19טען יאהר־הונדערט. אין אנפאַנג פון 19טען יאהר־הונדערט האָט סען סימאָן אין זיינע שריפטען און רעדעס פאר זיינע תלמידים אוועקגע־לעגט די ערשטע גרונדלאגען פאר דער נייער וויסענשאַפט.

אמת, סען סימאָן באַצייכענט נאָך אלץ זיינע פאָרשונגען מיט'ן נאָמען פּאָליטיק, פּונקט ווי דאָס האָבען געטאָן פּלאַטאָן און אריסטאָ־טעל. ער ערקלערט אבער באַלד, אז די פּאָליטיק דאַרף זיך ניט פאר־נעמען אויסשליסליך מיט די פּראָבלעמען פון רעגירונגס־פאָרמען נאָר זי דאַרף אויספאָרשען די באַדינגונגען פון דער עקזיסטענץ און די געזעצען פון דער אנטוויקלונג פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. זיינע אר־בייטען נעמען דערפאר ארום דעם גאַנצען פעלד פון דער סאָציאָלאָגיע. אבער דאָס מיינט ניט אז מיר דאַרפען זוכען אין די פראַגמענטארישע פיגורען פון סען סימאָן א וועלכע עס איז, אפילו אומפּאָלקאָמענע סיסטעמע פון סאָציאָלאָגיע, שוין ניט רעדענדיג וועגען וועלכע עס איז שטרענג־פאָרמולירטע און געגענזייטיג־פאַרבונדענע, וויסענשאַפט־ליכע היפּאָטעזען. און מיר דאַרפען זיך ניט וואונדערען ווען מיר געפינען אין די ארבייטען פון דיזען מערקווירדיגען דענקער, וועל־כער האָט געוואָלט זיין א סאָרט פּאַפּסט פון האנדעל, און וועלכער האָט געוואָלט איבערגעבען די פירונג פון דער גאַנצער געזעלשאַפט צו באַנקירען און פילאָזאָפען, געפינען מיר גאַנץ אָפט מאָדנע מיינונגען און כימערישע געדאַנקען. אבער צווישען זיינע פאַנטאַסטישע געדאַנ־קען און אוטאָפּיעס געפינען מיר אָפט ווירקליך טיפע און געניאַלע געדאַנקען, וועלכע האָבען ניט ווייניג נוצען געבראַכט דער שפּעטער־דיגער סאָציאָלאָגיע. סען סימאָנען איז ניט געלונגען צו אנטדעקען יענעם גרויסען געזעץ אונטער וועלכען דאָס לעבען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט איז אונטערוואָרפען. אבער פון דער צווייטער זייט, האָט ער איינמאָל פאר אלעמאָל געמאַכט אן ענדע צו דער דאָגמא פון אומ־פאַרענדערליכקייט, וועלכע איז געווען דער הויפּט כאַראַקטער־שטריך

# אכילעס לאָריאַ

פון אלע סאָציאָלאָגישע פאָרשונגען אין אלטערטום און מיטעל־אלטער. ער האָט אנערקענט אז דער געזעלשאפטליכער לעבען באוועגט זיך אימער פאָרוועדטס, אָבער די באוועגונג איז ניט קיין אומאונטערבראָכענע. דאָס איז א סאָרט „פרייוויליגע“ באוועגונג, וועלכע ווערט אָפט אומגעריכטערהייט אומגעריסען דורך א באוועגונג אין דער צווייטער ריכטונג. אויפ׳ן גרונד פון דיזער היפּאָטעזע האָט ער אויפגעבויט דעם אונטערשייד צווישען די אָרגאנישע און קריטישע עפּאָכען. אין דער ערשטער זאָגט ער ווערען אלע ערשיינונגען פון דער מענשליכער טעטיגקייט קלאסיפיצירט און פאראויסגעזעהן. און דער ציל גופא פון דער געזעלשאפטליכער טעטיגקייט איז שטרענג און פינקטליך פעסטגעשטעלט. אין דער צווייטער, פארקערט, איז יעדע קאָאָרדינאַציע אונדענקבאר, און די געזעלשאפט שטעלט מיט זיך פאָר ניט קיין אנדער זאך ווי אן אנזאמלונג פון באזונדערע געגענזייטיגע פיינדליכע יחידים. אָט דעם געדאנק באגעגענען מיר שוין אפילו אין די אלטע רעליגיעזע קאָסמאָגאָניעס, וועלכע אונטערשיידען עפּאָכען פון אויפבליען און רוהם נאָך וועלכע עס פאָלגען נאָך עפּאָכען פון אונטערגאנג און פארניכטונג. מען קאָן דערפאר זוכען די פארלויפער פון סען סימאָן אין פּעיזאן פון סענטיאהאן און די אידישע נביאים, וועלכע האבען פאראויסגעזעהן דעם וואוקס און אונטערגאנג פון נאַציאָנען, אדער דעם מחבר פון בוך דניאל, אין וועלכען רענאן זעהט דעם אנפאנג פון דער געשיכטס־פילאָזאָפיע. אָבער אין ווירקליכען צוזאמענהאנג געפינט זיך סען סימאָנס געדאַנק מיט די טעאָריען פון וויקאָ, וועגען די פּראָגרעסיווע און רעגרעסיווע באוועגונגען וועלכע יעדע ציוויליזאציע געהט דורך. לויט נאָך סען סימאָן דערצעהלט אונז די געשיכטע פון בלויז צוויי אָרגאנישע פּעריאָדען. די פּעריאָדע פון אַלטען מזרח און פון מיטעל־אַלטער. נאָך זיי פאָלגען נאָך צוויי גרויסע קריטישע פּעריאָדען די גריכיש־רוימישע און די מאָדערנע און איצט דערנעהענטערען מיר זיך צו א דריטער אָרגאַנישער פּעריאָדע— די צייט פון פרידען, ציוויליזאציע און גלייכבארעכטיגונג וועלכע דאַרף פארנעמען דעם פּלאַץ אויף אלעמאל פון דער איצטיגער פּעריאָדע פון כאָאָס און איינפירען דעם סאָציאלען גלייכגעוויכט.

# די סאָציאָלאָגיע

עס איז פאר מיר ניט נויטיג צו באווייזען וויפיל אומבאגרינדע־טעם סען סימאָנ׳ס קאָנסטרוקציע אנטהאלט אין זיך, ווען ער באַ־צירט די מומיען־ארטיגע עפּאָכע פון אלטען מזרח און מיטעל־אלטער. די צייטען פון אבסקוראנטיזם און גראבקייט מיט׳ן נאָמען ארגאנישע און די יאָהרען־הונדערטע וואָס רעכענען זיך פאר די גלענצענדסטע אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט, אזוינע ווי די גריכיש־רוימישע און די נייע — אלס קריטיש אדער פּאטהאָלאָגישע.

עס וועט אהן צווייפעל פארבלייבען דער גרעסטער פארדינסט פון אט דעם גרויסען דענקער וואָס ער האָט דער ערשטער געווענדעט זיין אויפמערקזאמקייט אויף אט דער וויכטיגער פּראָבלעמע פון סאָצי־אלען דעטערמיניזם. ווען אבער ער טרעט צו צו דער לעזונג פון אט דיזע פּראָבלעמען פאלט ער אריין אין אן אומבאשטימטען וואקלענדען עק־לעקטיציזם. אזוי צ. ב. ש. באהויפּטעט ער, אז יעדע פּאָליטישע ארד־נונג האָט אלס איהר באזיס א וועלכע עס איז לעבענס פעהיגע פילאָ־זאָפישע אדער עקאָנאָמישע סיסטעם. דורך דעם האָט ער באשאפען א פילאָזאָפישען דואליזם מיט וועלכען פילע סאָציאָלאָגען פון צווייטען ראַנג, באגייסטערען זיך נאָך עד היום. דאס איז אבער שעדליך און ניט נויטיג אין דער שטרעבונג צו סיסטעמאטיזירען אלע סאָציאלע ערשיינונגען. פונדעסטוועגען געפינען זיך אין די ווערק פון סען־סימאָן מאָנכע באָאבאכטונגען און געדאנקען פון גאָר גרויסער וויכטיג־קייט. צו די דאָרף צוגערעכענט ווערען סען־סימאָנ׳ס בליק אויף דער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט, וועלכע געהט דורך נאָך דער רייהע דריי באזונדערע שטופען, די טעאָלאָגישע, מעטאפיזישע, און פּאָזי־טיווע. אט דער געדאנק איז שפּעטער ברייט פאנאנדערגעוויקעלט גע־ווארען פון אוגוסט קאָנט. זיין אוועקשטעלען די מיליטעריסטישע געזעליטאפט אין געגענזאץ צו דער האנדעלס געזעלשאפט, געפינען מיר אויך שפּעטער ביי קאָנט׳ן און ספּענסער׳ן און זיינע טיילווייזע באמער־קונגען וועגען דער אפּהענגיגקייט פון פּאָליטישע ערשיינונגען אן עקאָ־נאָמישע פאקטארען. האבען אין א געוויסען זין געדינט אלס דער אויס־גאנג פּונקט פאר דער הייגטיגער שולע — דער מאטעריאליסטישער געשיכטע־אויפפאסונג.

אבער פונדעסטוועגען ניט קוקענדיג אויף דיזע אנשאונגען פון סען־סימאָן וועלכע פאַרדינען זיכער אונזער אויפמערקזאַמקייט, געהערט ער נאָך אלץ צו דער פאָר־היסטאָרישער צייט פון דער סאָציאָלאָגיע, וועלכע ווערט דערהויבען אלס וויסענשאַפט ערשט א דאנק די פאַרדינסטען פון אַן אנדער פראַנצויזישען דענקער, פון אוגוסט קאָנט. הגם קאָנט איז טאַקע ארויסגעקומען פון סען־סימאָנ'ס שולע איז ער זיך אבער אין פילע הינזיכטען פאנאנדערגעגאנגען מיט זיין לערער. קאָנט'ס פאַרדינסט באשטעהט פריהער פון אלץ אין דעם, און מיר איבערטרייבען דאָס ניט בשום אופן, וואס ער האָט דער וויסענשאַפט געגעבען איהר נאָמען. א נאָמען וועלכען זי טראָגט נאָך איצט און וועט וואַרשיינליך אויך האָבען אין דער צוקונפט. אבער דער פאַרדינסט איז דער לעצטער צווישען א גאנצע רייע אנדערע, וועלכע געהערען קאָנט'ן אין באצוג צו דער וויסענשאַפט, וועלכע האָט געהאַלטען איז געבוירען ווערען. ער האָט מיט דער גרעסטער דורכדרינגליכקייט אויך באשטימט דעם פּלאַץ, וועלכער עס געהערט צו דער נייער וויסענשאַפט אין דער סיסטעם פון אלגעמיינעם מענשליכען וויסען, ער האָט קלאָר געמאכט איהרע גרונדלאַגען און האָט זיי געגעבען די מעגליכסטע, ברייטסטע, וויסענשאַפטליכע באגרינדונג.

כדי קלאָר צו מאַכען דעם פּלאַץ וועלכען די סאָציאָלאָגיע דאַרף פאַרנעמען אין דער אלגעמיינער סיסטעם פון מענשליכען וויסען, האָט קאָנט געשאַפען א קלאַסיפיקאַציע פון די וויסענשאַפטען, אַן וועלכער פילע האַלטען זיך נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג, ניט קוקענדיג אויף דער קריטיק צו וועלכער זי איז אונטערוואָרפען געוואָרען, איבערהויפּט פון ספּענסער.

---

לויט נאָך קאָנט'ן שטעלען אלע וויסענשאַפטען וועגען זאכען, אזוי גוט ווי די זאכען גופא, פאָר א רייהע אין וועלכער איינפאַכקייט און אבסטראַקטקייט טרעטען כסדר אָפּ זייער פּלאַץ צו קאָמפּליצירטקייט און קאָנקרעטהייט. אין אנדערע ווערטער הייסט דאָס, אז דער ערשטער פּלאַץ אין דער סיסטעם פון מענשליכען וויסען באלאַנגט צו די וויסענשאַפטען וואָס זענען אָם מערסטענס איינפאַך און אבסט־

ראקט, נאָד זיי פּאָלגען נאָד די מעהר קאָמפּליצירטע און קאָנקרעטע און דערפאר וועניגער שטרענגע וויסענשאפטען. די רייען־פּאָלגען פון די באזונדערע וויסענשאפטען איז דערפאר לויט נאָד קאַנט׳ן דער פאָלגענדער:

1) מאטעמאטיק
2) אסטראנאָמיע
3) פיזיק
4) כעמיע
5) ביאָלאָגיע און
6) סאָציאָלאָגיע.

יעדע נאָכפּאָלגענדע וויסענשאפט איז וועניגער איינפאך און אבסטראקט ווי די פריערדיגע, און באטראכט ערשיינונגען וואס זענען אליז מעהר און מעהר קאָמפּליצירט און קאָנקרעט. היות ווי עס איז ניט מעגליך צו שטודירען די קאָנקרעטע וויסענשאפטען ניט וויסענדיג די רעזולטאטען, וועלכע זענען פעסטגעשטעלט געווארען פון די אב־סטראקטע וויסענשאפטען קומט אויס, אז די איבען־געבראכטע קלאַ־סיפיקאציע פון די איינצעלנע וויסענשאפטען איז גלייכצייטיג אויך א כראָנאָלאָגישע ארדנונג. דאָס מיינט, אז מען מוז פריער אויס־פאָרשען די אם מערסטענס אבסטראקטע וויסענשאפט וועלכע האָט קיין שום פארבינדונג ניט מיט די פריערדיגע. דאָס איז די מאטעמא־טיק. די אסטראנאָמיע, וועלכע ווערט באזירט אויף דער מאטעמאטיק קאָן מען ערשט שטודירען נאָד דער לעצטער. דאָס זעלבע איז אויך בנוגע פיזיק, וועלכע דארף שטודירט ווערען ערשט נאָד דעם ווי מען איז באקאנט מיט מאטעמאטיק און אסטראנאָמיע. און אזוי ווייטער ביז דער סאָציאָלאָגיע. ווייל אבער די לעצטע איז די אם מערסטענס קאָנקרעטע וויסענשאפט קאָן מען ניט צוטרעטען צו דער אויספאָר־שונג פון די ערשיינונגען מיט וועלכע זי גיט זיך אָפּ, זיך ניט באַ־נוצענדיג מיט די רעזולטאטען וועלכע די אנדערע וויסענשאפטען האָ־בען דערגרייכט. און דערפאר קאָן זי ערשט ערשיינען נאָד דעם ווי עס זיינען פעסטגעשטעלט געווארען און אל־זייטיג אנטוויקעלט אלע איבעריגע אנטדעקונגען פון מענשליכען געדאנק. דערפאר איז

טאַקע די סאָציאָלאָגיע די נייעסטע פון אלע וויסענשאפטען. דאס איז די אורזאכע פון איהר שפּעטער ערשיינונג אויפ׳ן אינטעלעקטועלען האָריזאָנט פון דער מענשהייט. און דאס ערקלערט אויך פארוואס זי האָט ביז איצט אזוי ווייניג אויפגעטאָן פאר דער אנטדעקונג פון איהר אמת.

נאָך דעם ווי קאָנט האָט אויף דעם אופן פעסט באַשטימט דעם פּלאַץ וועלכען די סאָציאָלאָגיע דארף פארנעמען אין דער אלגעמיינער וויסענשאַפטליכער סיסטעמע ווייזט ער אז די אויפגאַבע פון דער נייער וויסענשאפט דארף זיין צו אנטדעקען די געזעצען פון דער מענשליכער געזעלשאפט. ער אונטערשיידעט צוויי גאנץ באזונדערע פעלדער פון פאָרשונג. די סאָציאַלע סטאַטיק און דינאַמיק· די ערשטע אנאַליזירט דעם צושטאַנד פון דער געזעלשאפט אין א געוויסער צייט, די לעצטע אין איהר באוועגונג, וועלכע קאָנט האַלט להיפּוך פון סען־סימאָן אלס אונאויפהערליכע און פּראָגרעסיווע. אָט די צוטיילונג געפינט נאָך ביז היינטיגען טאָג פיל אויסזעצונגען. אזוי זאָגט מען צ. ב. אז אריבערטראָגענדיג די ריין מעכאַנישע געזעצען פון סטאַטיק און דינאַמיק אויף די געזעלשאפטליכע ערשיינונגען קומט די טעאָריע צו זעהר נאָהענט צו דער אנשויאונג אויף דער געזעלשאפט, אלס מעכאַניזם, אָן וועלכער מען האָט זיך געהאַלטען אין אלטערטום, אָן אנשויאונג וואָס געהט אינגאַנצען להיפּוך צו די נייע טעאָריען, וועלכען באַטראַכטען די געזעלשאפט אלס אָרגאַניזם. אָן אָרגאַניזם, אבער, אזוי לאַנג ווי ער לעבט איז על פּי זיין נאַטור קיינמאָל ניט אין שטעהענדען צושטאַנד, זיין באוועגונג שטעלט זיך נאָר אָפּ מיט זיין טויט. אויב מיר זאָלען אפילו מסכים זיין אויף דעם אויבען־געבראכטען ארגומענט איז עס דאָך זיכער אז פילע סאָציאלע ערשיינונגען קאָנען ניט אויסגעפאָרשט ווערען אל־זייטיג ווען מיר זאָלען ניט באטראכטען די געזעלשאפט אין א שטעהענדען צושטאַנד. און דערפאר איז קאָנט׳ס צוטיילונג צוועקמעסיג וועניגסטענס אלס מעטאָדע פון פאָרשונג.

די סאָציאלע סטאַטיק איז פון קאָנט׳ן ניט באַארבייט געווארען טיף און אל־זייטיג. ער באַשרענקט זיך בלויז אויף אנצייגען אז די מענשליכע געזעלשאפט איז ניט ווי אנדערע דענקען אָנטשטאַנען א דאנק

# די סאָציאָלאָגיע

דעם נוצען וואס די געזעלשאפטליכקייט ברענגט צו יחידים, דאס איז דאך שוין דער רעזולטאט פון געזעלשאפטליכקייט און קאן ניט זיין די אורזאכע פאר דער פסיכאָלאָגישער טרייב־קראפט וועלכע איז איינגעבוירען אין מענשען, און ציהט איהם צו א געמיינשאפטליכען וועזעלשאפטליכען לעבען. אט די פסיכאָלאָגישע טרייב־קראפט, וועלכע קאנט פארשט אויס זעהר פארזיכטיג איז א צווייפאכע. פון איין זייט איז דאס דער שטרעבען צו פאראייניגען זיך מיט איינעמס גלייכען לטובת הכלל. פון דער צווייטער זייט איז דאס אן עגאאיסטישער שטרעבען, וועלכער טרייבט דעם מענשען צו דערהויטערען זיך פון דער געזעלשאפט. פון דאנען נעמט זיך דער אנטאגאניזם פון דעם אויביגען קאמף צווישען די אלטרואיסטישע אינסטינקטען, וועלכע ציהען דעם מענשען צום געזעלשאפטליכען לעבען, און די עגאאיסטישע וועלכע טרייבען איהם די געזעלשאפט אויסצומיידען. די עקזיסטענץ פון דער געזעלשאפט אזוי גוט ווי איהר פראָגרעסיווע אנטוויקלונג זענען שטענדיג אפהעניג אן דעם זיעג פון די אלטרואיסטישע אינסטינקטען איבער דעם עגאאיסטישען.

די פאמיליע און די האנדעלס אדער ארבייטס קאָאָפּעראציע — דאס זענען די צוויי סארטען פון געזעלשאפטליכקייט וועלכע עס ברענגט מיט זיך דער זיעג פון די אלטרואיסטישע אינסטינקטען איבער די עגאאיסטישע. ניט דער יחיד נאר די משפחה איז לויט נאך קאנט'ן די סאָציאלע צעלע. אבער די אויספארשונג פון דער פאמיליע געהערט צו דער ביאָלאָגיע און קען ניט זיין קיין אפטיילונג פון דער סאָציאָלאָגיע, וועלכע פאנגט זיך ערשט אן מיט דער אויספארשונג פון דער געזעלשאפט. די געזעלשאפט און בלויז די געזעלשאפט איז לויט נאך קאנט'ן דער געגענשטאנד פון דער נייער וויסענשאפט. די אויספארשונגען פון יעדען ערענהאפטען סאָציאָלאָג דארפען זיך דא ציהען בלויז אויף דער געזעלשאפט. ער מוז זיך גלייך אין אנפאנג אפהאלטען פון דער אויספארשונג פון דער משפחה, און נאך מעהר פון דעם יחיד. קאנט האלט זאגאר פאר מעגליך צו באהויפטען, אז קיין יחיד עקזיסטירט בכלל ניט. דאס איז ניט מעהר ווי אן אבסטראקציע. און נאר די געזעלשאפט אליין איז א

ווירקליכקייט. עס איז קיים נויטיג צו זאָגען אז דאס איז א פשוט'ער אונזין. דער אינדיווידואום איז א וועזען וועמעס עקזיסטענץ עס איז אויסער צווייפעל. א וועזען וועלכען מיר באגעגענען אין גאס, צו וועמען מיר גריסען זיך, וועמענס האנט מיר דריקען, אין דער צייט וואס די געזעלשאפט איז א מעטאפיזישע באשעפעניש, וועמען קיינער האט נאך קיינמאל ניט באגעגנט און קיינער האט נאך איהר האנט ניט געדריקט. די סמנים גופא פון דער געזעלשאפט זענען נאך אזוי אומבאשטימט און טומאנע, אז זיי מאכען מעגליך פארשידענע אויסטייטשונגען. פאר איינע איז די געזעלשאפט די נאציאן. פאר אנדערע דער קבוץ פון א סך יחידים פון דער זעלבער ראסע. פאר די דריטע זענען דאס די איינוואוינער פין דעם זעלבען וועלט טייל. און פאר די פערטע איז דער באגריף פון געזעלשאפט, דאס זעלבע ווי דער גאנצער מענשליכער מין. עס פאדערט זיך פון דעם סאציאלאג א סך אנשטרענגונג און אויסרעכנונג צו באשטימען די גרעניצען פאר אט דעם נאך אומבאשטימטען באגריף. אויב דער אינדיווידואום זאל זיין בלויז אן אבסטראקציע ווי קאנט וויל האבען, פרעגט זיך ווי אזוי קאן די געזעלשאפט זיין א רעאלע זאך אין דער צייט ווען זי איז ניט מעהר ווי א כלום פון באזונדערע יחידים? ווי אזוי קאנען פארשידענע אבסטראקציעס פאראייניגט צווישען זיך פארשטעלען עטוואס רעאלעס, ווירקליך עקזיסטירענדעס?

ווידמענדיג די ווייטערע טיילען פון זיין אויספארשונג צו דער קאאפעראציע צייגט קאנט אן אויף איהרע אייגענשיינליכע נוצען. ער פארמאכט אבער גלייכצייטיג די אויגען אויף איהרע שעדליכע רעזולטאטען, פון וועלכע דער טרויעריגסטער איז וואס זי בינדט צו דעם מענשען צו איין איינציגער שטענדיגער באשעפטיגונג, וועלכע איז אפט פריידענלאז, מעכאניש און שטארק כפעציאליזירט. וו.צ.ב. די שטענדיגע שאפונג פון דעם שפיץ פון א נאדעל. און אין דעם איז דער פאזיטיווער פילאזאף פאלקאם גערעכט. די קאאפעראציע איז ווירקליך די גרעסטע אנטדעקונג פין מענשליכען שכל, דאס איז דער רעזולטאט פין דעם שכל פון מענשען פון דער העכסטער אינטעלעקטועלער אנטוויקלונג, דערפאר ווייל בלויז זיי האבען פארשטא־

# די סאָציאָלאָגיע

נען די נוצען וועלכע מען קאן ציהען פון קאאָפּעראציע. נאראָנים צ.ב. פאראייניגען זיך קיינמאָל ניט. און דערפאר טאַקע איז אזוי לייכט, ווי דער פאל צייגט עס, אויפצוהאלטען מיט א פארהאלטניסמעסיג קליינער צאָל אויפזעהער, א שטרענגע דיסציפּלין אין א מישוגעים הויז. אבער די קאאָפּעראציע איז גלייכצייטיג דער שרעקליכסטער מי־טעל פאר דער פארשקלאפונג פון די מענשליכע גייסטיגע כוחות: צובינדענדיג דעם מענשען צו איינער און דערזעלבער מאָנאטאנער ארבייט, וועלכע ער חזר'ט כסדר איבער. דער'הרג'ט זי אין איהם יעדע ערשיינונג פון גייסטיגער ארבייטס־פעהיגקייט. קאָנט פאלט אריין אין א פאנטאסטישען טעות ווען ער לעגט פאר אלס מיטעל געגען דער שעדליכער ווירקונג פון דער קאאָפּעראציע די אנערקענונג פון עפּעס א גייסטיגער קראפט, וועלכע זאל לערנען די מענשען, וואס זענען געווארען אזוי פראגמענטאריש, סינטעטישע און אלגעמיינע אנשויאונגען.

א פיל אנגעזעהענערען פּלאץ פארנעמט אין קאָנט'ס סיסטעם די טעאריע פון דער סאציאלער דינאמיק, אדער די אויספארשונג פון די געזעצען פון דער געזעלשאפטליכער אנטוויקלונג. פריער צייגט קאָנט אז אנטוויקלונגס כחות פון צווייטען גראד צו וועלכע ער רעכענט צו אומצופרידענהייט, טויט און דעם שנעלען צואוואוקס פון דער באַ־פעלקערונג. דער ערשטער פאקטאר איז פאר די באזיצענדע קלאסען דאס זעלבע וואס דער הונגער פאר די ניט באזיצענדע: א טריב צו טעטיגקייט. עס איז אמת אז אומצופרידענהייט אזוי גוט ווי הונגער, טרייבענדיג פילע מענשען צו גרויסע טאטען, טרייבען אויך מאַנכע צו גרויסע פארברעכענס. אויב מיר פארדאנקען בייראָנ'ס גרויסע ווערק, דער אומצופרידענהייט מיט דער סביבה, איז אבער פון די זעלבע אומצופרידענהייט ארויסגעקומען די שענדליכע טעטיגקייט פון נערא און לודוויג דעם 15טען. דאך איז עס אהן צווייפעל אמת אז די אומצופרידענהייט איז איינע פון די מעכטיגע אורזאכען פון פילע אנטדעקונגען און פרוכטבארע אנפאנגען. ווען עס וואלט אויך דער וועלט ניט געווען קיין אומצופרידענהייט, וואלטען פילע אנטדעקונגען קיינמאָל ניט געמאכט געווארען און פילע וויכטיגע טאטען וואלטען

קיינמאל ניט געבראכט געווארען צו זייער ענדע. דער צווייטער פאקטאר פון דער פראגרעסיווער אנטוויקלונג איז דער טויט. ווען דער מענש זאל זיין אומשטערבליך וואלט קיין באוועגונג בכלל ניט נעקאנט זיין, ווייל דאן וואלט געפעלט די אייביגע ענדערונג פון יוגענד און די פארשידענע געגענזייטיג־פיינדליכע מענשליכע שטרעבונגען, וועלכע קעמפען אומאויפהערליך אין דעם אייביגען גאנג פון לעבען. אזוי צ. ב. האט טאקע קיין שום אנטוויקלונג ניט געקאנט זיין אין ליליפוטיא, דאס לאנד וועלכע דער הומאריסט סוויפט האט באשריבען. די איינוואוינער זענען דארט געווען אומשטערבליך, אדער זיי האבען געענדיגט דערמיט וואס זיי זענען געשטארבען פון לאנגווייליגקייט. וואס איז געווען דער רעזולטאט פון דער דערשטיקענדער איינטאניגקייט פון זייער אומענדליכער עקזיסטענץ. דער טויט רופט ארויס שטענדיגע צוזאמענשטויסען, צווישען די קאנסערוואטיווע שטרעמונגען פון דער עלטער און די פראגרעסיווע פון דער יוגענד. און אין דעם אומאויפהערליכען מעכטיגען קאמף ווערט געבוירען א נייע לעבענסטעטיגע קראפט, דאס אומאויפהערליכע רייסען זיך פון מענשען אויפ׳ן וועג צום פראגרעס. די דערמאנטע באמערקונג פון קאנט געפינט היינט א שטארקע שטיצע אין דער טעאריע פון וויסמאן, וועלכער ציט די אויפמערקזאמקייט אויף דעם אז דער טויט איז באשאפען פון דער נאטור אויסשליסליך לטובת דעם מענשליכען מין. און נאר איהם אליין דארפען מיר דאנקען פאר די נאטירליכע צוכטוואל, א דאנק וועלכער דער מענש האלט אימער אן זיין פראגרעסיווע אנטוויקלונג. פון דער צווייטער זייט איז ניט ווייניגער קלאר אז א צו קורצער לעבען וואלט געשטערט אין יעדען סאציאלען ערפאלג. מאכענדיג אוממעגליך צו פארענדיגען די גרויסע אנפאנגען און די דורכפירונג פון גרויסע ארבייטען. עס איז דערפאר קלאר אז דער דויער פון מענשליכען לעבען איז פונקט אזא ווי עס איז נויטיג פאר דער פארזיכערונג פון א נארמאלען פראגרעס. דאס שליסט אוים פון איין זייט אומשטערבליכקייט וועלכע וואלט געשטערט יעדער אנטוויקלונג און פון דער צווייטער זייט אזא קורצקייט פון לעבען וועלכע וואלט דער׳הרג׳ט יעדער אנטוויקלונג גלייך ביי איהר געבורט. אויף דער פראג־

# די סאָציאָלאָגיע

רעסיווער באוועגונג פון דער געזעלשאפט ווירקט אויף דער שנעלער צואוואוקס פון דער באפעלקערונג, דאס העלפט דער שנעלער אויס־מישונג פון מענשליכע דורות, די באפעלקערונג פון דעם אונטערשייד אין יאהרען צווישען עלטערען און קינדער. דאס פארקלענערט די אויטאריטעט פון די ערשטע און מאכט די לעצטע אומאפהעניג און זעלבסטשטענדיג. דער צואוואוקס פון דער באפעלקערונג פארשאפט אויך דעם קאמף צווישען די פארשידענע שטרעבונגען פון די יחידים און פארשנעלערט דערמיט די געזעלשאפטליכע אנטוויקלונג, וועלכע ווערט דורך דעם קאמף ארויסגערופען. מיר קאנען עס צו יעדער צייט באמערקען אין די נייע לענדער. אזוי צ. ב. איז דער ארבייטער קלאס אין נארד אמעריקא און אפילו ביי עלטערע פעלקער פיל מעהר לעבענ־לוסטיג און גייסטיג מוטיגער ווי די בורזשואזיע קלאסען און דאס איז צו פארדאנקען זייערע פריערע הייראטען. עס קען גאר קיין צווייפעל ניט זיין, אז די ראדיקאלע שטרעמונגען פון די נידעריגע קלאסען פון דער געזעלשאפט זענען מערסטענס דער רעזולטאט פון יענע גייסטיגע איינפלוסען וועלכע קומען ארויס א דאנק דער שנעלער נאכפאלגונג פון איין דור נאך דעם צווייטען.

זוכענדיג די הויפט אורזאכע פון דער סאציאלער אנטוויקלונג קומט קאנט צו דעם פונדאמענטאלען שלוס אז די אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט ווערט שטרענג באשטימט דורך דעם אנטוויקלונגס־געד־דאנק, מיט אנדערע ווערטער, אז דער סאציאלער פראגרעס איז ניט קיין אנדער זאך ווי א פראדוקט פון גייסטיגען פראגרעס. צייגט מיר אז דעם גייסטיגען צושטאנד פון א פאלק, זאגט קאנט, און איך וועל אייך וויסען זיינע לעבענס באדינגונגען און סאציאלע לאגע. דער מענשליכער געדאנק איז אין פארלויף פון זיין לאנגער געשיכטע דורכ־געגאנגען דריי פאזען פון אנטוויקלונג, אנהויבענדיג מיט דער טעא־לאגישער איז ער שפעטער אריבער צו דער מעטאפיזישער און דער־נעהענטערט זיך איצט צו דער פאזיטיווער, צו וועלכער עס געהערט די צוקונפט. אין דער סאציאלער אנטוויקלונג זענען אויך דא דריי ענליכע פאזען, — די מיליטאריסטישע, די געזעצליכע און די קאָ־מערציעלע. די הויפט אויפגאבע פון דער גאנצער קאנט'אישער גע־

אכילעס לאָריאַ

שיכטס־פילאָזאָפיע איז צו דערווייזען די ריכטיגקייט פון דער דער־
מאַנטער אנאלאָגיע. די באַווייזע שיינען צו זיין גאַנץ באַגרינדעטע.
אַזוי לאַנג ווי עס האנדעלט זיך וועגען דער ערשטער פאַזע. ד. ה. דער
טעאָלאָגישער. אַזוי באַמערקט אונזער פילאָסאָף, אַז דער פעטישיזם
האָט געגעבען דעם ערשטען אַנשטויס צו קונסט און האָט באַשאַפען
די ערשטע אינסטרומענטען פאַר האַנט־אַרבייט און האָט געלעגט דעם
פונדאַמענט פאַר האַנדעל. פאַרערענדיג אַן אָפּצאָלונג צו די לאָקאַלע
געטער, האָט די רעליגיאָן דערנעהענטערט דעם מענשען צו דער ערד
און האָט אויף דעם אופן געגעבען דעם ערשטען אַנשטויס דער ערד
אַרבייט. דער פּאָליטעאיזם וואָס איז שפּעטער אַנטשטאַנען, האָט
אַרויסגערופען קריעג צווישען פעלקער און אויף דעם אופן איז מיט
דער טעאָלאָגישער געדאַנקען־ריכטונג פאַרבונדען אויך דער אָנפאַנג פון
דער מיליטאַריסטישער סיסטעמע פון דער מענשליכער געזעלשאַפט.
די מלחמות האָבען מעגליך געמאַכט צו נעמען דעם שונא אין גע־
פאַנגענשאַפט און דערפון אַנטשטעהט שקלאַפעריי: אַט דער גרונט
אינסטיטוט פון די אַלטע פעלקער איז אויף דעם אופן קיין אַנדער
זאַך ווי אַ פּראָדוקט פון פּאָליטעאיזם. דער שטופענווייז איבערגאַנג
פון פּאָליטעאיזם צו מאָנאָטאָאיזם ברענגט אַריין אין לעבען גאַנץ אַנ־
דערע טענדענצען, די פאַרהעלטניסמעסיגע זעלטענהייט פון מלחמות,
דער איבערגאַנג פון שקלאַפעריי צו לייב אייגענטום און ענדליך צו דער
פרייהייט פון אַרבייט. דער פעטישיסט הרג'ט דעם געפאַנגענעם, דער
פּאָלעטעאיזם פאַרשקלאַפט איהם, דער מאָנאָטעאיזם באַפרייט איהם.
אין יעדען געגעבענעם פאַל איז דער סאָציאַלער צושטאַנד פון דער
געזעלשאַפט בלויז דער נויטווענדיגער פּראָדוקט פון די גייסטיגע ריכ־
טונגען וועלכע הערשען אין איהר. אָבער קאַנט'ס סיסטעם שטויסט
זיך אָן שוין גלייך אין איהר ערשטען טייל אויף זעהר ערנסטע שווע־
ריגקייטען און כמעט אומבאַזיגבאַרע שטערונגען.

עס איז גענוג אָנצואווייזען אַז דורך קאָנט'ס תורה לויט וועלכער
שקלאַפעריי איז געווען דער פּראָדוקט פון פּאָלעטעאיזם קאָן מען ניט
ערקלערען די קאָלאָניאַלע שקלאַפעריי, וועלכע עס פּראַקטיצירען מאָ־
נאָטאָאיסטישע פעלקער. די מעהר אָדער ווייניגער שעהנע דעקלאַמאַ־

ציעס, וועלכער דער פילאָסאָף ווענדעט אָן געגען דער אַנאָמאַליע, געגען דער אונגעהויערער און עקעלהאַפטער אַלט־געצענדינערישער אינסטי־טוציע וואָס איז אויפגעשטאַנען תחית המתים קאָנען פאַרשטעהט זיך די רעטעניש ניט לעזען.

אָבער די שווערינקייטען קענען גאָרניט פאַרגליכען ווערען מיט יענע אָן וועלכע אונזער מחבר שטויסט זיך אָן אַזוי גיך ווי ער טרעט צו צו דער אויספאָרשונג פון דער צווייטער סאָציאַלער פאַזע. און ווירק־ליך, אַזוי שנעל ווי קאָנט קומט נאָר צו דער מעטאַפיזישער עפּאָכע, וועלכע פאַנגט זיך אָן פון 14טען יאָהרהונדערט דערפילט ער גלייך אַליין אַז זיין באַהויפּטונג שאָקעלט זיך; עס פאָדערען זיך אויסבעסע־רונגען, צ. ב. אַז אין אַנפאַנג פון דער מעטאַפיזישער עפּאָכע באַשטימט שוין ניט די גייסטיגע אַנטוויקלונג די סאָציאַלע נאָר פאַרקערט, די אַנטוויקלונג פון האַנדעל באַשטימט די ערשיינונגען פון סאָציאַלען לעבען, עסטעטישע, וויסענשאַפטליכע, מיליטערישע און אַנדערע. אמת, קאָנט היילט זיך צו ערקלערען, אַז ווען די מעטאַפיזישע געדאַנ־קען־ריכטונג וועט פאָרענדיגען איהר וועג צו מאַכען פּלאַץ פאַר דער פּאָזיטיווער ריכטונג וועט זיך די אויבערהערשאַפט פון גייסט ווייטער באַווייזען. דאָך אָבער מוז אונזער פילאָזאָף צוגעבען, אַז פאַר דעם געגעבענעם מאָמענט איז זיין טעאָריע ניט צוגעפּאַסט, אַז ניט דער גייסט נאָר דער האַנדעל באַשטימט דעם געזעלשאַפטליכען צושטאַנד און די געזעצען פון איהר אַנטוויקלונג. אָדער מיט אַנדערע ווערטער אַז טאַקע נאָר די עקאָנאָמישע באַציהונגען באַשטימען די גייסטיגע און סאָציאַלע אָרגאַניזאַציע פון דער מענשהייט. אויף דעם אופן עפענט אויף קאָנט דעם אריינגאַנג פאַר דער היינטיגער מעהר באַ־גרינדעטער שולע פון סאָציאָלאָגיע אויף עקאָנאָמישע יסודות. הגם אַ דאַנק זיינע אויספאָרשונגען פון דער טעאָלאָגישער עפּאָכע קאָן ער פאַרעכענט ווערען פאַר דעם שעפּפער פון סאָציאָלאָגיע אויף אינטע־לעקטועלע יסודות.

באַגייסטערט פון זיין גרונט געדאַנק, אַז די סאָציאַלע אַנטוויק־לונג איז דער פּראָדוקט פון דער גייסטיגער זאָגט קאָנט פאָראויס, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען דער „וויסען“ וועט איינשטימיג הערשען

# אבילעס לאָריאַ

איבער דעם שיקזאל פון די פעלקער, אין יענער צוקונפטיגער געזעל־שאַפט וועט די וועלט אנגעפירט ווערען ערשטענס פון א גייסטיגער קראַפט, וועלכע וועט באַשטעהן פון א קאָאָפּעראַציע פון פּאָזיטיוויס־טישע פילאָסאָפען, וועלכע וועלען מעגען רייך זיין און וועלען דאַרפען ווידמען זייער גאַנצען לעבען צו דער אויספאָרשונג פון די אַלגעמיינע געזעצען פון מאַטעריע און גייסט, און צווייטענס פון א געזעלשאַפט־ליכער קראַפט, וועלכע וועט באַשטעהן פון א קאָאָפּעראַציע פון קאַפּי־טאַליסטען, בפרט פון באַנקירען, וועלכע וועלען יענע געזעצען דאַרפען אנווענדען אין לעבען.

דאָ מוז איך זיך אָפּהאַלטען פון דעם ווייטערדיגען אַנאַליז פון קאָנט׳ס געדאַנקען. אַנהויבענדיג פון דעם פּונקט פאַרלירען זיי פון אונטער זיך יעדען באָדען פון פּאָזיטיווער אויספאָרשונג, און דער־הויבען זיך צו די אוטאָפּיעס אויף יענער זייט פון די וואָלקענס. עס איז באַקאַנט, אַז קאָנט׳ס פּראָיעקטען פאַר סאָציאַלע רעפאָרמען וועל־כע ער האָט באַשאַפען נאָך דעם ווי די טראַגעדיע פון זיין פאַמיליען לעבען האָט שוין ארויפגעלעגט אויף איהם איהר שטעמפעל און פאַר־טונקעלט די קלאָרקייט פון זיינע געדאַנקען, האָבען אַלע א באַדייטונג נאָר אַלס טרויעריגער אַנדענקען וועגען דער צושטערונג פון א מעכטי־גען גייסט. אין די ערשטע ביכער פון זיין „קורס“ וועלכען ער האָט געשריבען נאָך לעבענדיג מיט זיין שלעכטער און עגאָאיסטישער פרוי וויל ער ערקלערען די פרוי אַלס אייביג ניט דערוואַקסענע און וויל איהר אויף אייביג שטעלען אונטער דעם אויפזיכט פון מאַן, פאָטער אָדער ברודער. שפּעטער פאַרקערט, ווען ער האָט אַלס רעזולטאַט פון א גע־זעצליכען גט אָראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם פאַרהאַסטען יאָך און איז אריינגעטראָטען אין באַציהונגען, פול מיט טיפסטער ליעבע, מיט דער שעהנער קלאָטילדא דע פאָ (De v laux), באַציהונגען וואָס האָבען זיך לוידער שנעל געענדיגט צוליב איהר פריהצייטיגען טויט. נאָך איהר טויט גיט ער זיך איבער צום אסקעטיזם אין אַנדענקען פון זיין געליעבטער פרוי. ער שעמט זיך דאָן ניט צו לויבען די פרויען אַלס געטינס. ער טרעט ארויס אַלס נביא פון א נייער רעליגיאָן, פון וועל־כער דער העכסטער וועזען איז הומאַניזם. קלאָטילדא איז די הייליגע בתולה, די ערד דער גרויסער פעטיש, און ער, קאָנט דער כהן גדול.

זיין רעליגיע דערלאָזט תפילות אלס עראינערונג, און כבוד פאר טייערע אויסדערוועהלטע פערזאָנען. זי האָט איהרע יעהרליכע ימים טובים. 84 אין צאָהל. פון די דריי פרויען וואָס ער האָט אין זיין לעבען גע־ליעבט, פון קלאָטילדע'ן, זיין מוטער ראָזאַליע און די דינערען סאָפיע, שאַפט ער א הייליגע דריי איינינקייט. דאָס איז גענוג! דעם קאַטוילי־שען קאַלענדאר וויל ער פארבייטען אויף א פּאָזיטיווען אין וועלכען יעדער טאָג זאָל אנגערופען ווערען אויפ'ן נאָמען פון א וועלכען עס איז גרויסען שרייבער, געלערנטען אדער וואָהלטעטער פון מענשליכען מין. די צווייטע סעריע פון די ווענינער באריהמטע נעמען, דארפען באַנוצט ווערען פאר די איבעריגע טעג אין די איבער יאָהרען. קען מען דען נאָך ווייטער געהן אין אָט דער ריכטונג?

לאָמיר פונדעסטוועגען לאָזען אָן א זייט אָט די טרויעריגע טעות'ן זיינע. קאָנטס סיסטעם, אדער ריכטיגער איהר גרונד טעזיס, אז די סאָ־ציאַלע אנטוויקלונג איז אָפּהעניג אָן דער אינטעלעקטועלער אנטוויק־לונג, איז אנגענומען געוואָרען פון פיל ערענסטע דענקער. דעם ערשטען ארט צווישען זיי פארנעמט אדאָלף קעטלע, וועלכער שרייבט אין זיין סאָציאַלער פיזיק: „עס איז ניטאָ קיין פּראָגרעסיווערע זאַך, ווי די ווי־סענשאַפטען. אַלע מענשליכע פעהיגקייטען וואָס זיינען ניט באַגרינדעט אויף דער וויסענשאַפט זענען בעצם סטאַטישע און זייערע געזעצען זענען אומפארענדערליכע: די איבעריגע אבער אנטוויקלען זיך בלויז אין אפּהענגיגקייט פון דער וויסענשאַפט, דערפאר קאָן די וויסענ־שאַפט דינען אלס מאָסשטאָב פון דער מענשליכער אנטוויקלונג“. דער זעלבער געדאַנק ווערט איבערגע'חזר'ט פון באקל וועלכער פּרובירט איהם באַגרינדען אויף דעם פאָלגענדען אופן. עס זענען דענקבאר, זאָגט ער, צוויי פאקטאָרען פון דער געזעלשאפטליכער אנטוויקלונג. דער געדאַנק און די מאָראַל, די מאָראַל איז אבער אומפארענדערליך אדער זי ענדערט זיך זעהר לאַנגזאַם, ניט מיט יעדער נייער עפּאָכע, דאָס ווערט באַשטעטיגט דורך די ענליכע צאָל פארברעכענס יעדען יאָהר. אבער א סטאַטישער עלעמענט קאָן ניט זיין די אורזאַכע פון רעזולטאַטען אין וועמענס נאַטור עס איז צו ענדערען זיך, ווי עס איז די אנטוויקלונג פון דער מענשהייט. דער ווירקליכער פאקטאָר קאָן אבער זיין נאָר אן אינטעלעקטועלער. ארויסגעהענדיג פון דעם

# אכילעס לאָריאַ

דערמאָנטעו בליק, מאָלט באקל, אין זיין „געשיכטע פון דער ציוויליזאציע אין ענגלאנד", וועלכע איז ליידער ניט פארענדיגט געווארען צוליב זיין פריצייטיגען טויט, די אנטוויקלונג פון דער ציוויליזאציע פון דער מערב וועלט אויסשליסליך אלס פראָדוקט פון דער אנטוויקלונג פון דעם מערב־אייראפייאישען געדאנק און וויסען. עדגאר קינע, פיוסטעל דע קולאנזש און מאקס מולער, קאָנען אויך אין א געוויסען זיך פארעכענט ווערען פאר תלמידים פון קאָנט'ן. זיי אַלע פארבינדען די געשיכטע פון דער ציוויליזאציע מיט דער אנטוויקלונג פון מיסטישע און רעליגיעזע אידעען.

איידער מיר געהן אריבער צו באטראכטען די ווייטערע פאנאנדערארבייטונג פון דעם לערערס טעאָריע אין די אַרבייטען פון זיינע אם מערסטענס איבערגעבענע תלמידים, מוזען מיר זיך אליין פארענטפערען די פראגע, צו איז קאָנט'ס תורה אין איינקלאנג מיט דער ווירקליכקייט? צי פארדינט זי די אויפמערקזאמקייט פון אַן ערענסטען סאָציאלאָג אין דער היינטיגער צייט?

עס איז גענוג אפילו בלויז אַן אויבערפלעכליכע באטראכטונג פון קאָנט'ס פילאָזאָפיע זיך צו איבערצייגען, אז די גרונדלאגען פון איהר זענען ווייט ניט די פרוכט פון זיין אייגענער אויסשליסליכער שאפונג. זי איז פארבונדען מיט א גאַנצע רייהע נעמען פון קאָנט'ס פארלויפער און צייטס־גענאָסען. און ווירקליך, נאך דער מיטגליד פון דעם פראנצויזישען רעוואָלוציאָנערען קאָנווענט מארקיז קאָנדאָרסעי, האט אין זיינע אויספאָרשונגען וועגען דעם פראָגרעס פון מענשליכען געדאנק באהויפטעט: אז די סאָציאלע אנטוויקלונג איז דער רעזולטאט פון דער גייסטיגער אנטוויקלונג. דעם זעלבען געדאנק האט אויסגעדריקט אויך טיורגא, און, ווי עס איז שוין אויבען דערמאָנט געווארען, איז ער ארויסגעזאָגט געווארען פון סען־סימאָן. גלייכצייטיג איז די זעלבע טעאָריע פראָקלאמירט געווארען, הגם אין א מעהר פארבאהאלטענער פאָרמע, אויף יענער זייט פון רהיין פון העגעל'ן, וועלכער האט באַטראכט די געשיכטע אלס די עוואָלוציאָנערע אנטוויקלונג פון דער אידעע. עס איז גענוג שוין דער פאקט אליין פון דער גלייכצייטיגער ערשיינונג פון דעם זעלבען געדאנק ביי אזעלכע פארשידענע און ווייטע איינער פון צווייטען דענקער, צו פארשטעהן אז יענער געדאנק

# די סאָציאָלאָגיע

האָט ניט געקאָנט ארויסשפּראָצען ווי א שטראָם פון דער ערד, האָט ניט געקאָנט אנטשטעהן פון זיך אליין, נאר האָט געמוזט זיין דער אומפארמיידליכער פּראָדוקט פון די סאָציאַלע באדינגונגען. עס איז גאר קיין צווייפעל ניט, אז אין קיין אנדער צייט זענען די באדינגונגען ניט געווען אזוי גינסטיג פאַר דער באשאפונג פון אזא טעאָריע. דאָס איז באמת געווען די צייט פון דער פּרעכטיגער אנטוויקלונג פון דעם וויסענשאַפטליכען געדאנק, וועלכער האָט ארייגעטראָגען אומעטום א גאַנצע רייע טיפע און ווייט־זעהענדיגע איבערקערענישען. פרענקלין האָט באזיגט דעם בליץ, וואָס האָט ערפונדען די דאַמפ מאַשין, וועלכע האָט אַנגעמאַכט א גאַנצע רעוואָלוציע אין דער אינדוסטריע, אדאַם סמיט האָט פּראָקלאַמירט די טעאָריע פון פרייען האנדעל, וועלכע האָט פאַרניכטעט אַלע טאַריף־באַגרענעצונגען. רוסאָ האָט מיט זיין „סאָציאַלען קאָנטראַקט" אויפגעשטורעמט די וויסענשאַפט וועגען דער רעגירונגס פירונג און געמאַכט צו נישט די דינאַסטיע, קאַנט האָט ארויסגעטריבען די גאָטהייט פון דעם קעניגרייך פון פאַרנונפט און האָט אויפגעטרייסעלט דעם פונדאַמענט פון גלויבען. די געלערענטע האָבען דאַן געגלויבט אז זיי קענען אפילו די אויבערפלעכע פון דער ערד ענדערען, אדער אנצייגען איהר א וועג אין איינקלאַנג מיט די אייביגע געזעצען פון אבסטראַקטער לאָגיק. וואָס זשע פאַר אַן אנדער טעאָריע וואָלט געקאָנט זיין מעהר נאַטירליך אין צייטיג דאַן ווי די אז די אידעע באשטימט די אנטוויקלונג פון דער מענשהייט און הערשט אומבאַגרענעצט איבער איהר שיקזאַל?

אויב אבער די אנטשטעהונג פון קאַנט'ס פילאָזאָפיע איז א נויטווענדיגע אפּשפּיגלונג פון דער צייט אין וועלכער איהר באַשאַפער האָט געלעבט, אויב אַט די פילאָזאָפיע האָט איז די באַדינגונגען פון איהר צייט געפונען גענוג גרינדע פאַר איהר עקזיסטענץ, איז פונדעסטוועגען די דאָזיגע טעאָריע וועגען דער אנטוויקלונג פון דער מענשהייט גאַנץ ווייט פון צו זיין אמת. מיר האָבען שוין אויבען געזעהען אז אפילו קאַנט אליין, הגם ניט ווילענדיג, האָט זיך באַצויגען צו איהר קריטיש, צוגעבענדיג אז זי איז ניט אַנווענדבאַר אויף דער פּעריאָדע וואָס ציט זיך פון 14טען יאָהר־הונדערט ביז אונזער צייט. א פּעריאָדע אין וועלכער ניט די אידעע נאָר דער

# אכילעס לאריא

האנדעל האט באשטימט די סאציאלע אנטוויקלונג. וואס זשע קאן געזאגט ווערן וועגן א געשיכטס פילאזאפיע וועלכע גיט אליין צו, אז זי איז מאכטלאז אין דער דערקלערונג פון ניט ווייניגער ווי זעקס הונדערט יאהר פון היסטארישען לעבען? און דערצו נאך יאהר־הונ־דערטער וועלכע זענען אם מערסטענס אויסגעפארשט געווארען און וועלכע האבען דערגרייכט צו די העכסטע רעזולטאטען אין דער גאנ־צער מענשליכער געשיכטע. אבער אויסער דעם באשטעהט קאנט'ס הויפט טעות דעריין, וואס ער באטראכט דעם מענשליכען גדאנק און שכל ווי אן ערשטען פרינציפ וואס איז ניט קיין באשאפענער נאר וועלכער אנטוויקעלט זיך זעלבסטשטענדיג לויט נאך עפעס אן אי־נערליכען געזעץ. דאס אלעס פארשטעהט זיך איז ניט באגרינדעט. דער מענשליכער גדאנק איז גאנץ ווייט פון צו זיין אן „ערשטע אורזאכע" — א זעלבסט־באשאפענע זאך, וואס איז ניט אפהענגיג פון גארנישט. דער מענשליכער גדאנק איז גיכער א נויטווענדיגער פראדוקט און צופעליגע אפשפיגלונג פון דער ארומיגער ווירקליכקייט אין וועלכער ער לעבט און אנטוויקעלט זיך.

טאקע צוליב די אנגעצייגטע אורזאכען אנטזאגט זיך די מאדערנע ווירקליך־פאזיטיווע וויסענשאפט פון קאנט'ס טעאריע, און קומט צום שלוס, אז ניט די סאציאלע אנטוויקלונג איז דער פראדוקט פון דער גייסטיגער אנטוויקלונג נאר פארקערט. דאס לעצטע איז דער פרא־דוקט פון דאס ערשטע. אדער אין אנדערע ווערטער אז ניט דער גע־דאנקען בוי פון דער מענשהייט באשטימט דעם בוי פון איהר לעבען נאר דער לעצטער באשטימט דעם בוי פון איהר גייסט. פארשטעהט זיך, אז אט דער שלוס שעפט ניט אויס די פראבלעמע ווייל די סא־ציאלע אנטוויקלונג אדער די געזעלשאפטליכע פארמען פון מענשען איז אליין א פראדוקט פון אן אורזאכע וועלכע נויטיגט זיך אין בא־לייכטונג. פונדעסטוועגען איז דא גענוג גרינדע צו באהויפטען, אז קאנט'ס טעאריע איז אויף אימער פאראורטיילט.

אבער דאס איז נאך ניט גענוג. ווען קאנט'ס טעאריע זאל זיין ריכטיג דאן וואלט דער ערפאלג פון גדאנק שטענדיג געדארפט געהן האנט אין האנט מיט דעם ערפאלג פון דעם פאליטישען און סאציאלען לעבען. אין דער אמת'ן טרעפט זיך אפט פונקט פארקערט: אין לענדער

וואו דער פּאָליטישער און סאָציאַלער לעבען שלעפּט קוים זיין קלעגליכע עקזיסטענץ, געפינענדיג זיך אונטער דעם דרוק פון טיראַנען טרעפען מיר אָפט א מעכטיגען אויפשוואונג פון א גייסטיגען לעבען, א פּרעכטיגע פאַנאַנדערבליהונג פון ליטעראַטור, וויסענשאַפט און קונסט. און דאָס איז ניט קיין צופאַל נאָר א נויטיגער און ליכט, דערקלערבארער רעזולטאַט פון געזעלשאַפטליכען צושטאַנד. די פריידלאָזע שווערע באַדינגונגען פון געזעלשאַפטליכען לעבען שטויסען אוועק די אָם מערסטענס באַגאַבטע מענשען פון די געביעטען פון דער פּאָליטיק און פון דער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט און באַוועגט זיי אוועקצוגעבען זייערע כוחות צו א אידעע וועלכע ברענגט אָפט אַזוינע וואונדערבארע פרוכטען. און דערפאַר טאַקע זענען די עפּאָכען פון דער גרעסטער סאָציאַלער פאַנאַנדערפאַלונג גלייכצייטיג אויך די עפּאָכען פון דער העכסטער גייסטיגער פּראָדוקטיוועטעט. פון די פילע ביישפּילען וועלכע פאָרדינען דערמאָנט צו ווערען, וועט זיין גענוג צו דערמאָנען די צייט פון פּעריקלעס אין אַטהען, פון לעאָ דעם 19טען אין איטאַליען, פון מילטאָן אין ענגלאַנד. דייטשלאַנד האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון דער פילאָזאָפיע דורך קאַנט, שעלינג און העגעל אין דער צייט פון אן אבסאָלוטער רעאַקציאָנערער הערשאַפט. דאָס אלעס דערצעהלט אונז גאַנץ עטוואס אנדערש ווי דער פּאַראַלעליזם פון גייסטיגער און סאָציאַלער אנטוויקלונג. צווישען די צוויי גרויסע ערשיינונגען פון מענשליכען לעבען ליגט גיכער א טיפער אָפּגרונד וועלכע עס וועלען אפשר קאָנען אויספילען די געזונטע שטרעמונגען פון דער צוקונפטיגער אנטוויקלונג.

איך האָב אויף דעם אופן געוואָלט געבען אויף וויפיל עס וועט זיך מיר איינגעבען א קורצען עטיוד פון דער קאָנט'אישער דאָקטרין פון איהרע צווייפלאָזע פאָרדינסטען און טרויעריגע בלאָנדזשעניש, וועלכע האָבען זיך אין איהר געוואָרצעלט. געוויס ווערען איצט איהרע טעות'ן אנערקענט פון אלעמען אין דער איצטיגער צייט זענען שוין מעהר ניטאָ קיין באַדינגונגסלאָזע אנהענגער פון דער דאָקטרין, וועלכע מיר מעגען דערפאַר רעכענען שוין אלס איף אייביג באַגראָבען. אויב אבער אפילו עס איז איהר ניט באַשערט שוין נאָך אמאָל אויפלעבען וועט זי אבער שטענדיג פאָרדינען דערמאָנט צו ווערען אלס ערשטע

פראבע צו סיסטעמאטיזירען די סאציאלע ערשיינונגען. ווייל זיי אנטהאלטען אין זיך, ניט אכטענדיג אויף איהרע פילע טעות'ן, א גאנצע רייע פון טיפע אמת'ן פון וועלכע די סאציאלאגיע פון אלע צייטען קאן שעפען פאר זיך פיל ווערטפולע אנצייגונגען. מאנכע היינטיגע סאציאלאגען דארפען ווירקליך דאנקען קאנט'ן פאר פילע אויסגאנגספונקטען פון זייערע פארשונגען. ניט ווייניג גרונד באגריפען האט פון איהם גענומען ספענסער, וועלכער האט זיי אזוי מייסטערהאפט אנטוויקעלט אין זיינע „פרינציפען פון סאציאלאגיע“. ענליך צו קאנט'ן זענען אויך איינינגע פרינציפען פון דע גריפ'ס. די געניאלע אויספארשונגען פון טארד וועגען נאכהאמונג, זאגען אויך עדות אויף קאנט'ס איינפלוס, און אפילו גידינג'ס אינטערעסאנטע פראבע אויפצובויען א סאציאלאגיע אויף פסיכאלאגישע יסודות געפינט אין זיך א מעהר אדער ווייניגער אינדירעקטע פארבינדונג מיט דער לערע פון דעם פאטער פון פאזיטיוויזם. קאנט'ס טעאריע וועגען דער אפהענגיגקייט פון דער סאציאלער אנטוויקלונג אן דער אנטוויקלונג פון גייסט איז אהן צווייפעל פאלש. זי האט אבער גנגעבען דעם שטארקסטען שטויס צו דער אויספארשונג פון דער געשיכטע פון וויסען, גלויבען און איבערהויפט צו דער געשיכטע פון מענשליכען גערדאנק. די אויספארשונגען האבען דערגרייכט, א דאנק דער דערמאנטער דאקטרין, אזא באדייטונג און צוציהונג, וועלכע זיי האבען קיינמאל ניט געקאנט דערגרייכען, ניט פריהער און ניט שפעטער. און אויב דער קראפט מיט וועלכען קאנט האט געוואלט באפוצען דעם מענשליכען גייסט אלס הערשער פון געשיכטע און פראגרעס, איז ארויסגעריסען איז אבער דאך זיכער, אז א דאנק איהר אינערליכען גלאנץ וועט זי אויף אלע צייטען פארבלייבען די שעהנסטע באפוצונג און דער גרעסטער שטאלץ פון מענשליכען גערדאנק.

# דריטער קאפּיטעל.

## די סאָציאלאָגיע אויף ביאָלאָגישע יסודות.

די גרויסע אנטדעקונגען, וועלכע האבען פארשאפט דעם גרעסטען כבוד דעם מענשליכען שכל, זענען שטענדיג געמאכט געווארען צוויי מאל. צום ערשטען מאל ניט ווילענדיג עפּעס אזוי ווי אויף שפּאס, און שפּעטער צום צווייטען מאל מיט'ן פולען באוואוסטזיין פון דער גרויסער באדייטונג און נוצען פון דער אנטדעקונג. אויף דער ביהנע ניט מען שטענדיג דעם וואדעוויל נאך דער דראמא, אבער אויף דער ביהנע פון לעבען קומט דער וואדעוויל פאר פריהער, די שפּאסהאפּטע וואדעוויל־מעסיגע אנטדעקונג קומט אלעמאל פריהער פאר דער ווירקליכער און ערנסטער אנטדעקונג. נעקוס איז דורכגעפארען אפריקא מיט 21 הונדערט יאהר פאר בראטאלאמעא דע דיאצא: אמעריקא איז פון די אויסלענדער אנטדעקט געווארען נאך פאר קאלומבוס'ן. די שטיין קוילען, דרוקעריי, פולווער זענען באקאנט געווען צו די כינעזער פיל פריהער ווי זיי זענען אנטדעקט געווארען פון די ענגלענדער אדער פון גוטיענבערג'ן און שווארצ'ן, אבער אין די אלע פריערדיגע אנטדעקונגען האט געפעלט דער באוואוסטזיין פון זייער באדייטונג. דער באוואוסטזיין פון סאציאלען נוצען וואס מען קאן פון זיי ציהען פון די נייע פונקציעס אויף וועלכע זיי קאנען זיך ארויסווייזען צוגעפאסט. דעם כאראקטער פון די לעצטע אנטדעקונגען קריגען זיי ערשט שפּעטער אין דער צייט פון דער צווייטער אנטדעקונג. עס איז דערפאר גאנץ וויכטיג וואס די מענשהייט ליבט און דאנקט פאר די אנטדעקונגען און ערפינדונגען ניט די ערשטע נאר די צווייטע ערפינדער. די ערשטע האבען געשטרעבט בלויז צו פארשאפען פאר זיך עגאאיסטישען פארגעניגען, צו דער באפרידיגונג פון זייער איינענליבע אדער זיי האבען עס געטאן אויס לאנגווייליגקייט, די צווייטע

# אכילעס לאָריאַ

פארקערט האבען דאס דערגרייכט דורך פיל פערזענליכע ליידען און נויט און דערמיט האבען זיי אנגעווענדעט די אנטדעקונגען פאר דעם אלגעמיינעם נוצען. און האבען באשאפען פון זיי קוואלען פון אייביגען וואוילטאג פאר דער גאנצער מענשהייט.

עס וועט פאר אונז ניט אומניצליך זיין צו האבען אין זינען אט די דערמאנטע ערשיינונג, בשעת מיר טרעטען צו צו דעם אנאליז פון דער צווייטער, און אין פילע הינזיכטען העכערער, סאציאלאגישער שולע, וועלכע איז אויפגעבויט אויף די פרינציפען פון ביאלאגיע. אין גרונט גענומען זענען שוין כמעט אלע גרונט געדאנקען פון דער דערמאנטער שולע ארויסגעזאגט געווארען פון אנדערע פריערדיגע שרייבער. אזוי צ. ב. איז עס מיט דער אידעע, אז די געזעלשאפט איז אן ארגאניזם אן אידעע צו וועלכער די אנהענגער פון דיזער שולע שרייבען צו א זעהר גרויסע באדייטונג, מיר געפינען איהר שוין ביי פלאטאן, בעקאן, האבס (וועלכער איז אזוי אוועק אזוי ווייט אז ער האט דיזע אידעע אילוסטרירט מיט צייכנונגען) ביי רוסא און העגעל. די אידעע וועגען דעם בונד צווישען דער סאציאלאגיע און ביאלאגיע איז אפט ארויסגעזאגט געווארען פון קאנט'ן, וועלכער האט אין זיין קלאסיפיקאציע פון די וויסענשאפטען טאקע באטראכט די סאציאלאגיע אלס וויטערע אנטוויקלונג פון דער ביאלאגיע. די אידעע פון אנטוויקלונג ווערט נאך דורכגעפירט אין די ווערק פון העראקליט, העגעל און קאנט אין פון א גאנצער מחנה אנדערע נייע און אלטע שרייבער. אבער ניט קוקענדיג אויף דעם איז אלס דער באשאפער פון דער ביאלאגישער סאציאלאגיע אנערקענט הערבערט ספענסער. פאר וואס איז עס אזוי? דערפאר וויל ער האט דער ערשטער צונויפגעבראכט אין איין שטרענגער לאגישער באגרינדעטער סיסטעם די פילע געדאנקען וועלכע זענען פון די פריערדיגע דענקער נאר פארבייגעהענדיג בארירט געווארען. די פריערדיגע דענקער האבען בלויז געמאכט באהויפטונגען, ספענסער אבער האט זיי אלזייטיג באלויכטען און פארשטארקט מיט ערנסטע באווייזע.

איבערגעהענדיג פון זיינע ביאלאגישע אונטערזוכונגען צו דער אויספארשונג פון דער סאציאלאגיע האט ער זיך דערפֿילט, אזוי ווי

געטריבען דורך דעם שטראָם פון זיינע אייגענע אויספאָרשונגען צו דעם שלוס אז דער ביאָלאָגישער עלעמענט האָט די גרעסטע באדייטונג אין דער באַשאַפונג פון סאָציאַלע ערשיינונגען. ער ווארפט דערפאר אוועק קאָנט׳ס לערע לויט וועלכער דער אינטעלעקטועלער עלעמענט באשטימט מיט זיך דעם צושטאַנד פון דער געזעלשאפט און ער ערקלערט אנטשיידען אז ניט דער געדאַנק נאָר דער געפיל באַהערשט און באוועגט די וועלט. אדער אז דער מענש האנדעלט ניט אונטער דעם איינפלוס פון זיין שכל נאָר אונטער דעם איינפלוס פון זיינע געפילען און באגערן. דערפון שליסט ער, אז די סאָציאלע סטאַטיק און דינאַמיק קאָן אויסגעפאָרשט ווערען ניט דורך דעם צושטאַנד פון מענשליכען שכל נאָר דורך דער אויספאָרשונג פון דעם לעבען פון דעם יחיד גופא, אדער אין אנדערע ווערטער די געזעצען פון זיין ארגאניזם. ד. ה, אז ניט די פילאָזאָפיע נאָר די ביאָלאָגיע קאָן פאָר אונז אויפדעקען דעם סוד פון דער געזעלשאפטליכער ארגאניזאציע. דער אונשעצבאָרער דינסט פון דער ביאָלאָגיע פאָר דער סאָציאָלאָגיע ווערט קלאָר אזוי שנעל ווי מען לעגט נאָר אוועק א פונדאמענט פאר די אויספארשונג פון דעם געדאַנק אז יעדער אָרגאַניזם איז א געזעלשאַפט און יעדע געזעלשאפט אז אָרגאַניזם. יעדער אָרגאַניזם איז א געזעלשאפט דערפאָר ווייל ער שטעלט מיט זיך פאָר א קיבוץ פון צעלען, וועלכע זענען סאָלידאריש און ענג צוזאמענגעבונדען צווישען זיך. יעדע געזעלשאפט קאָן באטראכט ווערען אלס אָרגאַניזם, ווייל אויך זי באשטעהט פון צעלען (יחידים) וועלכע באשאפען אן ענגע פאראייניגונג צווישען זיך כדי צו דערגרייכען די אלגעמיינע צילען — וואס זענען נויטיג פאָר דער עקזיסטענץ און אנטוויקלונג פון קיבוץ. די אנאלאָגיע צווישען געזעלשאפט און ארגאניזם זעהט זיך אויך אָן אין פילע קלייניגקייטען, להיפוך צו די אומאָרגאַנישע קערפערס, וועלכע וואקסען בלויז אין זייער גרויס ניט בייטענדיג זייער אינוועניגסטען צוזאמענשטעל (אזוי צ. ב. וואקסען מינעראַלען דורך רעגעלמעסיגער אינקרוסטאַציע) וואקסען אבער די אָרגאַנישע קערפערס ניט נאָר אין זייער גרויס נאָר זיי קאָמפּליצירען זיך אין זייער סטרוקטור אלץ מעהר און מעהר פארנאנדערוואקסענדיג און שטרעבענדיג צו

א פראַגרעסיווער דיפערענצאציע פון זייערע ארגאַנען און פונקציעס. דאס זעלבע זעהן מיר אויך אין דער מענשליכער געזעלשאפט. די אנ־פאנגליכע (רודימענטארע) געזעלשאפטען זענען אינגאנצען ניט דיפע־רענצירט; יעדער יחיד איז ביי זיי גלייכצייטיג א סאָלדאט, א יעגער און א פישער, די דאקטוירים זענען גלייכצייטיג אויך פארשפרעכער נעגען שלעכטע גייסטער. דאס איז פונקט אזוי ווי ביי די נידעריגע אַרגאַניזמען וועלכע האָבען ניט קיין ספעציעלע ארגאנען פון עסען. באַוועגונגען, אטעמען און א. א. וו. און פונקט ווי די אנטוויקלונג פון אן ארגאניזם אין זייער דערנעהענטערונג צו א העכערער ארגאַני־שער פאָרמע ווערט באצייכענט דורך דער אויפבילדונג פון נייע אָר־גאַנען, פון וועלכע יעדער איינער דארף אויספילען א באזונדערע זעלבסטשטענדיגע פונקציע, פונקט אזוי איז אויך דער איבערגאנג פון דער מענשליכער געזעלשאפט פון א העכערער פארמע פון אנטוויקלונג באצייכענט דורך דער אויסבילדונג פון באזונדערע ספעציאליזירטע סאָציאַלע אַרגאַנען. אויף דעם אופן בילדען זיך אויס ספעציעלע אַרגאַנען פון סאָציאַלער פיטערונג (ערד ארבייט און האַנדעל), פון סאָציאַלער פארטיידיגונג (מלחמה, רעכטליכע באשיצונג א. א. וו.). אבער דאָס איז נאָך ניט גענוג. דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון לעבעדיגען אַרגאַניזם, וועלכער איז באַגאַבט מיט פארשידענע ספעציאליזירטע אַרגאַנען, איז די אינ׳וועניגסטע סאָלידאַריטעט צווישען זיי, זייער אבסאָלוטע אפּהעניגקייט איינער פון צווייטען, און א דאנק דעם אויב איינער הערט אויף צו ארבייטען, ווערען אויך די איבעריגע אומפעהיג׳ ווייטער צו ארבייטען. אזוי שנעל ווי דאָס האַרץ הערט אויף צו קלאַפען, הערען די לונגען אויף צו אַטעמען, דער מאַרד צו דענקען. א. א. וו. פונקט אזא סאָלידאריטעט איז אויך צווישען די אַרגאנען פון דער סאָציאַלער פאַראייניגונג, ווען עס איז ניטאָ קיין שטיין־קוילען, בלייבען די פאַבריק־ארבייטער לעדיג — ווען די ערד גיט ניט קיין רויע־מאַטעריאַלען, שטעלט זיך אָפּ די פּראָדוצירונג און עס שטאַרבט אָפּ דער מסחר, די אַרמעע האָט דאן ניט קיין געווער א. א. וו. און פונקט ווי אין דעם איינצעלנעם קערפּער זעהט זיך אָט די אפּהעניג־קייטען אַלץ מעהר וואָס מעהר דער קערפּער איז אנטוויקעלט. פונקט

אזוי איז אויך אין דעם געזעלשאפטליכען אָרגאניזם: צוזאמען מיט זיין וואוקס וואקסט אויך די דערמאָנטע סאָלידאריטעט. נאָך מעהר. דער לעבען פון לעבעדיגען אָרגאניזם, ניט רעכענענדיג די צופאלען און אויסערגעוועהנליכע קאַטאַסטראָפען, איז לענגער ווי דאָס לעבען פון זיינע באזונדערע טיילען: די צעלען ווערען צושטערט און צוריק אויפגעבויט, אָרגאנען באנייען זיך, און דער אָרגאניזם זעצט אלין פאָר זיין עקזיסטענץ. פונקט אזוי איז אויך דער לעבען פון סאָציאלען ארגאניזם לענגער ווי דער לעבען פון זיינע איינצעלנע צעלען אדער אינדיווידואומען פון וועלכע ער באשטעהט. אין *דער צייט וואָס דור נאָך דור געהן אין קבר אוועק, לעבט די געזעלשאָפט אייביג אדער פארשווינדט יעדענפאָלס* ניט פריהער פאר עטליכע יאָהר־הונדערטע.

אָבער דערמיט איז נאָך די ענליכקייט צווישען דעם אינדיווידועלען און סאָציאלען אָרגאניזם ניט פארענדיגט. אין דעם לעבעדיגען אָרגאניזם איז פאראן א דרייפאכער געוועב. דער ערשטער איז אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון דער ארומיגער וועלט און האָט אלס זיין אויפגאַבע — ארויסצוקריגען פון דער לופט די עלעמענטען וואָס זענען נוציליך פאר'ן אָרגאניזם, און אפטיילען די וואס זענען שעדליך. דאָס איז דער אויסערליכער געוועב (עקזאדערמא). דער צווייטער נעמט אויף די עלעמענטען וועלכע דארפען אסימילירט ווערען און ארבייט זיי איבער, דאָס איז דער אינוועניגסטער געוועב (ענדאדערמא). צווישען זיי געפינט זיך דער דריטער, וועלכער טיילט איין די לעבענס עליקסיר, צווישען דיזע צוויי געוועבען. דאָס איז דער מיטעלסטער געוועב (מעסאדערמא), וועלכער באשטעהט פון די בלוט־טראָגענדע רעהרען. אין דעם סאָציאלען גוף איז דער אויסערליכער געוועב דער קלאַס פון די קריגער און ריכטער, וועלכער פארטיידיגט דעם גוף: דער אינוועניגסטער געוועב — דער קלאַס פון ערד ארבייטער און פראדוצענטען, וועלכער פיטערט דעם גוף, און דער מיטעלסטער — דער קלאַס פון סוחרים, וועלכער פארטיילט די פראָדוקטען: אויף דעם זעלבען אויפ'ן פונקט ווי אין דעם לעבעדיגען ארגאניזם אנטוויקעלט זיך פון דער בלוט־סיסטעמע א נערווען־סיסטעמע, אזוי

אנטוויקעלט זיך אין סאציאלען ארגאניזם, פון דער קריגערישער קאסטע, א הערשענדער קלאס. און פונקט ווי אין דעם לעבעדיגען ארגאניזם פארלירט דער אויסערליכער געוועב בישלאכווייז זיין באדייטונג אין פארגלייך מיט די אנדערע צוויי, פונקט אזוי פאלט אויך די באדייטונג פון קריגערישען קלאס אין סאציאלען ארגאניזם אין פארגלייך מיט'ן מסחר — און פראדוקציאן. די מענשליכע געזעלשאפט אנטוויקעלט זיך כסדר פון א קריגערישען צושטאנד צום האנדעל — און פאבריצירענדען צושטאנד, און וואס מעהר די געזעלשאפט דערווייטערט זיך פון די ערשטע אויסשליסליך קריגערישע שבטים, דערנעהענטערט זי זיך אלץ מעהר און מעהר צו א סאציאלער פארמע, וועלכע איז נאך לײדער איצט אויך גאנץ ווייט, אין וועלכע די טעטיגקייט פון יחיד אנטוויקעלט זיך פריי און אומגעשטערט אינטער דעם וואהלטעטיגען שוץ פון אויביגען פרידען. אין איינקלאנג מיט דיזער אנטוויקלונג בייטען זיך גלייכצייטיג אויך די סאציאלע ארגאנען.

פונדעסטוועגען, כאטש עס זיינען אנגעצייגט געווארען אזוי פיל פארבינדונגען צווישען דעם סאציאלען און אינדיווידועלען ארגאניזם, קענען זיי נאך אונזער מיינונג ניט פארניכטען צוויי וויכטיגע פרטים, דורך וועלכע דיזע ארגאניזמען אונטערשיידען זיך. 1) דער לעבעדיגער ארגאניזם באשטעהט פון טיילען, וואס קענען פון איהם ניט אפגעזונדערט ווערען, בעת דער סאציאלער ארגאניזם באשטעהט פון אפגעזונדערטע טיילען. איין צעלע קאן זיך ניט אפטיילען פון דער צווייטער מיט וועלכער זי איז צונויפגעבונדען, בעת די סאציאלע צעלע — דער מענש — קאן זיך דערווייטערען פון די אנדערע, — פון זיינע מיט־בירגער, ער קאן זיך איבערקלייבען אין אן אנדער פלאץ, ער קאן פארטריבען ווערען פון זיין לאנד אין אנדערע ווייטערע לענדער. ער קאן דורך זעלבסטמארד פרייוויליג צושטערען זיין אינדיווידואליטעט. 2) אין דעם לעבעדיגען ארגאניזם זיינען דא דענקענדע ארגאנען — און ארגאנען וועלכע פארמאגען אט די איינענשאפטען ניט: פארקערט אין דעם געזעלשאפטליכען ארגאניזם, איז קיין מאנאפאליע אויף באוואוסטזיין פון איינצעלנע אדער פון געזעלשאפטליכע גריפען ניטא. די פעהיגקייט איז פארטיילט אין א גלייכער מאס צווישען אלע מיט־

גלידער פון דער געזעלשאפט. און בעת אין דעם לעבעדיגען ארגאניזם קאָנצענטרירט זיך דאָס באוואוסטזיין אויף א מעהר אדער ווענינער באגרענעצטער פעלד, ווערט עס אין דעם סאָציאלען ארגאניזם פאר־שפרייט איבער דער גאנצער געזעלשאפט. און דערפאר קאן מען אין דער מענשליכער געזעלשאפט ניט געפינען אזא באזונדערען ארגאן פון באוואוסטזיין, וואָס זאל זיין אזוי אפגעזונדערט ווי יענער וואס דער יחיד באזיצט, אין דער צייט וואָס אין דעם לעבעדיגען ארגא־ניזם, געפינט זיך אזא ארגאן אין א באשטימטען טייל.

פון דאָס געזאָגטע, איז געדרונגען נאָך איין זעהר וויכטיגער אונ־טערשייד, אין דער צייט וואס די אָרגאנען פון דעם יחיד לעבען אין ארבייטען פאר'ן וואהלזיין פון דעם גאַנצען ארגאַניזם, לעבען און אנטוויקלען זיך די יחידים זעלבסט ניט פאר'ן וואהלזיין פון דער גע־זעלשאפט, אדער פאר וועלכע עס איז פון זייערע באזונדערע פריוווי־לעגירטע אָרגאַנען, עס איז גאר פארקערט, די געזעלשאפט לעבט און אנטוויקעלט זיך פאר'ן נוצען פון די יחידים פון וועלכע זי באַ־שטעהט, די אלטע אנשויאונג פון אריסטאָטעל און אנדערע פילאָזאָפען, לויט נאָך וועלכער דער מענש איז געשאפען געוואָרען פאר דער רע־גיערונג און ניט די רעגיערונג פאר דעם מענשען, איז דערפאר איננאנ־צען אומבאַגרינדעט און עס ווייזט זיך ארויס פאר א סך ריכטיגער דער פארקערטער מעהר נאַטירליכער און מעהר באגרינדעטער געדאַנק, וועלכער איז צום ערשטען מאָל ארויסגעזאָגט געוואָרען פון האבס'ן, אז די רעגיערונג איז א מיטעל און דער אינדיווידואום דער צוועק, און עס קאָנען דערפאר דערלאָזען ווערען נאר אזוינע מיטלען און גע־זעצען, וועלכע זענען געווענדעט אויסשליסליך לטובת פון דעם מענש־ליכען מין.

פונדעסטוועגען קאָנען אָט דיזע וויכטיגע אונטערשיידען צווישען א געזעלשאפט און אן ארגאַניזם ניט טונקעל מאכען די עהנליכקייט צווי־שען זיי. און אויפ'ן גרונד פון דער אנאלאָגיע האלט ספענסער פאר מעגליך צו באהויפטען, אז די געזעלשאפט איז אן ארגאַניזם, הגם אן אייגענטימליכער אבער פאָרט אן אָרגאַניזם. די אַנאַלאָגיע צווישען געזעלשאפט און אָרגאַניזם איז פאר ספענסער'ן א ווערטפאָלע כלי זין

# אכילעס לאָריאַ

אין זיינע אויספאָרשונגען וועלכע זענען געווידמעט צו דעם אנאַליז פון דעם צושטאַנד פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, אין זיינע פארמען וועלכע אנטוויקלען זיך פּראָגרעסיוו, פונקט ווי דער לעבעדיגער, אזוי אויך דער סאָציאַלער אָרגאַניזם, זאָגט ער, זענען אונטערוואָרפען צו דיזעלבע געזעצען פון אנטוויקלונג, לויט נאָך וועלכע זיי שטרעבען פון איינאַרטיגער אומצוטיילטקייט צו א פילאַרטיגער צוטיילטהייט. און די אורזאַכע גיפא פון דער אָרגאַנישער סיי פון דער סאָציאַליזער אנטוויקלונג איז פונקט די זעלבע. פונקט ווי דער לעבעדיגער אָרגאַניזם אנטוויקעלט זיך דורכ'ן קאַמף אום עקזיסטענץ, וועלכער ענדיגט זיך מיט'ן זיעג פון די אמ־בעסטען צוגעפּאסטע און שטאַרקסטע און מיט דער פאַרניכטונג פון די שוואַכע, אזוי אנטוויקעלט זיך אויך דער סאָציאַלער אָרגאַניזם א דאַנק זיין קאַמף אום עקזיסטענץ, אין וועלכען עס זיגען די פעהיגסטע, די שטאַרקערע און די קליגערע יחידים און די שוואַכערע עלעמענטען ווערען פאַראורטיילט צום אויסשטאַרבען. די נאַטירליכע צוכטוואַהל איז דער ענערגישסטער פאַקטאָר פון דער סאָציאַלער אנטוויקלונג. פונקט ווי אויף דער אנטוויקלונג פון אָרגאַניזם ווירקט גלייכצייטיג מיט דער נאַטירליכער צוכטוואהל אויך דער איינפלוס פון דער ארומיגער סביבה, און די ירושה פון די צוגעקראָגענע איינענשאַפטען, פונקט אזוי איז אויך אין דער סאָציאַלער אנטוויקלונג. עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אז די מאָראַלישע אידעען, נייע אנטדעקונגען און נייע לעהרען, וואָס ווערען איבערגעגעבען בירושה פון איין דור צום צווייטען, זענען אין א הויכער מאָס א וויכטיגער פאַקטאָר פון אנטוויקלונג, וואָס זיין ווירקונג ווייזט זיך ארויס אין קאַמף פאַר עקזיסטענץ און וואָס אויף איהם האַלט זיך דער כסדר'דיגער שטרעבען פון מענשליכען מין צו הויכע אידעאַלען פון פּראָגרעס אהן אַן ענד.

אָט דאָס איז אין קורצע שטריכען די סאָציאַלע טעאָריע פון הערבערט ספּענסער, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר ווי יעדער קען זעהן, א סימעטרישע און קלוג אויפגעבויטע גאַנצע סיסטעם וועלכע רופט ארויס טיפע באַוואונדערונג און ערנסטע נאַכטראַכטען ביי יענע, וועלכע באַקאַנען זיך מיט איהר נעהענטער. ארום ספּענסער'ס

# די סאָציאָלאָגיע

נאָמען האָט זיך געבילדעט א שולע פֿון טאַלאַנטפֿולע און באַגייסטערטע יונגע געלערנטע (וואָרמס ליליענפֿעלד, דיורקהיים, נאָוויקאָוו, מעלאַק) וועלכע טייטשען אויס באַווייזען, דערקלערען און צייטענווייז איבערטרייבען אפילו די טעאָריע. די דערמאָנטע שרייבער ווערען געוועהנליך אָנגערופען „אָרגאַניסטען“, און באַנוצען זיך אינגאַנצען מיט ספּענסער׳ס אַנאַלאָגיע צווישען געזעלשאַפֿט און אָרגאַניזם. און מאַלען אויף אָט דעם לייהוועגט א סך וויסענשאַפֿטליכע אראבעסקען, אָפֿט גאָר מאָדנע. אויב ספּענסער איז אזוי שטאַרק באַשטאַנען אויף דער אַנאַלאָגיע, האָט ער אבער אַלעמאָל זיך געהיילט צו צוגעבען, אז די אַנאַלאָגיע האָט א ממשות נאָר אלס אַויסדרוק-מיטעל, א מיטעל וועלכער מאַכט מעגליך פֿאַרצושטעלען אין א פּלאַסטישער פֿאָרמע די געזעצען פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבען. אָט די קלוגע באַמערקונג האָבען זיינע תּלמידים פֿאַרגעסען צום באַדויערען. ניט נאָר אַנטוויקלען זיי זייער לערער׳ס משלים ביז צו די קלענסטע פּרטים, נאָר זיי באַנוצען זיך אויך מיט איהר אלס אויגענשיינליכען באַווייז. אלס דעם פֿונדאַמענט פֿון פֿילע סאָציאַלע געזעצען. דער דייטשער געלערנטער שעפֿלע איז אין דערין דערגאַנגען פּשוט ביז צו דאָס לעבערליכע אויסרעכענענדיג די סאָציאַלע אָרגאַנען, באַוועגונגס צענטרען, נערוועז און א. וו. אויך די אַנדערע סאָציאָלאָגען פֿון דער שולע זענען ניט מעהר איינגעהאַלטען, זיי באַשרייבען די סאָציאַלע מוסקולען, דעם סאָציאַלען הויפּט סימפּאַטי-נערוו, די סאָציאַלע לונגען, די געפֿאַס-סיסטעמע פֿון דער געזעלשאַפֿט ווערט לויט זייער מיינונג פֿאַרקערפּערט אין די שפּאַר קאַסען. א געוויסער פּראָפֿעסאָר פֿון סאָרגאָן האָט באַצייכענט די גלחים אלס „דעם פּעט-געוואָרענעם נערווען-געוועב, א באַצייכנונג וועלכע רופֿט ארויס א שמייכעל ביי יעדען וואָס האָט נאָר געזעהן די פֿעטע פֿיגורען פֿון אונזערע דאָרפֿישע גלחים. א צווייטער סאָציאָלאָג פֿאַרגלייכט די נערווען-פֿעדים מיט די טעלעגראַף-דראָטען און דעם מענשליכען מאַרך מיט א צענטראַלער טעלעגראַף סטאַנציע. א דריטער איז אַוועק אזוי ווייט, אז ער אונטערשיידעט מאַנזבילשע פֿון ווייבערשע רעגיערונגען. די מאַנזבילשע זענען נאָך זיין מיינונג יענע וועלכע באַזיגען און מאַכען אונ-

טערטעניג אנדערע רעגירונגען. יענע וואס ווערען באזיגט און אונטערוואַרפען זיך אונטער די ערשטע, זענען ווייבערשע רעגירונגען.

עס זעהט אוים אזוי ווי די אלע גוזמאות וואלטען כפּעציעל געהאט דעם צוועק צו דיסקרעדיטירען די דערמאַנטע לערע, און זייערע מחברים זענען אפשר א סך שולדיג אין דעם אומצוטרויען צו דער מאָדערנער סאָציאלאָגיע, וועלכען עס ווייזען ארוים פילע מענשען וואס זענען גאַנץ ווייט פון צו זיין קאָנסערוואטיוו אדער רעאקציאָנער. אויב אפילו מיר זאָלען צורוה לאָזען אַט די אלע איבערטרייבונגען און צוגאָבען פון די תלמידים, און ווענדען זיך צו די ארבייטען פון דעם לערער גופא, מוזען מיר זיך מודה זיין, אז אויך איהם איז ניט געלונגען קיין אנדער זאך ווי נאר צו פארבייטען דעם ערנסטען אנאליז פון די געזעלשאפטליכע ערשיינונגען אויף א שווערען באלאסט פון פרוכטלאָזע גלייכעניסען. מיר וואָלטען פון אונזער זייט געקאָנט געפינען נאך פיל מעהר בארירונגס פונקטען צווישען דעם סאָציאלען און אינדיווידועלען ארגאניזם. אָבער דורך דעם אלעמען וועלען מיר אפילו איין טריט פאָרווערטס ניט מאַכען אין דער אויספארשונג פון די געזעצען פון דער געזעלשאפט. מיר וועלען באשאַפען איניגע מעהר אָדער וועניגער פלאסטישע בילדער. אבער מיר וועלען ניט קאָנען מאַכען קיין שום פעכטען וויסענשאַפטליכען אַנאליז פון די ערשיינונגען וועלכע מיר פאָרשען אוים, און דאָס איז טאַקע, לפי ערך, דער רעזולטאַט וועלכען ספּענסער האָט דערגרייכט. זיינע סיסטעמאַטישע פארגלייכען גיבען איהם די מעגליכקייט פארצושטעלען די ערשיינונגען פון געזעלשאַפטליכען לעבען אין בילדער, וועלכע קאָנען איינעם געפעלען פון דעם שטאַנדפּונקט פון קונסט אדער ליטעראטור, און אנדערע קענען זיי פארעכענען פאר אומנאַטירליך און דעקאַדענטיש. וועלכע קאָנען אבער בשום אופן גארנישט ניט ערקלערען און גאָרנישט ניט באווייזען. דאס איז די אורזאכע פארוואָס ספּענסער'ס כאָציאָלאָגיע איז א ריין־באשרייבליכע און ניט קיין אנאליזירענדע. זי שטעלט מיט זיך פאָר בלויז דעם ערשטען שריט פון וויסענשאַפטליכער פאָנאָנדערארבייטונג, און קאָן נאָר דינען אלס צוגרייטונג אדער איינלייטונג צו א העכערער וויסענשאַפטליכער פאָרשונג.

# די סאציאלאגיע

אבער נאך מעהר ווי די אנאלאגישע מעטאדע פארדינט די גאנצע ספענסערשע סיסטעמע, אדער איהר גרונדגעדאנק, אז די סאציאלאגיע דארף געבויט ווערען אויף ביאלאגישע יסודות, א שארפע קריטיק. עס איז גענוג איהר אויבערפלעכליך צו באטראכטען, כדי זיך איבערצייגען אין די ווידערשפרוכען פון וועלכע דער דאזיגער געדאנק ליידעט. און ווירקליך, די סאציאלאגיע אלס א זעלבסטשטענדיגע וויסענשאפט, קאן פרעטענדירען צו לעזען די פראגע וועגען דעם, אויף וויפיל דער לעבען פון דער געזעלשאפט איז אונטערווארפען אונטער געזעצען וועלכע זענען פארשידען פון יענע צו וועלכע דער אינדיווידועלער ארגאניזם איז אונטערווארפען. אויב אבער מען נעמט אן אז די געזעצען וועלכע באהערשען דעם לעבען פון אינדיווידואום, באהערשען אויך גלייכצייטיג דעם לעבען פון דער געזעלשאפט, קומט עס לאגיש אויס, אז כדי צו ערקלערען די סאציאלע ערשיינונגען איז גענוג בלויז די ביאלאגיע, און די סאציאלאגישע וויסענשאפט האט דערפאר קיין שום עקזיסטענץ בארעכטיגונג ניט. קומט אלזא אויס אז אנשטאט צו פארשטארקערען די סאציאלאגיע וויל די דערמאנטע שולע איהר דערשטיקען גלייך ביי איהר געבורט. אבער אויסער דעם איז דאך קלאר פאר יעדען איינעם אז דער ביאלאגישער פאקטאר וועלכער איז געמיינשאפטליך פאר אלע ארגאנישע וועזענס גיט ניט דעם שליסעל צו פארשטעהן די סאציאלע ערשיינונגען, וועלכע זענען אם וועניגסטענס אין זייער מעהר קאמפליצירטע פארמען די אויסשליסליכע אייגענשאפטען פון מענשליכען מין. און ווירקליך, בלויז דער מענש פירט איין אין לעבען באשטימטע כללים, ערציהערישע יורידישע, דיסציפלינארע, נאר דער מענש ווייס פון פאליטישע, נאציאנאלע, אינטערנאציאנאלע באציהונגען, און שליסליך, — און דאס איז די הויפט זאך, — נאר דער מענש לעבט אין א געזעלשאפט. איך ווייס גאנץ גוט אז די ספענסערישע סאציאלאגיע האט וועגען דעם א גאנץ אנדערע מיינונג. ביי יעדער געלעגענהייט צייגען זיי אן אויף די געזעלשאפטען פון ביבערן, בינען און מוראשקעס, אבער ביים בעסטען ווילען, מיט דער גרעסטער אנשטרענגונג, וועלכע זיי צייגען ארויס מיט א פארגרעסערונגס־גלאז, איז זיי נאר געלונגען צו געפינען ביי די נידעריגע לעבע־

# אכילעס לאָריאַ

דיגע מינים אַז אויסערליכע מאַטעריעלע צונויפזאמלונג, איז אלע הינ־
זיכטען אַז אומבאוואוסטזיניגע און מעכאַנישע, וועלכע אַנטשטעהט
אינסטינקטיוו אונטער'ן דרוק פון אַלגעמיינער געפאר און וועלכע האט
קיין שום עהנליכקייט ניט מיט דעם ספּעציאליזירטען און קאמפּלי־
צירטען צוזאמענלעבען פון מענשען. אויב אלזא דער ביאָלאָגישער
פּאַקטאָר איז גילטיג פאר אלע אָרגאַנישע מינים, בעת דער סאָציאַלער
פאקטאר און די באַציהונגען וואס זענען מיט איהם צוזאמענגעבונדען
זענען נאר די אייגענשאַפטען פון דעם מענשליכען מין, איז די פראַגע
צו באַטראַכטען די ערשיינונגען פון דער צווייטער קאַטעגאָריע אלס
אומפארמיידליכע פאָלגען פון ביאָלאָגישע געזעצען, פּשוט אַ לאָגישער
אבסורד. עס איז קלאָר אַז אויף אויפצודעקען די סאָציאַלע ערשיי־
נונגען וועלכע קומען פאר אין דער מענשליכער געזעלשאפט, און וועל־
כע זענען ניטאַ אין די אנזאַמלונגען פון די נידעריגע מינים, איז שוין
ניט גענוגענד דער געמיינשאַפטליכער ביאָלאָגישער פאַקטאָר, נאר עס
פאָדערט זיך אַ ספּעציעלער פאקטאָר, וועלכער איז אייגענטימליך אויס־
שליסליך פאר דעם מענשליכען מין.

אט דער גרונד־טעות פּאַרפאָלגט ספּענסערס טעאָריע אין אלע
איהרע וויסענשאַפטליכע טעזיסען, און איז דער הויפּט גרונד פון אלע
איהרע חסרונות און ערנסטע טעות'ן. איבערהויפט וואַרפט זיך אין
די אייגען וואס זי איגנאָרירט אינגאַנצען דעם היסטאָרישען פאקטאָר,
בשעת זי ערקלערט די סאָציאַלע צושטאַנדען. עס איז גאַנץ פאַרשטענד־
ליך אַז די שולע וועלכע זעהט אין דער סאָציאָלאָגיע בלויז די ווייטערע
אַנטוויקלונג פון דער ביאָלאָגיע זאָל אַפּערירען בלויז מיט אַזעלכע
פּאַקטאָרען וואָס זענען געמיינשאַפטליך סיי פאר דעם מענשען און
סיי פאר די אנדערע נידעריגערע ברואים. די געשיכטע איז אַ גאַנץ
באַזונדערע ערשיינונג וועלכע איז אייגענטימליך בלויז דעם מענשען.
דערפאַר קען די ביאָלאָגיע איהר ניט איינשליסען אין איהר קרייז.
דאָס איז אויך די אורזאַכע, פאַרוואָס ספּענסער און זיינע תלמידים
מאַכען אַזוי אַפּט און מיט אַזאַ חשק אַ שפּאַציר אויף דעם גרענעצ־
לאָזען געביט פון דער פאַרהיסטאָרישער עפּאָכע. און רעדען אַזוי
וואַרים און מיט אַזוי פיל טיפזיניגקייט און געלערנטקייט, וועגען די

אומבאַרירטע וועלדער פון אמעריקאַ, אפריקאַ און אויסטראַליע. אין דער זעלבער צייט באַרירען זיי גאר ניט די געשיכטע, דעם היסטאָרי־שען לעבען פון דעם מענשליכען מין. אנדערש האַנדלען קענען זיי ניט די ביאָלאָגישע מעטאָדע קען זיך זיין זעהר גוט אין דער אויס־פאָרשונג פון דעם לעבען פון די נידעריגע ברואים. עס איז אבער איבער איהרע כחות פאַרנאַנדערצוקלייבען זיך אין די פאַרוויקלונגען פון דער מענשליכער קולטור, אין דעם קאָמפּליצירטען לעבען פון די היסטאָרישע געזעלשאַפטען. דערפאַר האַלט איך אז ספּענסערס טעאָ־ריע דאַרף באַטראַכט ווערען פאַר א שריט צוריק אין פאַרגלייך מיט קאָנט'ס טעאָריע, די לעצטע מיט אַלע איהרע חסרונות האָט פונדעסט־וועגען א סך לייכטער געמאַכט פאַר דעם פאָרשער צו געפינען דעם וועג אין דעם לאַבירינט פון דער געשיכטע; האָט איהם געהאָלפען אונטערשיידען די אַלערליי סאָציאַלע מדרגות וואָס פאָלגען איינע נאָך דער צווייטער, און האָט געשטערט אזוי צי אזוי זיי צוריקצופירען צו איין גרונד־פּרינציפּ. ספּענסערס לערע איז אבער פאַר אַט דער אויפגאַבע אינגאַנצען ניט צוגעפּאַסט. זי איז געצוואונגען זיך אפּצו־שטעלען פונקט אויפ'ן שוועל פון דער געשיכטע און איז דורכאויס ניט בכח אויסצופאָרשען די פאַרוויקעלטע און דיפערענצירטע ערשיי־נונגען וועלכע כאַראַקטעריזירען דעם היסטאָרישען פעריאָד פון געזעל־שאַפטליכען לעבען. זי קען גאַנץ גוט געבען א פאָלקאָמענע פילאָסאָ־פיע פון דער פאַרצייטיגער געזעלשאַפט, ערקלערען די פאַרהיסטאָרישע צייט, זי קען אבער ניט באַשאַפען קיין פילאָסאָפיע פון דער באַרבאַרי־שער ציוויליזאַציע, שוין אָפּגערעדט פון א געשיכטס־פילאָסאָפיע בכלל. און דערפאַר זעהען מיר טאַקע אז קאָנט'ס טעאָריע וואַרפט א העלע ליכט סיי אויף דעם קלאַסישען אלטערטום סיי אויפ'ן מיטעל אלטער און אפילו אויף דער מאָדערנער צייט, בעת ספּענסערס טעאָריע לאָזט אפילו אין שאָטען אַלע גרויסע היסטאָרישע עפּאָכען, אדער אין בעסטען פאַל באַלייכט ער זיי מיט א שוואַכער טונקעלער ליכט. אזוי אז נאָר מיט גרויסע שוועריגקייטען קען מען קוים, קוים אונטערשיידען זייערע אַלגעמיינע געשטאַלטען.

עס איז אַלזאָ קלאָר, אז די ביאָלאָגישע סאָציאָלאָגיע קען ניט

דערקלערען דעם ספעציפישען כאראקטער פון דער סאציאלער אנטוויקלונג און די ענדערונגען פון די פארשידענע פראגרעסיווע פארמען אין וועלכע זי דריקט זיך אויס. איך וואג צו באהויפטען, הגם דאס קען קלינגען פאראדאקסאל, אז די כפענכערישע טעאריע איז אנטי־עוואלוציאניסטיש. לויט נאך איהר איז די מענשליכע געזעלשאפט פאר פילע הונדערטער יאהרען פון איהר אנטוויקלונג א מיליטאריסטישע, וועלכע שטרעבט בלויז צו ווערען א פראדוקציאנס געזעלשאפט און קען דאס קיינמאל ניט דערגרייכען. די מענשליכע געזעלשאפט ווי ספענסער מאלט איהר, פארפאלקאמט זיך, דיפערענצירט זיך, קאמפליצירט זיך, פארמעהרט די מיטלען פאר איהר אנטוויקלונג, און דאך ניט קוקענדיג אויף דאס אלעס, פארבלייבט זי אימער די זעלבע אין איהרע וויכטיגסטע כאראקטער שטריכען אין איהרע הויפט געזעצען. אבער אין דער אמת'ן איז די זאך גאר ניט אזוי, אין איהר אנטוויקלונג געהט די מענשליכע געזעלשאפט דורך א גאנצע רייהע פון היסטארישע מדרגות, און אויף יעדער מדרגה נעהמט זי אן גאנץ באשטימטע באזונדערע פארמען, האט באזונדערע כאראקטער שטריכען און איז אונטערווארפען צו באזונדערע געזעצען. אין אנפאנג איז די געזעלשאפט קאמוניסטיש; שפעטער ווערט אלס איהר פונדאמענט אוועקגעלייגט די שקלאפעריי; נאך שפעטער איז זי פעאדאליסטיש און צום סוף קומט די סיסטעמע פון לוין ארבייט. אט די אלע פאזען פון דער היסטארישער אנטוויקלונג זענען גאנץ פארשידען איינס פון דער אנדערער: זיי האבען צווישען זיך אזוי פיעל בשותפות ווי א בין און א גארילא. אדער א פליג און א העלפאנד. פונדעסטוועגען פירט ספענסער צונויף אט די אלע פארשידענע פארמען אונטער איין רובריק, שטעלט זיי אלע אוועק אונטער איין פלאג, בלויז דערפאר, ווייל דער מיליטאריסטישער צושטאנד איז אלגעמיין פאר אט די אלע פארמען. איך וואלט פונקט אזוי גוט געקענט פאראייניגען די זשאבע, דעם אדלער און דעם מענשען אין איין קאטעגאריע, ווייל זיי האבען אלע בשותפות איין אלגעמיינעם סמן — דעם אטעמען.

ווייטער, אפילו דער פראסטער שכל זאגט, אז ספענסערס צווייטער טעזיס, אז אין דער מענשליכער געזעלשאפט הערשט דער אלגע־

# די סאָציאָלאָגיע

מיינער גענויע וועגען דער דערהאַלטונג פון די בעסער צוגעפאַסטע, איז אויך פאַלש. די ערפאַרונג לערענט אונז אז אין דעם מענשליכען קאמף פאר עקזיסטענץ זיעגען ניט די בעסער צוגעפאַסטע נאר די ביטרערע, די פארקויפטע און די רייכע; די באזיעגטע ווייטער שטאַרבען ניט אויס, נאר זיי לעבען, זיי מוזען לעבען כדי אויפצוהאַלטען די זיעגער. דערפאר זענען אין דעם געזעלשאַפטליכען קאמף אבוועזענד די עלעמענטען וועלכע מיר באגעגענען אין דעם ביאָלאָגישען קאמף — די עלעמענטען וואס האבען פון איהם א מעכטיגען פאקטאָר פון פארפאַלקאָמענונג און פראָגרעס.

דאָס אבער מיינט ניט אז מיר פאַראורטיילען אינגאנצען די דאָזיגע וויסענשאַפטליכע ריכטונג, וועלכע האָט פאָרט געגעבען א מעכטיגען שטויס פארוועערטס דער סאָציאָלאָגיע, און האָט אלס איהר פונדאמענט א סך אמת'ע און נוצליכע גרונד באגריפען ווי דאָס ווערט איצט פון אלעמען צוגעגעבען. הגם עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אז די מענשליכע געזעלשאַפט לעבט איהר אייגענעם לעבען, וועלכער איז אומאָפּהענגיג פון דעם לעבען פון די יחידים, פון וועלכע זי באַשטעהט, — איז אבער פונדעסטוועגען קלאָר אז די דאָזיגע יחידים זענען אָרגאַניזירטע באַשעפענישען, ביי וועמען דער געביט פון לעבען און מיטלען פון פאראייניגונג אין געזעלשאַפטליכע גרופען ווערט באַשטימט פון ביאָלאָגישע געזעצען. עס איז דערפאר גראָד קיין צווייפעל ניט, אז כדי צו פארשטעהן די געזעצען פון א סאָציאַלען אָרגאַניזם מוז מען פארשטעהן די געזעצען פון דעם אינדיווידועלען לעבעדיגען אָרגאַניזם, אין דעם זין וועט זיכער אויף אימער פאַרבלייבן אמת, אז די ביאָלאָגיע איז די פאָרבאַדינגונג פון דער סאָציאָלאָגיע. אין דעם באַשטעהט דער ערשטער עלעמענט פון אמת אין ספּענסערס טעאָריע, וואָס קיינער קען ניט אָפּלייקענען. אויסער דעם, הגם די אַנאַלאָגיע צווישען געזעלשאַפט און אָרגאַניזם, האָט ניט געבראַכט קיין גוואַלדיגע אנטדעקונגען, האָט זי דאָך פיעל מיטגעהאָלפען צו פארשטאַרקען דעם געדאַנק אז די געזעלשאַפט איז ניט קיין קינסטליכע שאַפונג פון מענשען, ניט קיין מאַשין וועלכע דער מענש האָט אויפגעבויט לויט זיין גוטען ווילען און קען פונקט אזוי

# אכילעס לאָריאַ

איהר צונעמען אדער ענדערען, נאָר א נאַטירליכער פּראָדוקט וועל־
כער איז אונטערוואָרפען צו שטרענגע געזעצען פון אנטוויקלונג און
פארפאָלקאָמענונג; א פּראָדוקט וועלכען דער מענש איז ניט בכח
וועזענטליך צו ענדערען אדער פארניכטען. אין דעם באשטעהט
טאַקע די מעלה פון ספּענסערס טעאָריע איבער קאַנט׳ס. דער לעצ־
טער באַטראַכטענדיג די סאָציאַלע ערשיינונגען אלס פּראָדוקט פון
מענשליכען שכל איז געווען גענויגט צום געדאנק, אז דער מענש איז
בכח צו ענדערען דעם געזעלשאפטליכען לעבען לויט זיין ווילען און
דערפאַר האָט ער גערען בארעכטיגט אלע רעפאָרמאַטאָרען און פאר־
שידענע פּראָיעקטען וועגען סאָציאַלער באנייאונג. ספּענסערס טע־
אָריע פארקערט, צושטערט אינגאנצען אזוינע אונזיניגע טרוימערייען
דערמיט, וואָס זי באווייזט אז די געזעלשאפט איז אן אָרגאַניש גאַנ־
צע זאַך וועלכע ווערט שטרענג רעגולירט דורך די אומפארענדליכע
געזעצען פון דער נאַטור, און אז דער געדאנק צו ענדערען דעם גע־
זעלשאפטליכען צושטאַנד לויט אונזער ווילען, אויף אן אדמיניסט־
ראַטיווען וועג אדער דורך פּאָליטישע רעפאָרמען איז פּונקט אזא
אונזין ווי למשל דער געדאנק אויסצוגלייכען דעם פוס פון א הונט
אדער פארוואַנדלען א פליג אין א העלפאַנד. סאָציאַלע רעפאָרמען
קענען אין בעסטען פאַל דערגרייכען בלויז אזוינע ניט וויכטיגע
רעזולטאַטען ווי עס קען דערגרייכען א מענש וואָס האָדעוועט
בהומות דורך אמיזאמער און אויסגערעכענטער צוזאמענפּאָרונג. פּונקט
ווי דעם לעצטען גיט זיך איין דורך לאנגע ארבייט אז דער פוס אדער
די קאָפּ פון אן אָקס אדער שעפּס זאָלען ווערען קלענער אדער שעהנער,
אזוי קען אויך געלינגען דעם רעפאָרמער דורך לאנגער און שווערער
ארבייט זיך צו דערשלאָגען צו קליינע אומבאַדייטענדע סאָציאַלע פאַר־
בעסערונגען. אין דער צייט וואָס קאַנט פארענדיגט זיינע אויספאַר־
שונגען מיט א גאַנצע רייע פּראָיעקטען פאַר קלענערע און גרעסערע
רעפאָרמען, ענדיגט ספּענסער זיינע מיט א קוויעטיזם וועלכער דער־
גרייכט ביי איהם ביז צו א קאַמף געגען סאָציאַליזם, געגען ארבייטער
פאַראיינען, געגען יעדער אריינמישונג פון דער רעגירונג אין געזעל־
שאפטליכען לעבען. דערביי פארגעסט ער אָבער אז די אלע ערשיינונגען

# די סאָציאָלאָגיע

זענען בלויז א טייל פון דער נויטווענדיגער געזעלשאפטליכער אנט־וויקלונג, גענען וועלכע א קאמף איז נוצלאָז. פונדעסטוועגען איז ספענסערס קוויעטיזם נעהנטער צום אמת ווי די רעפאָרמאטאָרישע באגייסטערונג פון זיינע פאָרלויפער.

ווען איך זאָל דאַרפען אויסשפּרעכען אַן אַלגעמיינע מיינונג אי־בער ספענסערס סאָציאָלאָגיע אין פאַרגלייך מיט קאַנט׳ס, וואָלט איך געזאָגט אז אלס טהאָט זאך פאר קאַנט׳ס סאָציאָלאָגיע דינט דער העכ־סטער אידעאַליזם — פּאר ספענסערס סאָציאָלאָגיע — דער טהירישער לעבען. קאָנטס רעדט אין נאָמען פון אידעען און באגריסט זיי אלס די אויבערשטע הערשער פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, ספענסער רעדט אין נאָמען פון צעלען, נערווען און זייערע אומבאַוואוסטזיניגע וויבראַ־ציעס. קאַנט שוועבט אין די וואָלקענס — ספּענסער גראָבט זיך אונ־טער דער ערד, אבער קיינער פון זיי ביידען שטעהען ניט מיט׳ן מענשען אויף דער ערד, און האָבען ניט קיין ווירקליך באַגרינדעטע מ ע נ ש ל י־כ ע פאַרשטעלונג· וועגען דעם סאָציאַלען לעבען. די סאָציאָלאָגיע איז גע־ווען געצוואונגען, פונקט ווי דיאָגענעס זיך אוועקצולאָזען זוכען א מענ־שען. האָט זי איהם געפונען? דאָס וועלען מיר זעהען אין אונזער ווייטערער אונטערזוכונג. דערוויילע אבער איז זיכער בלויז דאס אז פון דער גרינדליכער פאַרענטפערונג פון אָט דער פראַגע איז אַפּהענגיג די צוקונפט פון אונזער יונגער, האָפענונגספולער וויסענשאַפט.

# פערטע קאפיטעל.

## דער לעצטער פאזיס פון דער ביאלאגישער סאציאלאגיע.

די טעאריע פון דער ארגאנישער אנטוויקלונג, וועלכע קען נאר אליין, לויט דער מיינונג פון די אנהענגער פון דער ביאלאגישער סאציאלאגיע, דערקלערען דעם עצם פון דער סאציאלער אנטוויקלונג, האט אליין דורכגעמאכט א גאנץ אינטערעסאנטע אנטוויקלונג. פאר יערען איינעם וואס וויל אריינדרינגען אין די שווערע פראבלעמען פון דער סאציאלאגיע איז נויטיג א גענויע באקאנטשאפט מיט ד ע ר אנט־וויקלונג. פאר'ן ערשטען טעארעטיקער פון טראנספארמיזם, פאר לא־מארק'ען איז די אנטוויקלונג פון מינים א רעזולטאט פון בלויז אינדי־ווידועלע אנשטרענגונג, וואס ווערט אנגעווענדעט אינגאנצען אויף צו צופאסען זיך צו דער ארומיגער סביבה: איבער'חזר'נדיג זיך אין פאר־לויף פון א לאנגע צייט ווערען די דאזיגע אנשטרענגונגען מאדיפי־צירט און פארפאלקאמענען נאכדעם דעם געגעבענעם ארגאניזם און צו־זאמען מיט איהם אויך דעם גאנצען ארגאניזם. די דערגרייכטע פארפאלקאמענונג, דער רעזולטאט פון א שווערען קאמף מיט דער ארומיגער סביבה, ווערט בירושה איבערגעגעבען צו די קומענדע דורות. אויף דעם אופן, דורך דעם פרינציפ פון ירושה און דורך דער אומאויפ־הערליכער אנקלייבונג פון נייע אייגענשאפטען אין פארלויף פון פילע יאהרען, ווערט ענדליך דערגרייכט א ראדיקאלע ענדערונג אין דעם גאנצען מין אדער אפילו די באשאפונג פון א נייעם. דאס איז אין אלגעמיינע ווערטער לאמארק'ס טעאריע.

אט די טעאריע וועלכע איז גלייך ביי איהר אנטשטעהונג אויפ־גענומען געווארען מיט אומצוטרויען, איז שפעטער אינגאנצען ארויס־געשטויסען געווארען פון דער טיפערער און ברייטערער טעאריע פון דארווינען. דער דארוויניזם לייקענט ניט אז די סביבה, די צופאסונג

און דער איבערגאנג פון די צוגעקראגענע אויגענשאפטען בירושה זענען פאקטארען פון ארגאנישע אנטוויקלונג, וועלכע פארדינען פיעל אויפמערקזאמקייט. אבער זי ערקלערט אז די דערמאנטע פאקטארען האבען א פיעל קלענערען ווערט ווי די אנדערע. אויך וועלכע די פארשער האבען זיך נאך ביז איצט ווייניג ארומגעקוקט. די נאטירליכע צוכטוואל. היות ווי די מיטלען וואס זענען נויטיג פאר דער עקזיסטענץ, זאגט דארווין, זענען קיין מאל ניט גענוג אויפצוהאלטען דעם גאנצען סכום פון לעבעדיגע וועזענס, קומט צווישען זיי פאר א פארביטערטער קאמף פאר דער עקזיסטענץ, אין וועלכען די בעסער צוגעפאסטע און די שטארקערע געווינען און די שוואכע געהען אונטער. די אויפהאלטונג פון די שטארקערע, א דאנק דעם וואס זיי באזיצען מעהר פאלקאמענע ארגאנען, וועלכע זיי גיבען איבער בירושה צו די קומענדע דורות, איז א זעהר באדייטענדער פאקטאר אין דער פארבעסערונג און פארפאלקאמענונג פון די מינים און קען סוף כל סוף ברענגען צו דער באשאפונג פון נייע מינים.

די אנגעצייכענטע ברייטערע פארשטענדענים איז אנגענומען געווארען פון ספענסער'ן וועלכער האט באטראכט די ארגאנישע אנטוויקלונג אלס רעזולטאט פון דריי כחות: סביבה, אויסוואל און ירושה. די ווירקונג פון דער סביבה רופט ארויס אינדיווידועלע ענדערונגען אדער ברענגט אריין די פרימיטיווע דיפערענציאציע אין דער איינהייטליכער פראטאפלאזם: די נאטירליכע צוכטוואל נעמט אויף און פארשארפט יענע ענדערונגען וועלכע פארבעסערען דעם ארגאניזם, און ענדליך דער איבערגאנג בירושה פון די ערווארבענע אייגענשאפטען. אדער די ענדערונג פון דעם בוי, וועלכע אנשטעהט א דאנק דער אפטער באנוצונג און צופאסונג, און דורך וועלכע די יחידים און מינים ווערען נאך מעהר פארפאלקאמט. אט דער לעצטער פאקטאר איז דער וויכטיגסטער, איבערהויפט בנוגע די העכערע מינים און כפעציעל בנוגעה דעם מענשען, ביי וועמען די ווירקונג פון נאטירליכער צוכטוואל ווערט אפט אפגעשוואכט דורך דער ווירקונג פון אנדערע פאקטארען פון א געגענזעצטען כאראקטער. עס האט אויסגעזעהען אז די נייע לעהרע, וואס איז אויפ'ן ענגסטען אופן פארבונדען מיט די נעמען

פון דארווין און ספּענסער, וועט זיכער ווערען די הערשענדע אין דער ביאָלאָגישער וויסענשאַפט און דורך דעם אויך אין דער סאָציאָלאָגיע. אָבער שוין אין די זיבעציגער יאָהרען פון לעצטען יאָהר־הונדערט באַ־ווייזט זיך א נייע, אינגאַנצען פארשידענע לעהרע וועלכע האָט בים־לאַכווייז געוואונען אן איבערוואָג איבער די טעאָריען פון דארווין און ספּענסער. די נייע לעהרע קערט זיך אום צוריק צו דער איינזייטיגקייט פון לאַמארקען. זי אנערקענט אז דער איינציגער פאַקטאָר פון דער אָר־גאַנישער אנטוויקלונג איז די נאַטירליכע צוכטוואַל. אַלע אַנדערע פאַקטאָרען שליסט זי ענטוועדער אינגאַנצען אויס, אדער זי באַטראַכט זיי אלס שטומע, צופעליגע סטאַטיסטען.

אָט די נייע סטודיע אין דער טעאָריע פון אנטוויקלונג האָט צו פאַרדאַנקען איהר אנטוויקלונג דעם דייטשען נאַטור פאָרשער אוגוסט וויסמאַן. זיין פאַרדינסט באַשטעהט פריער פון אַלעם אין דעם, וואָס ער האָט קאַטעגאָריש אָפּגעלייקענט די טעאָריע אז צוגעקראָגענע אויי־גענשאַפטען ווערען איבערגעגעבען בירושה, וועלכע איז ביי לאַמארקען געוועזען דער אויסשליסליכער פאַקטאָר פון דער אָרגאַנישער אנטוויקלונג. לויט נאָך וויסמאַנען קענען אויף די קומענדע דורות איבערגעטראָגען ווערען בלויז די איינגעבאָרענע אייגענשאַפטען אבער בשום אופן ניט די ערוואָרבענע דורך איבונגען. אזוי צ. ב. ש. וועט א פאַרב־הויטיגע זיכער האָבען פאַרבהויטיגע קינדער, ווייל דאס איז אן איינגעבאָרענע אייגענשאַפט וועלכע יוערט אריבערגעטראָגען אויף די קומענדע דורות. אָבער א טענצער אדער א טענצערין, וועלכע האָבען דורך לאַנגע איבונ־גען אין טאַנצען געקראָגען זעהר שעהנע פיס, וועלען עס ניט איבער־געבען בירושה צו זייערע קינדער: די לעצטע קענען גראָדע ניט האָבען קיין שעהנע פיס. אדער א שוסטער וועלכער האָט א דאַנק זיין ארבייט געקראָגען אן אויסגעבויגענעם רוקען מוז ניט דוקא האָבען א זוהן מיט אן אויסגעבויגענעם רוקען; דער זוהן פון א פידעל שפּילער קריגט ניט בירושה די בויגזאַמקייט פון זיין פאָטערס פינגער, וועלכע זענען ביי יענעם דער רעזולטאַט פון אונאויפהערליכער איבונג. דאָס אַלעס זענען אייגענשאַפטען וועלכע דער יחיד האָט אליין זיך ערוואָרבען, און זיי געהען ניט אריבער בירושה צו די קומענדע דורות.

דערקלערענדיג זיין טעזיס הויבט ווייסמאן אן מיט דער באהויפטונג אז אלע ארגאנישע וועזענס באשטעהען פון צוויי שארף אפגעטיילטע עלעמענטען: פון דער אור־פלאזמא (קיים־פלאזמא) און פון די קערפערליכע צעלען. אלעס וואס איז ניט קיין פלאזמא ביים יחיד איז א צעלע. צווישען די צוויי עלעמענטען איז ניטא קיין געגענזייטיגע צוזאמענמישונג און קיין אויסטויש. ביים געבורט טראגט דער ארגאנישער וועזען אריבער אויף דעם ניי געבוירענעם א טייל פון זיין פלאזמא, אבער אפילו ניט דעם קלענסטען טייל פון זיינע צעלען. די ענדערונגען וועלכע קומען פאר אין די ארגאנען א דאנק צופיל אדער צו ווייניג איבונגען, אדער אין אנדערע ווערטער די מעלות און חסרונות וועלכע דער יחיד קריגט נאך זיין געבורט, זיינען אויסשליסליך פארשפרייט אויף די צעלען און רירען אפילו ניט אן די פלאזמא; די לעצטע איז אינגאנצען דערווייטערט פון די דערמאנטע ווירקונגען, ווייל זי איז איינגעשלאסען אין די טיפסטע טיפענישען פון דעם לעבעדיגען ארגאניזם. על כן קענען די ערווארבענע אויגענשאפטען ניט איבערגעהן צו דעם צווייטען דור. א ביישפיל וועט דאס פאר אונז קלאר מאכען, דער גאלדענער מעדאל וואס איז אינגאנצען באזעצט מיט טייערע שטיינער דארף נאכ'ן טויט פון יענעם, וועמען זי איז געגעבען געווארען צוריקגעקערט ווערען צום קעניג פון שפאניען, און ער שענקט איהר שפעטער צו א צווייטער פערזאן, דער פוטליאר אבער פון דעם ארדען פארבלייבט דער פריוואט אייגענטום פון יענעם וועמען דער ארדען איז געגעבען געווארען אדער פון זיין פאמיליע. פאלגליך, אויב דער איצטיגער באזיצער פון ארדען וועט באפוצען דעם פוטליאר מיט טייערע שטיינער וועט אבער דער וואס וועט דעם ארדען קריגען נאך איהם גאר ניט געניסען דערפון, ווייסמאנס פלאזמא איז פונקט ווי דער גאלדענער ארדען און די צעלען אזוי ווי דער פוטליאר. די ארגאנישע אויסבעסערונגען וועלכע האבען צו פארדאנקען זייער עקזיסטענץ צו איבונגען, ערנערונג אין א. ז. וו. זיינען אזוי ווי די טייערע שטיינער מיט וועלכע דער פוטליאר איז באזעצט. אבער פונקט ווי דער פוטליאר געהט ניט איבער צו די נאכפאלגענדע באזיצער, אזוי געהען אויך ניט איבער צו די קומענדע דורות די אלע ארגאנישע אויסבעסע־

רונגען, וועלכע די לעצטע האבען פאר זיך דערגרייכט: זיי פארבלייבען אינדיווידועלע עפיזאדען.

וויבאלד אבער אז עס ווערט אפגעלייקענט די מעגליכקייט איבערצוגעבען בירושה די ערווארבענע אייגענשאפטען, קען מען דאך שוין דורך דעם ניט דערקלערען די אנטוויקלונג פון מינים. מוז דערפאר די נאטירליכע צוכטוואל ערקלערט ווערען אלס דער אויסשליסליכער פאקטאר. אבער וויסמאן געהט נאך ווייטער, ער באהויפטעט אז די נאטירליכע צוכטוואל איז אויסער דעם אויך א תנאי פאר דער אויפהאלטונג פון די מינים. ער שטערט דער פארערגערונג אדער דער צוריקקערונג פון די מינים צו א נידעריגערער לעבענס פארמע. און באמת, ווען דער פראצעס פון נאטירליכער צוכטוואל זאל ניט עקזיסטירען וואלט דאן מעגליך געווארען דער פראצעס וועלכען וויסמאן רופט אן אלגעמיינע צוזאמענמישונג, וועלכע וואלט לויט זיין מיינונג געווען א פאקטאר פון ארגאנישער אויפלייזונג, אדער, וואס איז איינס און דאס זעלבע — פון א שרעקליכען אויסשטארבען. ווען עס וואלט ניט געהערשט דער קאמף פאר עקזיסטענץ מיט דעם זיעג פון די שטארקערע און דעם אונטערגאנג פון די שוואכערע, וואלטען די שוואכערע זיך משדך זיין מיט די העכסטע אינדיווידואומען פון דעם אנדער געשלעכט. אנשטאט וואס די פארפאלקאמסטע ארגאנען פון די לעצטע זאלען ווערען מעהר פאלקאם מיט יעדען נייעם דור, וואס דאס מוז זיין דער רעזולטאט פון חתונות צווישען ב ע ס ע ר ע וועזענס, וואלטען די דאזיגע ארגאנען פארערגערט געווארען און וואלטען זיך ביסלאכווייז אומגעקערט צום פרימיטיווען, נידעריגערען צושטאנד. ביז וואנען דער גאנצער מין וואלט זיך א רוק געגעבען צוריק צו די פריערדיגע ערשטע פארמען.

וועגען דעם פראצעס פון אלגעמיינער צוזאמענמישונג, אזוי גוט ווי וועגען זיינע שעדליכע פאלגען זאגען עדות גוט באקאנטע פאקטען וועלכע מיר קענען דירעקט באאבאכטען. די ווילדע וועלכע ערנערען זיך מיט רויע אדער שלעכט אפגעקאכטע פלייש, און וועלכע האבען צווישען זיך ניט קיין אמעריקאנער דענטיסטען וואס זאלען זיי אריינשטעלען קינסטליכע ציינער, מוזען, כדי צו דערהאלטען זייער לעבען

האבען געזונטע ציינער. דערפאר שטארבען טאקע אויס יענע פון זיי וואס האבען שוואכע ציינער. יענע אבער וואס האבען געזונטע ציינער בלייבען לעבען, האבען צווישען זיך חתונה און ברענגען אויף דער וועלט א דור מענשען, וועלכע האבען פונקט אזוינע גוטע ציינער אדער נאך בעסערע ווי זייערע עלטערען. אויף דעם אופן ווערען די ציינער פון די ווילדע אלץ מעהר אויסגעבעסערט. דער ציוויליזירטער מענש קען זיך גאנץ פיין אפלעבען זיין גאנצען לעבען מיט שלעכטע ציינער אדער גאר אהן ציינער. עס איז קיין אונטערשיעד ניט צי דאס איז דערפאר ווייל דער מאדערנער קאכער האט זיך אויסגעלערענט פון פלייש מאכען קאטלעטען וועלכע מען דארף כמעט ניט קייען, אדער דערפאר ווייל עס איז גענוג פאר יעדען איינעם נאר צו מאכען א פאר טריט און ער וועט געפינען א מייסטער וועלכער וועט איהם ארייינשטעלען קינסטליכע ציינער. די סטאטיסטיק זאגט עדות אז אין ענגלאנד אליין ווערען יעהרליך ארייינגעשטעלט א מיליאן און א האלב קינסטליכע ציינער. אויב אין אונזער געזעלשאפט געפינען זיך מענשען סיי מיט גוטע און סיי מיט שלעכטע ציינער, מוזען דאך זיכער פארקומען הייראטען צווישען אט די צוויי קאטעגאריען מענשען, ווי עס קומט אונז טאקע אפט אויס צו זעהן, אין אזא פאל גיט דער מאן געוועהנליך ניט איבער זיינע געזונטע ציינער צו זיינע קינדער און פאלגליך פארערגערען זיך אלץ מעהר די ציינער פון די קומענדע דורות אנשטאט וואס ביי די ווילדע פארבעסערט זיך עס. אויב אט דער באשריבענער פראצעס זאל זיך ניט באשרענקען בלויז אויף ציינער און זיך אויסשפרייטען אויף אלע וויכטיגע ארגאנען פון ציוויליזירטען מענשען. וואלט די פארהיטונג פון די אומפעהיגע, מעגליך מאכענדיג הייראטען צווישען די פעהיגע און אומפעהיגע, געבראכט מיט זיך א שרעקליכע אויסשטארבונג, וועלכע וואלט סוף כל סוף געבראכט די מענשהייט צום אונטערגאנג. דאס ערקלערט אונז ווארום וויסמאנס טעאריע שרייבט צו אזא גוואלדיגע באדייטונג צו דער נאטירליכער צוכט־וואל: לויט נאך איהם איז עס שוין ניט נאר דער איינציגער פאקטאר פון דער ארגאנישער אנטוויקלונג, נאר אויך דער איינציגער מיטעל וועלכער פארהיט דעם גאנצען מין פון צוריק־קערען זיך צו א װעניגער

פאַלקאַמענעם צושטאַנד: די איינציגע ערקלערונג וואָרום די מענשען ווערען ניט צוריק קיין מאַלפּעס.

אזוי זעהען מיר ווי די טעאָריע פון אנטוויקלונג האָט אַליין דורכגעמאַכט א גאַנץ אינטערעסאַנטע אנטוויקלונג. אין אנפאַנג האָט מען זיך פאָרגעשטעלט אז די אנטוויקלונג איז בלויז א פּראָדוקט פון איבערגעבען בירושה די ערוואָרבענע אייגענשאַפטען: נאָכהער, פון דאָס לעצטע און פון נאַטירליכער צוכטוואַל, שפּעטער הערט דער פּרינציפּ פון ירושה אויף צו שפּילען א וועלכע עס איז ראָלע און אלס איינציגער פאַקטאָר פון דער אנטוויקלונג ווערט ערקלערט די נאַטירליכע צוכטוואָל. און אַם ענדע ווערט דער לעצטער פאָררעכענט ניט נאָר אלס די אורזאַכע פון אנטוויקלונג נאָר אויך אלס אורזאַכע פאַר דער עקזיסטענץ פון מינים בכלל.

אין אַט דער נייער פאָרמולירונג האָט די טעאָריע פון דער אָרגאַנישער אנטוויקלונג געהאַט א גרויסען איינפלוס אויף דער סאָציאָלאָגיע. מאַנכע פון די נייע געלערענטע האָבען זיך אנגעכאַפּט אַן וויסמאַנס טעאָריע, און האָבען איהר פאַרוואַנדעלט אין א כלי זיין געגען די עקזעסטירענדע סאָציאַלע טעאָריען. ווען מען זאָל קענען אננעמען, זאָגען זיי, אז ערוואָרבענע אייגענשאַפטען ווערען איבערגעגעבען בירושה, וואָלט מען געקענט אננעמען די מעגליכקייט פון מענשליכען פּראָגרעס אפילו דאן ווען א י ן ד ע ר ג ע ז ע ל ש א פ ט  ו ו א ל ט  ק י י ן ק א מ ף  פ א ר  ע ק ז י ס ט ע נ ץ  נ י ט  ז י י ן. אויב אבער דאָס ירש'ענען פון די ערוואָרבענע אייגענשאַפטען איז אויסגעשלאָסען. אויב אַלע פאַקטאָרען פון דער אָרגאַנישער אנטוויקלונג ווערען צוריקגעפיהרט צו איינעם, צו דער נאַטירליכער צוכטוואַל, און אויב דער לעצטער איז אייך דער הויפּט מיטעל פאַר דער פאַרהיטונג פון די מינים פון אונטערגאַנג אדער אויסשטאַרבונג, וועט דער קאַמף צווישען די לעבעדיגע וועזענס, דער בלוטיגער און פאַרביטערטער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, וועלכער ברענגט די פאַרניכטונג פון וועניגער צוגעפּאַסטע, אויף אימער פאַרבלייבען די באַדינגונג פון דער געזעלשאַפטליכער אנטוויקלונג, דער פּרייז וואָס מען מוז באַצאָלען פאַר דעם פּראָגרעס און די גלייכגעוויכט פון דער געזעלשאַפט. עס איז דערפאַר

דורכאויס נויטיג אויף יעדען אופן צו ערמוטיגען דעם קאמף צווישען אלע לעבעדיגע וועזענס אין דער געזעלשאפט, דעם קאמף וואס ווייס ניט פון קיין אפרוה און פון קיין וואפען־שטילשטאנד, ווייל בלויז אן איהם זענען אפהענגיג די אנטוויקלונג און דער לעבען פון דער געזעלשאפט.

אמאן, נאכפאלגענדיג ווייסמאנען, ווייזט אין זיין ארבייט „דער געזעלשאפטליכער געבוי און זיין נאטירליכער באזיס“, אויף דער אלמעכטיגקייט פון דער נאטירליכער צוכטוואל, און באמיט זיך צו באווייזען אז די לעצטע איז פונקט אזוי גילטיג פאר דעם מענשליכען מין ווי פאר די נידעריגערע וועזענס ברואים. פונקט ווי אין דעם קאמף פאר עקזיסטענץ צווישען די נידעריגערע ברואים, זאגט ער, זיגען די שטארקע און די שוואכערע געהען אונטער, אזוי איז עס אויך אין סאציאלען קאמף, די שטארקערע זיעגען. היות אבער ווי פאר די זיעגער דארפען פאררעכענט ווערען די רייכע בעת די ארימע זענען די באזיעגטע, ווערט דערפון געדרונגען, אז רייך און שטארק — ארים און שוואך, זענען סינאנימען. אין אנדערע ווערטער הייסט עס אז די רייכע — דאס זענען מענשען וועלכע זענען באשאנקען מיט אלע פעהיגקייטען, און די ארימע זענען דורכאויס טויגעניכטסען. באגרינדענדיג אויף דעם אופן זיין שטאנדפונקט נעמט זיך דאן אמאן קלאסיפיצירען אלע מענשען לויט זייערע פעהיגקייטען. ווייניגער פון אלע זענען פאראן געניעס, מענשען מיט אויסערגעווענליכע פעהיגקייטען. ווייטער, וואס קלענער עס זענען די פעהיגקייטען, אלץ גרעסער איז די צאל פון יענע וואס באזיצען זיי, ביז עס ווערט דערגרייכט דער דורכשניט, וואס דאס זענען די גרויסע מערהייט. מיט דער ווייטערער פארקלענערונג פון די פעהיגקייטען הויפט שוין אן די צאל פון יענע וואס באזיצען זיי צו פאלען, אם ענדע קומען די וואס האבען גאר קיין שום פעהיגקייט, די קרעטינער, וועלכע זענען פונקט אזוי זעלטען ווי די געניעס. די קרומע ליניע וואס שטעלט פאר די איינקונפטען פון דער געזעלשאפט, ווייזט אונז אן א עהנליכע בילד: זעהר ווייניג מענשען זיינען מיליארדערען, אבער מיט דער פארקלענערונג פון די איינקונפטען וואקסט די צאל פון יענע וואס קריגען זיי: ביז מיר קומען צו דער

מיטעלמעסיגער איינקונפט. וועלכע עס קריגען די מערסטע יחידים, מיט דער ווייטערער פארקלענערונג פון די איינקונפטען הויבט אויך אן צו פאלען די צאָל פון יענע וואס קריגען זיי, צולעצט קומען יענע וואס באזיצען גאָרניט, זייער צאָל איז פונקט אזוי קליין ווי די צאָל פון די מיליאָרדערען. דאָס, זאָגט אמאָן, באווייזט אלזא, אז רייכטום איז די אומפארמיידליכע פאָלגע פון פעהיגקייטען, אז אייגענטום איז דער שכר פאר טאַלאַנט, — וואס מעהר גייסטיגע כחות דער מענש באזיצט, אלץ רייכער איז ער.

אפילו א גאָר אויבערפלעכליכע באטראכטונג פון דער זאַך, רופט גלייך ביי אונז ארויס א צווייפעל אין דער ריכטיגקייט פון די אויבענגעבראכטע שלוסען. ניט אריינלאָזענדיג זיך אין געגויען אנאַליז פון דעם פאראלעליזם פון דער קרומער ליניע וועלכע דאַרף פאָרשטעלען די פאנאנדערטיילונג פון פעהיגקייטען און איינקונפטען, וועלען מיר בלויז דאָ באמערקען, אז אין דער ווירקליכקייט עקזיסטירט אזא פאראַלעליזם ניט. בעת די צאָל פון די מענשען וועמעס פעהגיקייטען זענען אונטער דעם דורכשניט, פון די וואָס דערנעהענטערען זיך צום סאמע גרענעץ פון פעהיגקייטען, — צום פולען אידיאָטיזם, ווערט רק קלענער און קלענער, וואקסט אבער די צאָל פון יענע וועמעס איינקונפט איז אונטער דעם דורכשניט. דערפאר איז די צאָל פון די אָרימע ניט נאר ניט גלייך צו דער צאָל פון די רייכע, נאר טאַקע באדייטענד גרעסער. אויב אפילו מיר זאָלען אויף דעם אלעם ניט קוקען, קען אמאָנ׳ס קרומע ליניע דינען אלס באווייז פאר זיין טעאָריע בלויז דאן, ווען מען זאָל קענען באווייזען אז די יחידים וואס געפינען זיך אין דער רייע אויף יעדער שטופע פון זיין קרומער ליניע פון איינקונפטען זענען די זעלבע וועלכע געפינען זיך אויף ענליכע שטופען פון דער ליניע אויך בנוגעה פעהיגקייטען. אבער אזא באווייז, פארשטעהט זיך ברענגט ניט אמאָן, און קען אויך ניט ברענגען. אָן אזא באווייז זאָגט אבער אמאָנס טעאָריע גאָרניט, און בארעכטיגט אויף א האָר ניט זיינע שלוסען. יעדענפאלס, ווייזט אויס, אז דער מחבר אליין פיהלט די גאנצע אומפאלקאָמענהייט פון זיין מעטאָדע, און כדי צו ראטעווען זיין טעאָריע פרובירט ער פאר איהר געפינען אנדערע באווייזע. אזוי צ. ב. ש. פאר־

זיכערט ער אונז אויפ'ן גרונד פון סטאַטיסטישע באַווייזע, אז די רייכע פאַמיליעס האָבען פון זיך ארויסגעגעבען א פיעל גרעסערען צאָל געלע־רענטע און קינסטלער ווי די אָרימע: ער דערציילט ווייטער אז ער האָט אויסגעמאָסטען די שאַרבענס פון עטליכע הונדערט רייכע און אָרימע מענשען און האָט שטענדיג געפונען אז דער שאַרבען פון די רייכע איז מעהר אנטוויקעלט. זעהר גרויס, לויט זיין אויסמעסטונג, זענען די שאַרבענס פון די באַנקירען, דערפון הייסט עס, פאָלגט אז זיי שטייגען אריבער אין זייער גייסטיגער אנטוויקלונג אַלע אַנדערע ב״שר־ודם׳ס. אָבער דאָס איז נאָך ווייניג. אַמאָן האָט אויסגעמאָסטען די היטלען פון רייכע און אָרימע, ער האָט זיך וועגען דעם פאַרנאַנדערגעפרעגט ביי אַסך היטעל־מאַכער, און זיי אַלע האָבען איהם פאַרזיכערט אז די היטלען פון די רייכע זענען שטענדיג קוואַנטיטאַטיוו גרעסער ווי די פון די אָרימע. איז דען נאָך עפּעס אַנדעריש נויטיג, אויף ארויסצו־געבען א פּאַטענט אויף טעמפּקייט צו אַלע ארבייטער פון דער וועלט, און א פּאַטענט אויף חכמה צו דער בורזשואַזי? אַזוי קומט אַמאָן צום שלוס אז אַלע רייכע מענשען צייכענען זיך אויס מיט זייערע פעהיגקייטען — אַלע אָרימע זענען אומפעהיגע נאַראַנים. אויף אַזאַ אופן איז די געזעלשאַפט אונטערוואַרפען אין איהר אנטוויקלונג צום גרויסען ביאָלאָגישען געזעץ פון נאַטירליכער צוכטוואַל. עס זיעגען בלויז די בעסערע, די שטאַרקערע, און זייער נצחון איז דער איינציגער פאַקטאָר און די וועזענטליכע באַדינגונג פאַר'ן פּראָגרעס.

עס איז פונדעסטוועגען גענוג בלויז אויבערפלעכליך באַטראַכטען די זאַך ווי זי איז אין דער ווירקליכקייט, כדי גלייך צו פאַרוואַרפען די פּרעטענזיע, אז די באַזיצענדע קלאַסען זענען כלומרשט גייסטיג העכער פאַר די אַנדערע, וואָס אַמאָן באַמיט זיך אַזוי שטאַרק פאַרצו־שטעלען אַלס אַן אַלגעמיינעם ביאָלאָגישען געזעץ. אויב מ'איז אפילו ניט מסכים מיט דער פאַרקערטער באַהויפּטונג פון אַזעלכע שרייבער ווי אדאַם סמיט און בוכער, אז די רייכע זענען ניט רייך ווייל זיי זענען קלוג, נאָר זיי זענען קלוג, ווייל זיי זענען רייך, מוז מען אָבער צוגעבען אז עס איז דאָ אין דעם מעהר אמת ווי אין דעם טעזיס וועלכען אַמאָן האָט פאָרמולירט. כדי עס צו באַווייזען איז גענוג צו

נעמען דעם זעלבען פאקט אויף וועלכען אונזער מחבר שטעלט זיך אפּ מיט אזוי פיעל פארגעניגען, ד. ה. אז די רייכע גיבען אפּטמאל און אין פארהעלטנים צו זייער צאהל מעהרער געלערענטע און ארטיס־טען. די אורזאכע דערפון איז וואס בלויז די פאמיליען וואס זענען מאטעריאל פארזארגט זענען ביכולות צו געבען זייערע קינדער די ער־ציהונג וועלכע מאכט פאר זיי מעגליך זיך שפּעטער צו פארנעמען מיט קונסט אדער וויסענשאפט. א טאלאנט קען זיך נאר פארנאנדערבלי־ען אין דער צערטליכער אומגעבונג פון רייכטום, אבער אין די שטרענגע ארעמים פון ארימקייט זענען די אויסזיכטען פאר זיין אנטוויקלונג שטענדיג זעהר שוואך.

זעהר פיעל באוואוסטע געלערענטע האבען צו פארדאנקען זייערע אנטדעקונגען צו זייער רייכטום. פון דער אנדערער זייט איז גענוג אפילו א גאנץ אויבערפלעכליכע באקאנטשאפט מיט דער געשיכטע פון דער אנטוויקלונג פון גרויסע פארמעגענס כדי צו קומען צו א שלום וועלכער איז פונקט דער היפוך פון דעם וואס באטראכט דאס רייכטום אלס שכר פאר העכערע פעהיגקייטען. איך וועל דא ברענגען בלויז איין ביישפיל, אן אינדישער שקלאף וועלכער איז אוועקגעשטעלט גע־ווארען אלס וועכטער ביים טעמפּעל פון סיוואַ, האט ביינאכט ארויס־גע׳גנב׳עט איינעם פון די גרעסטע בריליאנטען וועלכע זענען געווען גאט׳ס אויגען. ער האט זיך באהאלטען, איז דורכגעלאפען אזיע, איז אריבער דעם רוסישען גרענעץ און איז אנגעקומען אין פעטערבורג. דא האט זיך איהם איינגעגעבען דעם וואונדערבארען שטיין צו פאר־קויפען צו דער קייזערין יעקאטערינא פאר א מיליאן רובעל. פרעגט זיך, וואו איז דא דער טאלאנט וואס האט באשאפען דעם רייכטום? ווער וועט וואגען צו לייקענען אז ניט טאלאנט נאר גנבה איז דא געווען דער שאפער פון א גרויסען רייכטום: עס וואלט גאר ניט שווער זיין צו ברענגען א סך אזוינע ביישפילען און פון זיי ציהען געוויסע שלוסען.

אויב, אבער, זאגט ווייטער אמאן, די נאטירליכע צוכטוואל איז דער געזעלשאפט באשטימט אליין דעם נצחון פון די שטארקערע און מעהר צוגעפּאסטע עלעמענטען, מיינט דאס נאך ניט אז עס איז אויס־געשלאסען די מעגליכקייט צו דערגרייכען די זעלבע רעזולטאטען דורך

דער גייסטיגער אנשטרענגונג פון מענשען. אומגעקערט, אויב די אנט־וויקלונג און גלייכגעוויכט פון דער געזעלשאפט איז אפהענגיג אן דעם נצחון פון די שטארקערע, ד. ה. פון די רייכע, דארף די ארבייט פון שטאט פריער פון אלעס אנגעווענדעט ווערען אויף דעם וואס מעהר צו פארגרעסערען דעם צאל פון די לעצטע. בפרט נאך אז געוויסע ביאלאגישע פאקטארען ווירקען צו פארגרעסערען זייער שטערבליכ־קייט: זי דארף העלפען זייער נצחון און מיט אלע מיטלען פארשנעלע־רען די אויסשטארבונג פון די דעגראדירטע און ארימסטע קלאסען פון דער באפעלקערונג. און אמאן שעמט זיך אפילו ניט צו ברענגען א גאנצע רייע מיטלען דורך וועלכע אט דער פראצעס דארף דורכגעפירט ווערען.

אלס ערשטען מיטעל ,עקאמענדירט ער, עס זאל איינגעפירט ווע־רען א דירעקטער שטייער אויף די נויטיגסטע לעבענס־מיטלען. א שטיי־ער, וואס זאל גארניט אנרירען די רייכע קלאסען, און וועלכע זאל מיט איהר שווערקייט פאלען אויסשליסליך אויף די ארימע פאלקס־מאסען. גלייכצייטיג מוזען ארויסגעלאזט ווערען קאסטבארע רעגירונגס פאפי־רען, ווייל א דאנק זיי פארמערט זיך די צאל פון די פריווילעגירטע מענשען, וועלכע טיילען צווישען זיך אליין דעם גליקליכען פרייליכען לעבען, וועלכע שניידען קופאנען און אונטערזוכען די פראבלעמע פון אמת. די רעגירונג דארף אוועקנעמען דאס שטימרעכט פון אלע פראָ־לעטאריער אין אלע אדמיניסטראטיווע און פאליטישע פראגען, ווייל זיי שטעלען מיט זיך פאר דעם עלעמענט פון דער בירגערליכער געזעל־שאפט וואס איז אם נידעריגסטען אין זיין גייסטיגער אנטוויקלונג און אם אומריינסטען אין זיין מאראל. זי דארף אויך ערמוטיגען הייראטען צווישען יחידים פון איין און דער זעלבער קאטעגאריע, ווייל אזוינע הייראטען העלפען דער נאטירליכער צוכטוואל פאר די פארבעסערונג און דערהאלטונג פון זייערע ראפינירטע מעלות און פארהיטען אויך גלייכצייטיג פון דעם ביאלאגישען אומגליק פון אלגעמיינער צוזאמענ־מישונג. אבער דאס איז נאך ניט גענוג. עס איז נויטיג צו פאר־שפרייטען יעדע מעגליכע ראסען־אונטערדריקונג, ווייל דאס ווערט שטענדיג אנגעווענדעט אויף די נידעריגע מאסען, און דערמיט העלפען

זייער אויסשטארבונג. מלחמה מוז באגריכט ווערען ווייל אין יעדען פאל ענדיגט זי זיך מיט דער אויסשטארבונג פון די שוואכערע. לויט אמאנ'ס מיינונג פאלען אויפ'ן שלאכט פעלד בלויז די וועניגער צוגעפאסטע — די מוטיגע און פעהיגע בלייבען שטענדיג לעבען; עפעס פונקט ווי גראנאט, וועלכע ווישט אפ גאנצע רייהען פון קעמפער וואלט אויסגעקליבען איהרע קרבנות.

נאך פיעל שטיינבארערע אויפפירונגען פון וויסמאנס טעאריע האט געצויגען ב. קיד, אין זיין ארבייט איבער דער „סאציאלער עוואלוציע". היות ווי די אנטוויקלונג, אדער אפילו אומפארענדערבארער צושטאנד פון דער געזעלשאפט, זאגט קיד, קען נאר דערגרייכט ווערען דורך די נאטירליכע צוכטוואל אדער דורכ'ן קאמף פאר עקזיסטענץ, איז דאך קלאר אז צווישען די אינטערעסען פון דעם יחיד און די אינטערעסען פון דער געזעלשאפט מוז זיין א ווידערשפרוך וועלכער קען קיינמאל ניט אויסגעגליכען ווערען. דער פראגרעס פון דער מענשהייט, אזוי גוט ווי די נויטיגקייט צו פארמיידען א געזעלשאפטליכען רעגרעס, קען נאר דערגרייכט ווערען אויפ'ן גרונד פון דעם אומברהמנות'דיגען קאמף פאר עקזיסטענץ, וועלכער ברענגט מיט זיך אומגליק און פארניכטונג פאר פילע איינצעלנע מענשען. דערפאר, טאקע, איז בעת די מענשליכע געזעלשאפט דערגרייכט איהר העכסטע אנטוויקלונג און זאגאר א צושטאנד פון גלייכגעוויכט אונטער דער הערשאפט פון דער פרייער קאנקורענץ, וועלכע איז דער הויפט מאטיוו אין דעם קאמף פאר עקזיסטענץ, זענען די יחידים, אדער ריכטיגער, די גרעסטע צאל פון זיי, פאראינטערעסירט אין איינפירען דעם סאציאליזם, וועלכער איז א מיטעל פאר דער אפשאפונג פון דעם קאמף פאר עקזיסטענץ. מיט איין ווארט, דער שכל פון דער מערהייט מענשען פאדערען די איינפירונג פון א־א סארט סאציאלע ארדנונג. וועלכע איז בשום אופן ניט אין איינקלאנג מיט דער פראגרעסיווער עקזיסטענץ פון דער מענשליכער געזעלשאפט. פון דער צווייטער זייט איז אימער דא א געפאר אז די זיעגער זאלען ניט צופיל פארפירט ווערען פון זייער עגאאיזם — די געפאר וועלען ציהען צופיל נוצען פאר זיך פון זייער זיעג. דאס קען איבערייצען די באזיעגטע אין פאראורזאכען

# די סאָציאָלאָגיע

א סאָציאלע קאטאסטראָפע און פארבערייטען דעם אונטערגאנג פון דער גאנצער געזעלשאפט. קומט אלזא אויס אז דער שכל שטופט דעם מענשען צו אנטי־סאָציאלע טאַטען. אויב אזוי איז דאָך קלאָר אז אפהאלטען דעם מענשען פון אזוינע טאַטען וואס זענען שעדליך פאר דער געזעלשאפט קען מען נאר אפעלירענדיג צו אזוינע מאָטיווען. וועלכע שטעהען אויסער'ן שכל, אדער זיך שטיצען אויף איבער־ראציאָנאלע סאנקציעס. די רעליגיאָן פארנעמט גאנץ ערפאָלגרייך דעם פלאַץ פון דאס לעצטע. סטראַשענדיג פאר יעדער אנטי־סאָציאלער טאַט מיט אן איבערנאַטירליכער שטראף, האַלט זי אָפּ דעם מענשען פון אזוינע טאַטען, און פארזיכערט אויף דעם אופן אזא אויפפירונג פון די יחידים וואָס איז אין הסכם מיט די אויביגע געזעצען פון דער סאָציאלער אנטוויקלונג. די רעליגיאָן איז אויף דעם אופן דער פונדאַמענטאַלער באַזיס פון מענשליכען כלל, די געטליכע קראפט וואס העלפט זיין פראָגרעסיווער אנטוויקלונג און פארהיט איהם פון אונטערגאנג. עס דאַרף דערפאר גאר קיין וואונדער ניט זיין וואס דער רעליגיעזער געפיהל ווערט שטאַרקער פון טאָג צו טאָג, און וואס גראדע די געזעלשאַפטען וואס שעצען אם־מערסטען די רעליגיאָן זענען די בליענדסטע און ערפאָלגרייכסטע. דורך דעם וועג קומט קיד צו א שלוס וואס איז פונקט דער היפוך פון דעם צו וועלכען באקל איז געקומען. אין דער צייט וואס דער לעצטער האָט באטראכט די מאָראל אלס עטוואס אומגעוועגליכעס, און אלס הויפט פאקטאָר פון דער אנטוויקלונג פון דער מענשליכער געזעלשאפט, האָט ער געהאלטען דעם שכל, זעהט קיד אין דעם שכל א שטערונג צו דער געזעלשאַפטליכער אנטוויקלונג און באהויפטעט אז זי איז אפהענגיג אויסשליסליך פון דער וואלטעטיגער ווירקונג פון רעליגיאָן און מאָראל.

מען קען אלזא זעהן אז די ביאָלאָגישע טעאָריע פון דער געזעלשאפט קריגט אין קיד'ס ארבייט א פיעל ברייטערע באדייטונג און אנווענדונג, און זוכט איז צווייי ווערטער צו לעזען די צווייי גרעסטע פראגען פון אונזער צייט, וועלכע ווערען אריינגענומען אין די באגריפען, רעליגיאָן און סאָציאליזם.

מילא, לאָמיר באטראכטען די גרינדע אויף וועלכע עס שטיצען זיך

קיד און אמאן, און אנדערע שרייבער פון דעם זעלבען חדר. עס איז באוואוסט אז ווייסמאנ'ס באהויפטונגען לויט וועלכע דער איבערגאנג בירושה פון די ערווארבענע אייגענשאפטען ווערט אפגעלייקענט, איז שוין איצט א דאנק די נייע פאקטען פון באאבאכטונג און ערפארונג אליין אפגעלייקענט געווארען. אפילו ווייסמאן אליין איז שוין לעצטענס געווען געצוואונגען צו מאכען פיעל קאמפּראמיסען וועלכע האבען אונטערגעגראבען די גאנצע באדייטונג פון זיין טעאריע. עס איז ניט נויטיג צו ברענגען אלע אויסזעצונגען וואס זענען געבראכט געווארען געגען דער טעאריע, אבער מען דארף דערמאנען וועניגסטענס אז דער איבערגאנג בירושה פון ערווארבענע אייגענשאפטען איז פאר דעם מענשליכען מין באוויזען געווארען מיט איבערצייגענדע פאקטען. אזוי צ. ב. איז באקאנט אז די מאנגאלען, וועלכע ווערען געבוירען מיט קרומע פיס און אן עטוואס איינגעבויגענעם קערפער האבען עס צו פארדאנקען זייער שטענדיגען פארען רייטענדיג, צו וועלכען אט דער אומערמידליכער שבט גיט זיך אפ מיט ליבע שוין פון פילע הונדערטער יאהרען. אפילו די געזעצגעבונג פון פילע שבטים און פעלקער זענען אויך שטומע עדות דאפיר. אין דער הינזיכט פארדינט ספעציעל דערמאנט צו ווערען דער קאסטען־געבוי פון אינדיען און די מיטעלאלטערליכע צעכען, וועלכע האבען געצוואונגען דעם זוהן צו פארנעמען זיך מיט דער זעלבער מלאכה ווי זיין פאטער. דיזע פארשריפט איז באגרינדעט אויף דער אויסרעכנונג אז די ארגאנישע ענדערונגען. וועלכע דער פאטער האט זיך ערווארבען, פארנעמענדיג זיך ניט אויפהערענדיג מיט איין באשטימטער ארבייט געהן איבער בירושה צו זיין זוהן, און מאכען שוין איהם דורך דעם אם מערסטענס צוגעפאסט צו דער באשטימטער ארבייט. אפילו אין אונזער צייט ווען די ענגלישע אדמיראליטי דארף מענשען פאר דעם פלאט, גיט זי דעם פארצוג צו די קינדער פון פישערס, ווייל די ערפארונג האט באוויזען אז די פיזישע אייגענשאפטען וועלכע זיי נעמען איבער בירושה פון זייערע עלטערען מאכט זיי אם בעסטען צוגעפאסט פאר דער ארבייט. דאס אלעס איז פארשטעהט זיך פונקט דער געגענזאץ פון דעם וואס ווייסמאן לערענט. געוויס טארען מיר ניט פירען אונזערע שלוסען ביז דער באהויפטונג

# די סאָציאָלאָגיע

אז ערווארבענע אייגענשאפטען גיבען זיך אלעמאל איבער און אונטער אלע אומשטענדען. ווען דאס וואלט אמת זיין, וואלט דער מענש־ליכער מין געמוזט זיך צוטיילען אין פילע אפגעשלאסענע קאסטען. דער זוהן קאן ניט פארמשפט ווערען דורך די אומבארחמנות'דיגע גע־זעצען פארטצוזעצען דעם לעבען און ארבייט פון זיין פאטער, זעהר אפט גיט זיך די זיהן איין, א דאנק זייער טאלאנט דורכצוברעכען דעם צוים וועלכער האט באשרענקט דעם קרייז פון טעטיגקייט פאר זייער פאטער, און זיך אליין אויפצוהויבען צו א העכערער געזעלשאפטליכע שטעלונג. אזוי צ. ב. איז ליוטער דער זוהן פון א שאכטען־ארבייטער, קאנט דער זוהן פון אן ארבייטער, גיאטא דער זוהן פון א פאסטוך. אבער דאך מוזען מיר צוגעבען אז אין די מערסטע פאלען געהען די ערווארבע־נע וויסענשאפטען פון איין דור אריבער בירושה צום קומענדען דור אין דאס איז דער הויפט וויסענשאפטליכער ארגומענט ווארום וויסמאנ'ס טעאריע קאן ניט אנגעווענדעט ווערען אויף דעם מענשליכען מין.

פונקט אזוי פאלש איז אויך דער טרויעריגער בילד פון די רעזול־טאטען פון אלגעמיינער צוזאמענמישונג, מיט וועלכע וויסמאן האט אזוי לאנג געשראקען די מענשהייט. כדי זיך אין דעם צו איבער־צייגען דארף מען האבען אין זינען אז דער קאמף פאר עקזיסטענץ פארניכטעט בלויז א גאנץ קליינעם און אומבאדייטענדען טייל פון די לעבעדיגע ברואים. און דערפאר פארבלייבען לעבען, ביי אלע מינים, און איבערהויפט ביי מענשען גאנץ פילע פון די שוואכערע און ניט צוגעפאסטע יחידים. דערפון פאלגט אז די אלגעמיינע צוזאמענמישונג איז בשום אופן ניט קיין אויסשליסליכע ערשיינונג, וואס אנטשטעהט אויפ'ן גרונד פון אומנארמאלע באדינגונגען, נאר איז, פארקערט, אז ערשיינונג וועלכע מיר באגעגנען כסדר ביי אלע מינים לעבעדיגע ברואים. ווען אט די אלגעמיינע צוזאמענמישונג זאל ווירקליך וויר־קען אזוי פארניכטענד ווי וויסמאן וויל דאס האבען, וואלטען אלע מינים פון דער לעבעדיגער וועלט מיט זיך פארגעשטעלט איין גרויסען טרויעריגען בילד פון אויסשטארבען און רעגרעס. אבער ווי וויסמאן אליין גיט צו קומט אין דער אמת'ן פאר גאר עפעס אנדערש, אין אלע

ערשיינונגען פון לעבען הערשט דער וואלטעטיגער געזעץ פון פראגרעסיווער אנטוויקלונג.

אויף דעם איפן הייסט עס, אז די ביאלאגישע טעאריען, וועלכע די געגענווערטיגע סאציאלאגיע בויט אויף, זענען באזירט אויף שלעכט באגרינדעטע באהויפטונגען און זענען דורכאויס פאלש. נאכדעם ווי זייער הויפט פעסטונג ווערט צושטערט ווערט אויך פארוואנדעלט אין א בארג ברוך זייער גאנצע געביידע וועלכע זיי האבען מיט אזוי פיל מיה און קונץ אויפגעבויט.

דער ביישפיל פון די צוויי שרייבער, וועלכע איך האב אויסגעקליבען פון פילע אנדערע, דארף אונז פארהיטען פון באשאפען פאר זיך ביאלאגישע געטשקעס, וועלכע צייגען זיך אפט ארויס פאר פשוט'ע פעטישען, צו וועמענס כבוד מיר בויען אויף מזבחות אהן שום קריטיק איפ'ן חשבון פון אונזער שכל הישר. עס פארשטעהט זיך אז יעדע אנדערע וויסענשאפט מוז זעהן פאר זיך אויסצונוצען אזוי פיל ווי נאר מעגליך די רעזולטאטען צו וועלכע אנדערע וויסענשאפטען זענען געקומען, אבער נאר דאן ווען יענע רעזולטאטען זענען געבויט אויף פעסט באגרינדעטע אמת'ן, און ניט בלויז אויף השערות. מיר דארפען ניט פארגעסען אז אפילו דארווין'ס טעאריען זענען נאך ווייט פון צו זיין אויסער צווייפעל: פון צו זיין אומבאשטרייטבארע אמת'ן. מיר דארפען האבען אין זינען, אז שוין 4 טויזענד יאהר ווי פארשידענע מאנומענטען זענען באצירט מיט מענשליכע פנים'ער, וועלכע זענען דורכאויס ענליך צו די פנים'ער פון דעם געגענווארטיגען מענשען. און עס דאכט זיך אז זיי לאכען זיך אויס פון די אלע באמיהונגען פון דער מאדערנער ביאלאגיע, וועלכע זוכט צו פארשפרייטען די געזעצען פון דער אלגעמיין לעבעדיגער וועלט אויפ'ן מענשליכען מין.

לאמיר גערענקען די ווערטער פון צוויי בארימטע פארשטעהער פון דער פיזיק און ביאלאגיע — געלערנטע, וועלכע זענען זיכער געשטאנען איבער יעדען חשד פון וועלען אינטערשעצען די רעזולטאטען וועלכע זייערע וויסענשאפטען האבען דערגרייכט, אדער פון ניט וויסען וואס פאר א הילף זיי קאנען געבען דער סאציאלאגיע. פיערסאן, א פראפעסאר פון אנגעווענדעטער מאטעמאטיק אין לאנדאנער אוניווער־

זיטעט און א מיטגליד פון דער קעניגליכער געזעלשאפט, האט ניט לאנג צוריק ערקלערט אז די טעאריע פון דער ארגאנישער אנטוויקלונג האט נאך ניט דערגרייכט דעם פארענדיגטען און פינקטליכען אויסדרוק, וועלכער וואלט איהר קאנען דערהויבען צו א וויסענשאפטליכען אמת, און אז די סאציאלאגען וואס שטיצען זיך אויף איהר בויען זייער געביידע אויף זאמד, כמעט גלייכצייטיג מיט פיערכאנ׳ען האט אויך גראס, א פראפעסאר פון פארגלייכענדער אנאטאמיע אין רוים, געווארענט די סאציאלאגען געגען דער שלעכטער געוואוינהייט צו באגרינדען זייערע סאציאלע און פילאסאפישע סיסטעמען אויף פיזיאלאגישע און ביאלאגישע טעאריען, וועלכע קאנען בלויז באטראכט ווערען אלס פראבע אבער נאך ניט, דערווייל, אלס אומבאשטרייטבארע אמת׳ן. זאלען זשע אט די קלוגע ווארנונגען וועלכע קומען פון צוויי פארשידענע, אבער זיכערע קוועלען, העלפען אפהאלטען די סאציאלאגיע פון יענעם גליטשיגען וועג, אויף וועלכען זי איז אזוי אומפארזיכטיג ארויף, און וועלכע דראהעט אויף גאנץ לאנג אפצוהאלטען. ארער אויף אימער אוממעגליך צו מאכען פאר איהר, די פארווירקליכונג פון איהרע האפנונגען און צוזאגען.

## פינפטער קאפיטעל.

# די סאָציאָלאָגיע אויף אַן עקאָנאָמישען באַזיס.

עס טרעפט אפט, אז אז ערשיינונג וועלכע האט דאכט זיך גע־קאנט קלאר ווערען ווען זי האט זיך נאך געפונען אין איהר אנפאנג־ליכען צושטאנד ווערט ״ערקאנט ערשט דאן, ווען זי האט שוין דער־גרייכט איהר פולע אנטוויקלונג און אויסברייטונג, אזוי אז זי ווארפט זיך אלעמען אין די אויגען. דער בעסטער ביישפיל דערפאר איז דער געזעץ פון ארגאנישער אנטוויקלונג, וועלכער האט גאנץ לייכט גע־קאנט אנטדעקט ווערען אין די אייראפעאישע לענדער,ווייל מיר זעהן איהם טעגליך אין אונזער וועלט־טייל, באמת אבער איז דער געזעץ אנטדעקט געווארען פון דארווין און וואלאס אין די לענדער פון דער נייער וועלט, וועלכע זענען רייכער און פארשידענארטיגער אין זייערע חיות. בלויז דאן ווען אן ערשיינונג דערגרייכט שוין צו א געוויסער שטופע פון אנטוויקלונג און אויסברייטונג הויפט זי אן ווירקען אויף אונז און ציהען אונזער אויפמערקזאמקייט, און ערשט דאן ווערט עס א געגענשטאנד פאר אונזער פארשונג. אויב אפילו די טעאריע פון דער ערשיינונג געפינט פאר זיך באווייזע אויך דארט וואו די ערשיינונג גופא איז נאך אומאנטוויקעלט, ווערט אבער דער ערשטער שטיס צו איהר אויספארשונג געגעבען דארט וואו זי האט שוין דערגרייכט א ברייטע פארשפרייטונג און א באדייטענדע אנטוויקלונג.

דער בעסטער ביישפיל דערפאר איז די אנטוויקלונג פון דער סאציאלאגיע גופא, אדער דער וויכטיגסטער עפיזאד אין איהר גע־שיכטע, — די אנטדעקונג פון דעם עקאנאמישען באזיס פון די סא־ציאלע ערשיינונגען. באמת האט די אנטדעקונג געקאנט געמאכט ווע־רען אין יעדער היסטארישער עפאכע. מיט דער הילף פון ריינער לאגיק און עלעמענטארער באאבאכטונג, פונדעסטוועגען איז אין פאר־

# די סאָציאָלאָגיע

לויף פון הונדערטער יאָהרען, ווען די עקאָנאָמישע באַציהונגען האָבען נאָך ניט געשפּילט אזא וויכטיגע ראָלע און זענען געווען באַהאַלטען ווען די קליינע אינדוסטריע און אגריקולטור האָבען געשלעפּט זייער קלעגליכע עקזיסטענץ — האָט קיינער ניט געשענקט קיין אכטונג דעם עקאָנאָמישען באזיס פון דער סאָציאַלער אָרדנונג, און די אנטוויקלונג פון דעם לעצטען פלעגט אלץ זוכען צו דערקלערען דורך אינטעלעקטועלע אדער ביאָלאָגישע כחות. עס פארשטעהט זיך, אז אויך אין די פריהערדיגע צייטען זענען געווען מענשען וועלכע האָבען באַגריפען דעם ריכטיגען צושטאַנד פון זאַכען. עס איז גענוג צו דערמאָנען פון דער גרויסער צאָל אַלטע דענקער אריסטאָטלען, פון די שפּעטערדיגע העררינגטאָנען און פון די געגענווארטיגע ראָמאַנעסין. זיי אלע האָבען מיט מעהר אדער ווייניגער איבערצייגונגס קראַפט באַוויזען די אָפּהענגיגקייט פון דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג אן די עקאָנאָמישע ערשיינונגען. אָבער אין די אַלע פעלע האָבען מיר צו טאָן מיט די אנשויאונגען פון בלויז איינצעלנע וועלכע האָבען ניט געקראָגען קיין אלגעמיינע אנערקענונג, און וועלכע האָבען ניט געהאט דעם כאַראַקטער פון א שטרענג געבילדעטער געזעלשאַפט — מיט אנשויאונגען, וועלכע זענען גלייך ביי זייער געבורט דערשטיקט געווארען תּוך די הערשענדע פילאָזאָפישע מיינונגען. ערשט אין אָנפאַנג פון לעצטען יאָהר הונדערט, אין דער צייט פון דער אויסערגעוועהנליכער אויפבליהונג פון האנדעל, אינדוסטריע און קאַפּיטאַליזם, ווען די גראַנדיעזע אונטערנעמונגען און דער ברייט־אנטוויקעלטער קרעדיט האָבען באַשאַפען קאָלאָסאַלע רייכטימער און האָבען דערמיט פאַר אַלעמענס אויגען דעמאָנסטרירט זייער ווירקונג אויף דעם שיקזאַל פון פעלקער, — ערשט דאָן האָט מען באַגריפען אז די גרויסע מאָמענטען אין דער געשיכטע, פּאָליטיק און רעגירונג, די הויפּט ריכטונגען איז דער קאָלעקטיווער מאָראַל, דאָס אַלעס ווערט ניט באַשטימט דורך אבסטראַקטע סאָציאַלע אידעען, נאָר עס וואַקסט אויס אויף דעם פּראָזאַאישען באָדען פון עקאָנאָמישע באַציהונגען.

דער אמת איז צום ערשטען אנטדעקט געווארען. ווי עס איז אויך געווען צו ערווארטען, אין דעם לאַנד אין וועלכען די מאָדערנע עקאָ־

נאמישע באציהונגען האבען געקראגען א ברייטע און אימפאנירענדע אנטוויקלונג פריער ווי אומעטום, אין ענגלאנד. די ערשטע צוויי דענקער, וועלכע האבען פראקלאמירט דעם נייעם סאציאלאגישען אמת אין א גלענצענדער און פארענדיגטער פארמע זענען געווען מארקס און ענגעלס. צוויי וועלכע זענען פון זייער פאטערלאנד פארטריבען געווארען, און זייענדיג לאנג אין ענגלאנד האבען זיי זיך פערזענליך באקאנט מיט די מעכטיגע און פארבארגענע געזעצען פון געגענווארטיגען קאפיטאליזם. מארקס האט קלאסיש רעזומירט זיינע בעאבאכטונגען אין דער פאררעדע פון זיין בוך „צור קריטיק פון דער פאליטישער עקאנאמיע“, וועלכע ער האט ארויסגעגעבען אין 1859. „אויף דעם פעלד פון דער געזעלשאפטליכער טעטיגקייט, זאגט מארקס טרעטען מענשען אריין אין באשטימטע נויטווענדיגע באציהונגען. וואס זענען אומאפהענגיג פון זייער ווילען, — פראדוקציאנס באציהונגען, וועלכע זענען אין איינקלאנג מיט דער שטופע פון דער פראדוקציאן אויף וועלכער עס געפינט זיך די אנטוויקלונג פון זייערע מאטעריעלע פראדוקציאנס כוחות. דער גאנצער סכום פון דיזע פראדוקציאנס באציהונגען שטעלט צוזאמען דעם עקאנאמישען געבוי פון דער געזעלשאפט, דעם רעאלען באזיס, אויף וועלכען עס ווערט אויפגעבויט, א יורידישער און פאליטישער איבערבוי, אין איינקלאנג מיט וועלכען עס אנשטעהען געוויסע פארמען פון מענשליכען באוואוסטזיין. דער אופן פון פראדוצירען מאטעריעלע רייכטימער בישטימט מיט זיך דעם פראצעס פון סאציאלען, פאליטישען און גייסטיגען לעבען“. דאס זעלבע איז אויך אין איינינע זעהר אינטערעסאנטע ביכער געזאגט געווארען פון ענגעלס'ן. אויב אבער צו די צוויי אנגערופענע שרייבער באלאנגט דער כבוד פון באשאפען די נייע ריכטונג אין דער כאציאלאגיע, מוז מען דאך צוגעבען אז זיי האבען זייער טעאריע באגרינדעט גיכער אלס א דאגמע איידער אלס א סאלידע גוט באוויזענע טעאריע. זיי האבען ניט געשטרעבט לאגיש צו באגרינדען זייערע טעזיסען און האבען הארטנעקיג זיך באהאלטען הינטער דער פעסטער וואנט פון אקסיאמען. דאס איז טאקע דער אונטערשיד אדער בעסער געזאגט דער פארצוג פון די פארשטעהער פון די

# די סאָציאָלאָגיע

צוויי פריער באטראכטע שולען איבער די שעפער פון דער נייער סאציאלאגיע. קאנט און ספענסער באגרענעצען זיך ניט אויף בלויז אנווייזען די אינטולעקטועלע אדער ביאלאגישע גרונד־לאגען פון דער סאציאלאגיע, זיי זוכען מיט אלע מעגליכקייטען זייערע טעאריען צו באגרינדען. אבער ניט מארקס און ניט ענגעלס האבען עטוואס אזוינס ניט אונטערגענומען, זיי באהויפטען נאר אז דער עקאנאמישער צושטאנד איז דער באזיס פאר דער סאציאלער ארדנונג. אויף יעדען טריט ערקלערען זיי אז די פאליטישע עקאנאמיע איז די אנאטאמיע פון דער געזעלשאפט. ווען אבער מיר פאדערען פון זיי לאגישע באווייזע אדער ארגומענטען וועלכע זאלען בארעכטיגען זייער קורצע, אבער וויכטיגע באהויפטונג, ענטפערען זיי אונז: שטודירט געשיכטע און איהר וועט געפינען גענוג גרינדע פאר אונזערע טעזיסען. אבער דאס איז גאר ניט קיין צופרידענשטעלענדער ענטפער. די געשיכטע שטעלט מיט זיך פאר א זעהר עלאסטישען מאטעריאל וועלכען יעדער איינער טייטש אויס אויף זיין שטייגער און וועלכער גיט פונקט אזא וואפע אין די הענט פון די מאטעריאליסטען ווי פון די אידעאליסטען און די נאכפאלגער פון אנדערע אינטולעקטועלע ריכטונגען. דערפאר קאן דאס אפשיקען צו דער געשיכטע קיין מאל ניט דינען אלס א באגרינדונג פון ערגעץ א סאציאלער טעאריע. די לעצטע מוז באגרינדעט ווערען דורך שטרענג לאגישע און אומבאשטרייטבארע ארגומענטען.

זענען אין דעם פאל ווירקליך פאראן אזוינע באווייזע? זענען ווירקליך דא וויסענשאפטליכע באווייזע אז די עקאנאמיע איז די אורזאכע פון אלע סאציאלע ערשיינונגען? דאס איז די גרונד פראבלעמע וואס איז נאך ביז איצט פארבליבען ניט געלעזט, און וועלכע איך בין געצוואונגען איצט צו אונטערזוכען.

עס איז גענוג, בלויז אויפמערקזאם צו באאבאכטען דעם עקאנאמישען פאקטאר כדי צו באמערקען אז ער האט א קלארע און איבערוויגענדע באדייטונג אין דעם געבוי פון דער מענשליכער געזעלשאפט. פריהער פון אלעם איז דער עקאנאמישער פאקטאר אנווענדבאר בלויז אויף דער מענשליכער סביבה, אין געגענזאץ פון ביאלאגישען וועלכער איז געמיינשאפטליך פאר אלע ארגאנישע וועזענס. עס פאר־

שטעהט זיך, אז פאר א געלערענטען פערזאנט וואלט ניט שווער זיין אפצוזוכען אזוינע פאקטען אין דעם לעבען פון די נידעריגערע ברואים. וועלכע זענען ענליך צו עקאנאמישע באציהונגען, צ.ב. ווען א מאלפע ברעכט אפ א צווייג און קלאפט דערמיט אפ ניס פון א בוים, קאן מען זאגען, אז די מאלפע איז א קאפּיטאליסט, אדער אז זי נעמט אונטער אן אקט פון אקומולאציע. אבער דאס זענען ניט מעהר ווי וויסענשאפטליכע פיקציעס וועלכע קאנען ניט אפלייקענען דעם פאקט, אז ביי די נידעריגערע ברואים זענען קיין ווירקליכע עקאנאמישע באציהונגען ניטא; זיי איז אינגאנצען פרעמד דער הויפּט פונדאמענט פון עקאנאמישע באציהונגען — די פּראָדוקציאָן. זיי באזיצען בלויז די עלעמענטארע פעהיגקייטען צוצונעמען פאר זיך די *פאַרטיגע* פּראָדוקטען פון דער ערד. און אין דעם קאן מען בשום אופן ניט געפינען וועלכע עס איז עקאנאמישע באציהונגען. אויסער דעם איז אין דער געזעלשאפט פון די נידעריגע ברואים ניטא אפילו די וויטסטע ענליכקייט צו עפּוואס אזוינס ווי אויסטויש, פּראָפיט, רענטע אדער שכירות. מיר זענען דערפאר בארעכטיגט אנצונעמען אז דער עקאנאמישער פאקטאר אין זיינע וויכטיגסטע ערשיינונגען איז אייגענטימליך בלויז פאר דעם מענשליכען מין, און קאן דערפאר אהן צווייפעל אוועקגעלעגט ווערען אלס פונדאמענט פון די סאציאלע ערשיינונגען, וועלכע זענען אויסשליסליך מענשליכע.

אבער דאס איז נאך ניט אלעס. דער עקאנאמישער פאקטאר איז איינפאכער ווי אלע אנדערע סאציאלע ערשיינונגען. און עס איז ווירקליך ניט שווער איינצוזעהן אז דער מאטעריעלער פאקטאר פון פּראָדוצירען די נויטיגע לעבענס־מיטלען, פון זייער פאנאנדערטיילונג און פארברויך, איז פיל איינפאכער ווי אלע אנדערע ערשיינונגען פון סאציאלען לעבען, ווי מאראל, רעכט, פּאָליטיק, א. א. וו. כדי צו לעבען מוזען מענשען פּראָדוצירען, די פּראָדוצירטע פּראָדוקטען מוזען פאנאנדערגעטיילט ווערען צווישען די פּראָדוצענטען און א. וו. דאס זענען אלין אזוינע פאקטען וועלכע מיר קענען געפינען און באאבאכטען אפילו ביי די גאר פּרימיטיווע פעלקער. אבער ווארום מוזען זיי אין זייער לעבענסארט נאכפאלגען געוויסע רעגלען? ווארום מוזען זיי

# די סאָציאָלאָגיע

תפילה טאָן צו איבערנאַטירליכע וועזענס? צו וואס ווערען ארויסגעגעבען און איסגעפאָלגט געזעצען? דאס זענען שווערע פראגען. וואס פאר זייער ערקלערונג, אדער זאָגאר פאר זייער אויפנעמונג, פאַרדערט זיך פיל מעהר קלאַרקייט פון אנשויאונג און א מעהר ראפינירטע ציוויליזאציע. אויסער דעם קומט דער עקאָנאָמישער פאקטאָר אפילו נאך דער צייט נאך פריער פון אלע סאָציאלע ערשיינונגען. אויף דעם זאגט עדות דער קלאסישער שפּריך וואָרט: „פריער לעבען און נאכהער פילאָסאָפירען“. דער מענש מוז פריער פון אלעם פאר זיך שאַפען די נויטיגע מיטלען צום לעבען, און ערשט נאך דעם ווי זיי וועלען איהם געבען א מעגליכקייט צו באפעסטיגען זיין עקזיסטענץ, קען ער אנהויבען טראכטען וועגען שאפען געזעצען, וועגען מאראלישע סאנקציעס א. ז. וו. דאס הייסט אז די עקאָנאָמישע באציהונגען ווערען רעאליזירט פריער פון אלע אנדערע ערשיינונגען אין דעם מענשענס געמיינשאפטליכען לעבען.

פארשטעהט זיך, מיר מוזען האָבען אין זינען אז ערגעץ א פאקט קען זיך זיין איינפאכער פון א צווייטען און דאך ניט זיין די אורזאכע פון איהם, און דאָסזעלבע איז אויך בנוגע דעם פאקט וועלכער קומט פריער: דאס וואס ער קומט פריער מיינט נאָך ניט אז ער איז די אורזאכע פון דעם שפּעטערדיגען. דער פאקט צ׳ ב. ש. וואָס אין דעם יאָהר נאך צעזארס טויט (אזוי יעדענפאלס דערצעהלט מען) האָט די זון אויסגעקוקט בלייך און טונקעל, באווייזט נאָך ניט אז די אורזאכע פון אָט דער אסטראָנאָמישער ערשיינונג איז געווען דער טויט פון דעם דיקטאטאר. פונדעסטוועגען איז אָבער דער צוזאמענפאלען פון די אלע אייגענשאפטען וועלכע מיר באָאָבאכטען אין דער עקאָנאָמישער ערשיינונג ד. ה. דאס וואָס די לעצטע זענען גילטיג בלויז פאר דער מענשליכער געזעלשאפט, — זייער איינפאכקייט אין פארגלייך מיט אנדערע סאָציאלע ערשיינונגען, און דער פאקט וואס זיי קומען כראָנאָלאָגיש פריער פון אלע אנדערע, — א שטאַרקע שטיצע פאר דעם געדאנק אז די עקאָנאָמישע באציהונגען דינען אלס באַזיס פאר דער סאָציאלער אָרדנונג.

נאָך קלערער ווערט פאר אונז די אידעע אזוי שנעל ווי מיר

מאכען פאר זיך קלאר די גרונדלאגען פון דעם עקאנאמישען פאקטאר. באמת, ערשיינט אלס פאקטאר פאר די עקאנאמישע באציהונגען, די איז אלע צייטען אבכאלוטע, ניט פארענדערבארע צוטיילונג פון דער באפעל־קערונג אויף צוויי טיילען — דעם קלענערען טייל וואס באשטעהט פון באזיצער פון אייגענטום, וועלכע פראדוצירען גארנישט — און דעם גרעסערען וואס באשטעהט פון ארבייטער וועלכע האבען קיין שום אייגענטום ניט, און וועלכע שאפען אלעס בלויז פאר דעם וואלזיין פון די ערשטע. אפילו פאר די וועלכע זענען ניט גענויגט צו אונטער־זוכען די אורזאכען פון אזא צוטיילונג פון מענשליכען מין, איז קלאר אז די צוטיילונג איז ניט די ארבייט פון דער נאטור. די נאטור האט לכתחילה ניט באשאפען איין סארט מענשען וואס זאלען זיין קאפיטאליסטען און אנאנדער סארט וואס זאלען זיין פראלעטאריער. אדער ווי וואלטער זאגט, עס איז ניט דענקבאר אז איינינע זאלען געבארען ווערען זיצענדיג אויף א שטול און אנדערע מיט שפארען אויף די פיס. עס איז קלאר אז די עקזיסטענץ פון א קלאס, וועלכער ארבייט ניט און לעבט פון דער ארבייט פון א צווייטען קלאס, וואס איז פאראורטיילט זיין גאנצען לעבען צו ארבייטען פאר'ן ערשטען, איז ניט אנדערש ווי דער רעזולטאט פון א גרויסען עקאנאמישען פראצעס, וועלכער שליסט אויס די מעגליכקייט פאר דער גרויסער מאסע פון דער באפעלקערונג אליין צו פארברויכען די פראדוקטען פון זייער ארבייט. דורך דעם ווערען זיי פאראורטיילט צו דער נויטווענ־דיגקייט צו פארקויפען זייער ארבייטסקראפט צו דער הערשענדער מינדערהייט. די פאזיטיווע אויספארשונג האט ווירקליך אויפגעדעקט דעם דערמאנטען פראצעס סיי אין דער פארגאנגענהייט און סיי אין דער געגענווארט. די אויספארשונג באווייזט אז אין דער פארגאנגענ־הייט איז די מאסע געצוואונגען געווארען פון דער מינעדרהייט דורך דער סיסטעמע פון שקלאפעריי, און היינט ווערט דאסזעלבע געטאן דורך דעם וואס דער הערשענדער קלאס נעמט צו פאר זיך, אלס זיין פריוואט אייגענטום, די לאנד און די פראדוקציאנס ווערקצייג. מיט אייןווארט, די עקזיסטענץ פון דער קלאסען־צוטיילונג אדער די שטענ־דיגע געגענזייטיגע ווירקונג פון הערשאפט און עקספלואטאציע איז

דער רעזולטאַט פון מענשליכע גוואַלד־טאַטען און ניט דער רעזולטאַט פון דער פרייער אנטוויקלונג פון די נאַטור כחות.

ווען די צוטיילונג פון דער געזעלשאַפט אין קלאַסען פון אייגענ־טימער און ארבייטער וואָלט זיין א רעזולטאַט פון נאַטור געזעצען און אזא אומפארמיידליכער ווי צ. ב. ש. די פאַנאַנדערטיילונג פון דעם מעת־לעת אויף טאָג און נאַכט, וואָלט מען געגען דעם פארשטעהט זיך גאָר ניט געקענט טאָן, ניט אמפּערען זיך און ניט העלפען: דאָס קליגסטע וואָלט דאַן זיין רוהיג און גלייכגילטיג נאַכפאָלגען די נאַ־טירליכע אנטוויקלונג פון דעם באַשטימטען געזעץ. אזוי ווי אבער אַט די צוטיילונג איז א קינסטליכער רעזולטאַט פון א גוואַלדזאַמען פּראָצעס, איז שטענדיג דאָ א מעגליכקייט אז ער זאָל אָפּגעשטעלט ווערען. די געפאַר דערפון באַשטעהט אין דעם וואָס די צאָלרייכע קלאַסען ביי וועלכע עס איז אוועקגענומען געוואָרען די מעגליכקייט צו ארבייטען פאַר זיך אליין און וועלכע זענען דערפאַר געצוואונגען געוואָרען אימער צו ארבייטען פאַר׳ן נוצען פון אנדערע, וועלען באַגריי־פען זייער מאַכט, וועלען זיך מיט איין מאָל אויפהויבען און צושטערען די עקזיסטירענדע אָרדנונג. די געפאַר באַשטעהט ווייטער אין דעם וואָס דער רעזולטאַט קען נאָך פארשנעלערט ווערען דורך דעם הערשענדען קלאַס גופא, דורך דעם וואָס ער וועט טרייבען די פאַר־שקלאַפונג פון די מאַסען ביז צו אן עקסטרעם. אויף דעם אופן איז די סאָציאַלע אָרדנונג וואָס איז אויפגעבויט אויף דער סיסטעמע פון אוועקנעמען ביי דער מאַסע יעדען סאָרט אייגענטום, שטענדיג אין א צושטאַנד פון באַוועגליכער גלייכגעוויכט, פאַר איהר שטעהט שטענ־דיג די געפאַר פון א רעוואָלוציע אדער פון פארניכטונג. דערפאַר איז עס פאַר איהר דורכאויס נויטיג אנצונעמען מיטלען צו פארשטאַרקען איהר וואַקלענדע עקזיסטענץ, איינהאַלטען דעם צאָרן פון די אָרימע קלאַסען און די רייכע אָפּהאַלטען פון א צו שטאַרקער עקספּלואַטאַציע. אין אנדערע ווערטער, עס מוזען באַשאַפען ווערען א גאַנצע רייהע אינ־סטיטוציעס וועלכע זאָלען זיין פארבונדען צווישען זיך, און וועלכע זאָלען איינהאַלטען ביידע קלאַסען אין די גרענעצען און זיי אָפּהאַלטען פון אזוינע טאַטען וועלכע זענען געפערליך פאַר דער סאָציאַלער אָר־דנונג.

# אכילעס לאריא

דער ערשטער מיטעל דורך וועלכען מען קען איינהאלטען די אונטערדריקטע קלאסען אין אונטערטעניגקייט און צווינגען די הערשענדע צו זיין איינגעהאלטען, איז דער מאראלישער צוואנג. דורך שווערע שטראפען פאר יעדער אנטי־סאציאלער טאט, ווערען די ארימע אפגעהאלטען פון אויפשטאנדען און די רייכע פון צופיל אויסנוצען זייער מאכט. דער מאראלישער צוואנג נעמט אן אין די פארשידענע פאזען פון זיין אנטוויקלונג פארשידענע פארמען, אין אלטערטום איז עס די מורא, אין מיטעל־אלטער די רעליגיאן און אין אונזער צייט די עפענטליכע מיינונג; בעצם איז דאס אבער איינס און דאס זעלבע. דאס איז די איינצאמונג פון דער מענשליכער איניציאטיווע, זי זאל ניט פארפירט ווערען פון עגאאיסטיישע צוועקען וואס זענען געפערליך פאר דער געזעלשאפטליכער ארדנונג. דער ארימאן צ. ב. ש. איז פאראינטערעסירט אין רויב, פאר איהם לוינט זיך די פארניכטונג פון דער סאציאלער ארדנונג, קומט אבער צו געהן דער גלח און זאגט: „געדענק, אויב די וועסט רויבען, אויב דו וועסט מאכען אן אויפשטאנד געגען דער עקזיסטירענדער ארדנונג, ערווארטעט דיך אן אייביגע שטראף אויף יענער וועלט“, און כדי צו פארמיידען אט די שרעקליכע שטראף גיט זיך דער ארימאן אונטער, און בויגט ווייטער זיין רוקען אונטערען דריקענדען יאך פון דער סאציאלער ארדנונג. די פארשידענסטע רעליגיאנען וואס האבען אין די פארשידענסטע צייטען געהערשט איבער די מחית פון די מענשען האבען אלע געשטרעבט צו אט דעם אלערהעכסטען צוועק, אבער קיין רעליגיאן האט אין דעם ניט געהאט אזא ערפאלג ווי דער קריסטענטום. דאס איז דערפאר ווייל דער יעוואנגעליום שטעלט זיך ניט צופרידען מיט סטראשען פאר אנטי־סאציאלע האנדלונגען מיט א שווערער שטראף אויף יענער וועלט, נאר ער זאגט אויך צו אז די לאגע פון די מענשען אויפ'ן עולם האמת וועט זיין פונקט דער געגענזאץ פון דעם וואס עס איז אויף אונזער וועלט, דער קעניגרייך פון הימעל איז אבסאלוט אומדערגרייכבאר פאר די רייכע און שטארקע פון דער וועלט, ער איז אפען בלויז פאר די ארימע און אונטערדריקטע. עס איז זיך שווער פארצושטעלען ווי שטארק אט די געניאלע דאגמא האט גע־

ווירקט פאַר דער אויפהאַלטונג און פאַרזיכערונג פון דער אַלגעמיינער רוהיגקייט אונטער דער סיסטעמע פון פּריוואַט אייגענטום. די אַרימע האָבען דאָך שוין ניט וואָס צו באַקלאָגען זיך אויף זייער אַרימקייט ווייל די אַרימקייט — דאָס איז דאָך זייער שליסעל צום אייביגען גליק אין דעם קעניגרייך פון הימעל: פאַרקערט: זיי דאַרפען די רייכע באַטראַכטען מיט אַ געפיל פון רחמנות ווייל זיי קויפען זייערע קורצע שנעל פאַרשווינדענע פאַרגעניגענס פון דעם לעבען פאַר אַזאַ טייערען פּרייז ווי אַנטזאָגען זיך פון אייביגען צוקונפטיגען גליק. אָבער דער קריסטענטום ווענדעט זיך אויך גלייכצייטיג צו די רייכע און פּריוויליגירטע, וועקט זיי צו רחמנות און ערליכקייט און האַלט זיי אויף דעם אופן אָפּ פון צופיל מיסברויכען זייער מאַכט, וועלכע מוז מיט זיך ברענגען די פאַרערגערונג פון די באַציהונגען פון די פאַרשידענע קלאַסען. אויף דעם אופן איז דער קריסטענטום אַ מעכטיגער פאַקטאָר פון שטאַנדהאַפטיגקייט אין דער מענשליכער געזעלשאַפט.

אין דער נייער צייט אָבער האָט זיך דער רעליגיעזער גלויבען אַנגעהויבען וואַקלען. די ערפאָלגען פון דער פּאָזיטיווער מעטאָדע אויף די פאַרשידענע פעלדער פון דער וויסענשאַפט און איבערהויפּט אין דער מעדיצין אין וועלכער צווייפעל און אַפּליקונג איז געבראַכט געוואָרען ביז'ן עקסטרעם, האָבען אומבאַמערקבאַר אָפּגעשוואַכט אָט דעם מעכטיגען פאַקטאָר פון געזעלשאַפטליכער שטאַנדהאַפטיגקייט, אָבער אין דער זעלבער צייט וואָס די ווירקונג פון דער רעליגיאָן ווערט שוואַכער און געהט ביסלאַכווייז אינגאַנצען פאַרלאָרען, ערשיינט אַ נייע, פּונקט אַזאַ מעכטיגע מאַראַלישע וואָפע פון וועלכע מ'האָט פריער ניט געוואוסט — די עפענטליכע מיינונג. אויך זי האַלט אָפּ מענשען פון אַזוינע האַנדלונגען וואָס זענען געפערליך פאַר דער געזעלשאַפט, סטראַשענדיג צו באַשטראָפען פאַר אַזעלכע האַנדלונגען מיט אַלגעמיינער פאַראַכטונג. אויב די אַרבייטער מאַכען איצט ניט קיין אויפשטאַנד געגען דער סאָציאַלער אָרדנונג, אויב די אייגענטימער ברענגען ניט זייער עקספּלואַטאַציע ביז די לעצטע גרענעצען, איז דאָס טיילווייז אַ דאַנק אָט דער קאָלעקטיווער צענזור, דורך וועלכער אַזוינע האַנדלונגען מוזען דורכגעהן, און וועלכע מאַכט די שולדיגע

א שלעכטעז נאָמעז און גיט זיי איבער צו אלגעמיינער פּאראַכטונג. א דאנק דעם איז אַייך אַט די אויסשליסליך מאראַלישע קראַפט א מעכטיגער פאַקטאָר וועלכער האלט אויף די גאַנצקייט פון אונזער געזעלשאפט, וועלכע איז אין א שטענדיגער געפאַר צו ווערען פאַרניכטעט.

מיר האבען אלזא פאַר זיך א ריִיע סאָציאלע ערשיינונגען וועלכע נעמען ארום דעם גאַנצען סכום פון מאָראַלישע פאַקטאָרען און צוואַנגסמיטלען. דיזע ערשיינונגען געפינען זיך אין אַן אומצוטרענבארער אינווענייגסטער פארבינדונג מיט דער עקאָנאָמישער לאַגע פון דער געזעלשאפט, און קענען נאָר דורך דער לעצטער דערקלערט ווערען. אבער דער מאָראַלישער צוואַנג אליין איז נאָך ניט גענוג כדי אָפּצוהאַלטען אַלע מענשען פון אַנטיסאָציאַלע טאַטען, עס געפינען זיך שטענדיג א קלענערע אדער גרעסערע צאָל יחידים וואָס פאַרבלייבען גלייכגילטיג צו די מאָראַלישע באַשטראָפונגען, מעג עס זיין די שטראָף אויף יענער וועלט אדער א שלעכטער נאָמען אויף דער וועלט. כדי אויפצוהאַלטען די אָרדנונג צווישען אזוינע איינגעשפּאַרטע מענשען קומט צו הילף דער ענערגישער און אנטשלאָסענער אינסטיטוט פון רעכט! ער האַלט שוין אַיין די מענשען פון אַנטי־סאָציאַלע טאַטען ניט דורך אַן אַבסטראַקטען נאָר דורך א ווירקליכען שטראָף. אין דער צייט וואָס די מאָראַל סטראַשעט דעם אָרימען זינדער מיט א שטראָף אויף יענער וועלט, סטראַשעט איהם דאָס רעכט מיט תפיסה. אויפ׳ן זעלבען אופן האַלט זי אויך איין דעם אייגענטימער פון פאַרכאַפּען פרעמדע גוטס אדער פון איבערטריבענער עקספּלואַטאַציע פון זיינע אַרבייטער. דאָס רעכט נאָרמאַליזירט די באַציהונגען וועלכע זענען אייגענטימליך פאַר דעם באַשטימטען עקאָנאָמישען געבוי פון דער געזעלשאפט. אין אַלע איהרע טיילען איז זי דורכגעדרונגען פון די עקאָנאָמישע באַציהונגען און די גרעסטע צאָל פון איהרע באַשטימונגען זענען אנגעווענדעט אויף אָפּצוהיטען די אינטערעסען פון דעם עקאָנאָמיש הערשענדען קלאַס.

דערפאַר איז טאַקע דאָס רעכט פון יעדער עפּאָכע אין אַנקלאַנג פריער ווי אַלעס מיט דער אָרט פון אייגענטום וועלכע הערשט אין

דער צייט. דאָרט וואו דער גרונד אייגענטום שפּילט די הויפּט ראָלע באַשיצט דאָס רעכט איבערהויפּט די אינטערעסען פון די באַזיצענדע קלאַסען. דאָרט אָבער וואו די הויפּט ראָלע שפּילט דער קאַפּיטאַל איז אויך דאָס רעכט איבערהויפּט צוגעפּאַסט צו די אינטערעסען פון באַוועגליכען אייגענטום. מיט איין וואָרט, וואו עס אַנטוויקלען זיך באַשטימטע עקאָנאָמישע באַציהונגען אַנטוויקעלט זיך אויך אַ סיסטעם וואָס איז אין איינקלאַנג מיט זיי. אַ זעהר גוטער ביישפּיל איז די אַננאַמע פון דעם רוימישען געזעץ אַם ענדע פון 15טען יאָהר־הונדערט אין דייטשלאַנד. דאָס איז געווען דער נאַטירליכער רעזולטאַט פון די אומגעענדערטע עקאָנאָמישע באַציהונגען וועלכע האָבען זיך אַנטוויקעלט איז דייטשלאַנד אין אָנפאַנג פון דער נייער צייט, און וועלכע זענען זעהר ענליך געווען צו די עקאָנאָמישע באַציהונגען וואָס האָבען געהערשט אין געצענדינערישען רוים. דער שטודיום פון רעכטליכען לעבען פון אַלע נאַציאָנען וואָס מיר קאָנען, גיט אונז בכלל אַ גוטע באַגרינדונג פאַר דעם אמת אז דעם סוד פון דער רעכטליכער מאַכט פון יעדער צייט דאַרף מען זוכען ניט אין מעטאַפיזישע פּרינציפּען מיט וועלכע די אַלטע רעכטספילאָזאָפיע פלעגט זיך שפּייזען, נאָר אין דער פּראָזאַאישער מאַטעריאַלער סטרוקטור פון עקאָנאָמישע באַציהונ־גען. אין אַנדערע ווערטער הייסט עס — די פילאָזאָפיע פון רעכט איז די פּאָליטישע עקאָנאָמיע.

דער פאַקט וואָס דאָס שאַפען און דורכפירען פון די געזעצען ווערט אימער איבערגעגעבען אויסשליסליך אין די הענט פון די באַ־זיצענדע קלאַסען מאַכט, אז דער געזעץ זאָל זיין דאָס וואָס די באַזיצענדע קלאַסען ווילען ער זאָל זיין. ד.ה. ער זאָל דינען פאַר דער פאַרטיידיגונג, פאַרשטאַרקונג און אויפהאַלטונג פון דער איצטיגער אָרגאַניזאַציע פון פּריוואַט אייגענטום, דורך דעם וואָס די געזעץ־געבערישע און פאָלגליך פּאָליטישע מאַכט ווערט אי־בערגעלאָזען אין די הענט פון די באַזיצענ־דע קלאַסען. דאָס איז נאָך אויך וויכטיג אין אַנדער זין. אויב דער פּראָלעטאַריאַט זאָל קאָנען איבערנעמען די פּאָליטישע מאַכט וואָלט ער ניט לאַנג געוואַרט און איהר אויסגענוצט כדי צו צושטערען

די עקזיסטירענדע ארדנונג, און אויף איהרע חורבות אויפבויעז א נייע וואס זאל זיין מעהר אין איינקלאנג מיט זיינע אינטערעסען. פאלגליך, איז די גאנצע עקזיסטענץ פון קאפיטאליזם אפהענגיג דערפון אז די פאליטישע מאכט זאל זיין אין די הענט פון די באזיצענדע קלאסען אדער זייערע מיטהעלפער, און די ארימערע קלאסען זאלען זיך מיט איהר ניט קאנען באנוצען. פאר א לאנגע צייט ווערט אט דער ציל דערגרייכט אויף אן אפענעם און ברוטאלען אופן. די פאליטישע מאכט באלאנגט אין אנפאנג אויסשליסליך צו די באזיצענדע קלאסען. ווען עס אנשטעהען שפעטער רעפרעזענטאטיווע אינסטיטוציעס ווער־רען די ארימע בארויבט פון זייער וואל־רעכט; ווען אבער די אומ־שטענדען צווינגען צו געבען שטים־רעכט אויך די ארימע, ווערט דער־זעלבער ציל דערגרייכט דורך פארגרעסערען אין א גאנץ גרויסער מאס די קאסטען וואס זיינע פארבונדען מיט די וואלען: דאס מאכט נא־טירליך אוממעגליך פאר אן ארימען מענשען צו נעמען אויף זיך די פליכ־טען פון א פארטרעטער. ווען אבער אויך דער מיטעל ווייזט זיך ארויס פאר ניט גענוג, דאן איז אדער מען קויפט אפ אדער מען נארט אויף א געוויסען אופן ארויס ביי די ארימע זייערע שטימען. דער רעזולטאט איז אבער אלעמאל דער זעלבער: די אויסשליסליכע קאנ־צענטראציע פון דער גאנצער פאליטישער מאכט אין די הענט פון די רייכע קלאסען.

אבער די באַזיצער פון דער פאליטישער מאכט שטעלען מיט זיך ניט פאר קיין איינהייטליכע מאסע. אלס קלאס פון באזיצער און אין איינקלאנג מיט זייערע פארשידענע אינטערעסען וועלכע זענען צו־נויפגעבונדען מיט פארשידענע ארטען פון אייגענטום, פאלט זיך אויך דער קלאס אליין פאנאנדער אין צוויי אדער מעהר פארטייען, וועלכע זענען פיינדליך איינע צום צווייטען. איבערהויפט הערשט א פיינד־שאפט צווישען די לאנד אייגענטימער און די האנדעלס קאפיטאליס־טען. די ערשטע זענען פאראינטערעסירט אין אפהאלטען דעם „סטא־טוס קווא" (דעם עקזיסטירענדען צושטאנד) און די צווייטע נויטיגען זיך פארקערט אין א שטענדיגער אנטוויקלונג. אלס רעזולטאט פון אט דעם עקאנאמישען קאנטראסט אנשטעהט א פאליטישער קאנט־

ראסט, צווישען די לאַנד אייגענטימער וועלכע פילען מערסטענס אויס די רייען פון די קאָנסערוואטיווע פארטייען און די קאפּיטאַליסטען, וועלכע גרינדען פראָגרעסיווע און ליבעראַלע פּארטייען. אט די פּאָליטישע געגנערשאפט צווישען די צוויי קלאסען אייגענטימער האט א גרויסע באדייטונג פאר די ארבייטער וועלכע זענען איינגאנצען אויסגעשלאסען פון דער פאָליטישער מאַכט: יעדע איינע פון די פּארטייען וועלענדיג בייקומען די געגנערישע פארטיי באמיהט זיך צו קריגען דאס פאָלק אויף איהר זייט און מוז דערפאר געהן אויף פילע הנחות וועלכע זענען סוף כל סוף לטובת די ארבייטער. דורך דעם ערקלערט זיך די מעגליכקייט אין א געזעלשאפט וואס ווערט באהערשט דורכאויס פון אייגענטימער אַנצונעמען געוויסע מיטלען לטובת די ניט־באזיצענדע קלאסען. דאס גיט אונז דעם שליסעל ריכטיג צו פאַרשטעהן און אָפּצושאַצען די גלענצענדע רייע פון געזעצען וועלכע זענען אנגעווענדעט געוואָרען צו פארבעסערען די לאגע פון די ארבייטער. דאס איז א גאנצע רייע פון געזעצען וואס הויפט זיך אַז נאָך מיט די אַלטע אַגראַר געזעצען און די געזעצען פון „ניט צאָלען חובות" און ענדיגט זיך מיט דער מאָדערנער סאָציאַלער געזעצגעבונג. דער שטראָם פון די דעמאָקראטישע רעפאָרמען וועלכער רייסט זיך דורך דורך דעם געדיכטען וואלד פון די פרייהייטס שטערענדע געזעצען איז דער רעזולטאט פון דעם קאמף צווישען די צוויי שטרייטענדע פארטייען פון די באזיצענדע קלאסען, און זייער באדערפעניש צו קריגען דעם פּאָלק אויף זייער זייט וועלכעס זיי קאָנען דערגרייכען בלויז דורכפירענדיג דעמאָקראטישע געזעצען.

מיר זעהן אלזא, אז די אומפארמיידליכע אומזיכערהייט פון דער קאפּיטאליסטישער ארדנונג, די שטענדיגע געפאר פון אן אויפשטאנד פון די אונטערדריקטע קלאסען פאדערען די ארגאניזירונג פון א גאנצע רייע איינריכטונגען וועלכע זאָלען איינהאלטען דעם פּראָלעטאריאט אין זיין אונטערטעניגקייט, און זאָלען ניט דערלאזען צו קיין איבערפלוס פון אונטערדריקונג מצד די רייכע. דער הויפּט פון די אינסטיטוציאָנען זענען די מאָראל, דאס רעכט און די פּאָליטישע ארדנונג. זיי אַלע זענען ארויסגערופען געוואָרען צום לעבען, זענען דורכגעדרונ־

גען און ווערען אויפגעהאלטען דורך דער קראפט פון די עקאנאמישע באציהונגען וועלכע דינען אויף דעם אופן אלס דער אויסשליסליכער באזיס פאר זייער עקזיסטענץ און אלס הויפט פאקטאר פון זייער אנטוויקלונג. אבער די מאראלע רעכטליכע און פאליטישע איינריכ־טונגען, ווען מען זאל זיי געגוי אינטערזוכען שטעלען מיט זיך פאר אלע ניט עקאנאמישע פאקטארען פון מענשליכען צוזאמענלעבען, זיי פאראייניגען אין זיך אלע ערשיינונגען פון געזעלשאפטליכען לעבען אויסער דער עקאנאמיק. ווען מיר זאגען אלזא אז זיי ווערען בא־שטימט אויסשליסליך דורך עקאנאמישע פאקטארען מיינט דאס אין אנדערע ווערטער אז די גאנצע סאציאלע ארדנונג איז באזירט אויף עקאנאמישע יסודות. די סאציאלאגיע קאן פאלגליך בלויז אויף דעם באזיס פון דער פאליטישער עקאנאמיע זיך אויפהויבען צו דער שטופע פון א וויסענשאפט. די טעאריע וועלכע פירט ארויס די גאנצע סא־ציאלע ארדנונג פון די עקאנאמישע באציהונגען פארלירט אויף דעם אופן איהר דאגמאטישען כאראקטער, וועלכען זי האט געהאט אין די פילע טענות מיט וועלכע מען זוכט איהר צו דערשטיקען זענען מערס־טענס אומבאגרינדעט.

דאס איז אין קורצען די נייע ריכטונג אין דער סאציאלאגיע, וועלכע האט א גרויסען קרייז אנהענגער און וועלכע ווערט געוועהנליך אנגערופען דער היסטארישער מאטעריאליזם. דער נאמען איז אבער ניט קיין זעהר פינקטליכער ווייל פון איין זייט נעמט ער ניט ארום דעם גאנצען אינהאלט פון דער דאקטרין און פון דער צווייטער זייט האט אפילו ספענסערס ביאלאגישע סאציאלאגיע מיט פולען רעכט זיך געקאנט רופען מיט דעם זעלבען נאמען. עס וואלט דערפאר נאך אונזער מיינונג פיל בעסער זיין אנצורופען די נייע לערע ה י ס ט א־ ר י ש ע ר  ע ק א נ א מ י ז ם. אבער לאזענדיג אז א זייט די פראגע וועגען נאמען, וואס איז נאך אלעמען ניט אזוי וויכטיג, קאן מען ניט לייקענען אז די נייע ריכטונג האט אין זיך פיל אמת און אז די פילע טענות מיט וועלכע מען זוכט איהר צו דערשטיקען זענען אומ־באגרינדעט.

מען זוכט צו צושטערען דעם צוטרויען צו דער נייער שולע דורך

די פילע איבערטרייבונגען פון מאַנכע פון איהרע איבערגעבענע נאָכפאָלגער. אט די מעטאָדע איז זעהר צוציהענד. איבערהויפּט דערטייט וואס די איבערטרייבונגען וואָס קומען מצד די עקסטרעם רעכטע פון דער עקאָנאָמישער סאָציאָלאָגיע זענען פונקט אזוי אומבאגרינדעט ווי די וועלכע קומען פון די עקסטרעם לינקע. אזוי צ. ב. האָט ענגעלס זיך ניט אָפּגעשטעלט צו ערקלערען אז די דייטשען האבען ביי זיך איינגעפירט דעם מנהג צו פארברענען די טויטע בלויז ווערפאר ווייל זיי האָבען באַזעסען גרויסע וועלדער וועלכע האָבען געגעבען ביליגען ברען־מאַטעריאל. אבער דער שפּעטערדיגער מנהג צו באגראָבען די טויטע איז איינגעפירט געווארען א דאנק דעם וואס די וועלדער זענען צושטערט געווארען און ברען מאַטעריאל איז געווארען זעלטענער און טייערער. געוויס זענען גערעכט די וואס לייקענען דאס. זיי זענען אָבער אומגערעכט ווען זיי דענקען אז דורך דעם קאָנען זיי צושטערען די טעאָריע פון דעם היסטאָרישען מאַטעריאליזם. וואָס זיי פארניכטען איז בלויז א קאריקאטור פון איהם.

פאר דעם זעלבען צוועק ד. ה. כדי אָפּצולייקענען די נייע ריכטונג שטיצען זיך אנדערע געגנער אויף דעם אל־זייטיגען איינפלוס וועלכען עס איבען אויס אויף דער געזעלשאַפטליכער ארדנונג די מאַטעריאלישע פארשטעלונג, די רעכטליכע און פאָליטישע פאקטאָרען. אָבער קיינעם פאלט גאר ניט איין אָפּצולייקענען די ווירקליכקייט און די מאַכט פון דיזען איינפלוס. די גראנדיעזע קירכען וועלכע וועקען נאך עד היום אונזער באוואונדערונג מיט זייער געוואגטער ארכיטעקטור. די אומשטערבליכע שאַפונגען פון דעם אסקעטיש רעליגיעזען געפיל זענען די אייביגע עדות פון דעם מעכטיגען איינפלוס פון דעם רעליגיעזען געפיל אויף דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. אָט דער געפיל האָט געגעבען די אידעע דעם קינסטלער, האָט באַווירקט דעם מאלער און באגייסטערט דעם דיכטער. אין דעם רעליגיעזען געפיל האבען גאנצע דורות פון דענקער זייער קראפט געשעפּט און דאס האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט בייצוקומען אלע שוועריגקייטען כדי אויסצופירען אונטער א לאנגע רייע פון שווערע קלעפּ די גרויסע ארבייטען פון גלויבען. אבער דאס אלעס קאן מען אויסזעצען בלויז גגען די

וואָס ערקלערען אַז דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר האָט דירעקט באַשאַ־
פען אָדער דירעקט פאַראורזאַכט די קונסט פון מיטעלאַלטער. אָבער
קיין דענקענדער מענש וועט עס ניט באַהויפּטען, ווענען דעם איז גאָר
קיין צווייפעל ניטאָ. דער רעליגיעזער געפיל, און בלויז ער אַליין, איז
געווען דער קוואַל פון די אונצעליגע שאַפונגען פון דער קונסט אין
מיטעלאַלטער; אָבער דער רעליגיעזער געפיל גופא וועלכען מיר דאַר־
פען דאַנקען פאַר אַזוי פיל וואונדערליכע שאַפונגען פון יענער צייט
איז אַליין געווען בלויז אַ פּסיכאָלאָגישער פּראָדוקט פון עקאָנאָמישע
באַציהונגען. אָדער דער רעזולטאַט פון דער נויטווענדיגקייט צו פאַר־
איינינגען די פאַרשידענע עלעמענטען וועלכע האָבען געקעמפט געגען
דער אומפּערייער סאָציאַלער סיסטעמע און אַלע ווײַלע געשטעלט איהר
אין געפאַר פאַרניכטעט צו ווערען. עס זענען דערפאַר גערעכט די
וועלכע באַהויפּטען, אַז אַלס גרונד אפילו פון אָט דיזע דערהויבענע
שאַפונגען פון דער אידעע, צווישען די וואונדערבאַרע קופּאָלען און
פאַנטאַסטישע פּיראַמידען און גאָטהישע קירכען, צווישען בילדער פון
די הייליגע אַכקעטען געפינט דאָס שאַרפע אויג פון סאָציאָלאָג די קאַ־
פּיטאַליסטישע סמנים און דערקאַנט דעם טיפעלשען שמייכעל פון די
עקאָנאָמישע פאַקטאָרען.

עס איז דורכאויס נוצלאָז צו קעמפען געגען דעם היסטאָרישען
מאַטעריאַליזם מיט דער הילף פון פּוסטע פראַזען, אַז דער מענש איז
שוין ניט מעהר אויסשליסליך אַ רויב חיה, אַז ער ווערט אין זיינע
האַנדלונגען באַוועגט ניט בלויז דורך דעם פאַרלאַנג פון וואָס מעהר
באַזיצען, אַז די נייע שולע פאַרקריפּעלט די מענשליכע נאַטור, אַז זי
פאַרמאַכט די אויגען אויף אַלע ערהאַבענע טאַטען און באַליידיגט דער־
מיט דעם מענשליכען מין. עס איז זיכער, ענטפערען מיר, אַז דער
מענשליכער נשמה זענען אייגענטימליך פילע אייגענשאַפטען וועלכע
קאָנען ניט און דאַרפען ניט צוריקגעפירט ווערען צו איין איינציגען
סימן — עקאָנאָמיק און פּראָפיט. עס איז אָבער פּונקט אַזוי ריכטיג
אַז אַלע ערהאַבענע ערשיינונגען פון דער מענשליכער נשמה זענען באַ־
שטימט און באַגרענעצט דורך דער עקאָנאָמישער סביבה אין וועלכער
זיי אַנטשטעהען. אַזוי צ. ב. שרייבט אַ דיכטער, אַז אמת'ער דיכטער.

לידער ניט כדי צו פארדינען געלט, נאר ווייל אין דעם פאעטישען שאפען זעהט ער דעם גאנצען זין פון זיין לעבען, דערפאר ווייל אין דעם שאפען געפינט ער דעם פרייען און באגייסטערטען אויסדרוק פאר זיינע געדאנקען און זיינע געפילען. פונדעסטוועגען איז די פאעזיע פון יעדער עפאכע א פינקטליכע אפשפיגלונג פון די הערשענדע סאציאלע און עקאנאמישע באציהונגען. די דערהויבענסטע נשמה קאן אט דעם גרעניץ ניט אריבערשפרייזען, דער פרייסטער דיכטער קאן איצטער ניט באזינגען קיין וואנדערענדען ריטער אדער באזינגען דעם שיקזאל פון ליעבע אזוי ווי די דיכטער פון מיטעלאלטער האבען עס געטאן. דאס מיינט אז אפילו אין די פרייסטע שאפונגען איז דער מענש א פראדוקט פון דער היסטארישער סביבה אין וועלכער ער איז אויסגעוואקסען און פון די פראדוקציאנס באציהונגען אין וועמעס קרייז זיין לעבען שוועבט.

דער אמת פון דאס אויבען געזאגטע ווערט באוויזען אויך דערמיט וואס די אנטוויקלונג פון דער וועלט איז שטענדיג געגאנגען אין איינקלאנג מיט דער עקאנאמישער אנטוויקלונג. אזוי איז אין 18טען יאהר־הונדערט מיט דער פארשטארקונג פון דעם איינפלוס פון מזרח אויף אייראפא און מיט דער ארגאניזירונג פון די פרייע געמיינדען געפאלען דער רוהם פון די גאטישע קירכען און די ראפינירטע און עקזאטישע מאלעריי פון מיטעלאלטער הויבט אן פארביטען צו ווערען דורך מאלעריי אין וועלכע די העל־ליכטיגע פארבען נעמען די אויבערהאנט. דער שטרעבען צו הארמאניע ווערט אלץ שוואכער און די קונסט קריגט מעהר און מעהר א רעאליסטישען כאראקטער. אין דער עפאכע פון דער קאנצענטראציע פון קאפיטאל וועלכע קומט נאך דעם ווערט די ארכיטעקטור מעהר קאמפליצירט, די ריינקייט פון די פריערדיגע ליניען ווערט פארביטען אויף מערקווירדיגע ארנאמענטען. אין דער מאלעריי ערשיינט א נייער ביז איצט אומבאקאנטער זשאנר. עס קורמען געמאלענע פארטרעטען אלס סימפטאם און פראדוקט פון די וואקסענדע רייכטימער און פון פארלאנג ארויסצורופען אלגעמיינע באוואונדערונג און אכטונג.

מען זאגט, אז די וויסענשאפטליכע סיסטעמע וועלכע באטראכט

# אכילעס לאָריאַ

די סאָציאַלע אָרדנונג אַלס נויטווענדיגען פּראָדוקט פון עקאָנאָמישע באַציהונגען און וועלכע לייקענט די מעגליכקייט צו ווירקען ערנסט אויף די האַנדלונגען אָדער דעם ווילען פון מענשען אויף אַן אַנדער אופן, ברענגט אומפערמיידליך צו אַ סאָציאַלען קוויעטיזם, אָדער פאַ־טאַליזם. עס איז אָבער קלאָר אַז וועו אפילו דער פאָרוואורף זאָל זיין אמת קאָן ער פאָרט ניט אַפּלייקענען אַ טעאָריע וואָס איז לאָגיש באַגרינדעט און באַשטעטיגט דורך באָאָבאַכטונגען. צום גליק אָבער האַלט אַט דער פאָרוואורף ניט אויס קיין שום קריטיק. עס איז אמת אַז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם גלויבט ניט אין דער מעגליכ־קייט פון פרייע רעפאָרמען און צושטערט אַהן רחמנות די אילוזיעס פון די אוטאָפּיסטען וועלכע דענקען אַז דורך דער פּראָקלאַמירונג פון ערגעץ אַ נייע אידעע, אָדער דורך אַרויסגעבען אַ נייעם געזעץ קאָן מען מיט איינמאָל ענדערען די גאַנצע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג. אין דעם זין געפינט זיך די נייע לערע איינשטימיג מיט דער אַלגעמיינער טעאָ־ריע פון אַנטוויקלונג וועלכע לייקענט אויך אַפּ קאַטעגאָריש די מעג־ליכקייט צו דערגרייכען פּאָזיטיווע רעזולטאַטען דורך רעוואָלוציעס אַהן אונטערשיד צו זיי ווערען געמאַכט פון אויבען אָדער פון אונטען. אָבער פון אַזאַ בליק ביז קוויעטיזם, אָדער פאַטאַליזם איז גאַנץ ווייט און דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם האָט קיין שום געמיינשאַפט־ליכעם מיט זיי, ווייל באַציענדיג זיך סקעפּטיש צו יעדען פּלוצליכען איבערבוי פון דער געזעלשאַפט, באַווייזט ער אָבער אויף אַ גאַנץ באַ־שטימטען אופן דעם וועג דורך וועלכען מען קאָן יאָ דערגרייכען ענדע־רונגען אין דער סאָציאַלער אָרדנונג. דיזער וועג איז ניט דער וועג פון מאָראַלע אָדער רעליגיעזע, יורידישע, אָדער פּאָליטישע רעפאָרמען, נאָר עקאָנאָמישע, וועלכע האָבען פאַר זייער געגענשטאַנד דעם בוי פון די אייגענטום באַציהונגען און ווערען דורכגעפירט דורך קליינע רעפאָרמען וואָס פאָלגען נאָך איינע דער אַנדערער.

אונטערפירענדיג דעם סך הכל צו אַלעם וואָס מיר האָבען גע־זאָגט וועגען היסטאָרישען מאַטעריאַליזם מוזען מיר צוגעבען אַז הגם די נייע לערע איז ניט אומעטום פּינקטליך און באַגרינדעט אין מאַנכע פון איהרע באַהויפּטונגען, איז זי אָבער אין פאַרגלייך מיט די פריער

# די סאָציאָלאָגיע

באטראכטע סאציאלאגישע טעאריען א פיל שטארקערער פונדאמענט פאר דער וויטערער סאציאלער פארשונג. נאך מעהר, מיר האבען אפילו דאס רעכט צו באהויפטען, אז בלויז אט דער נייער טעאריע וועט זיך איינגעבען צו פארזיכערען פאר דער סאציאלאגיע יענעם וויסענשאפטליכען אמת וועלכען די פילאזאפישע און ביאלאגישע שולען האבען ניט געקאנט דערגרייכען. אונטער דעם גינסטיגען איינפלוס פון דער באנייטער סאציאלאגיע וועלען אלע באזונדערע סאציאלע וויסענשאפטען באנייט ווערען צו א נייעם לעבען.

עס מוז נאך אויך געזאגט ווערען אז די נייע לערע זוכט ניט איינצושליגען די טעאריעס, וועלכע זענען געקומען פאר איהר. פאר־קערט, זי זוכט צונויפצוקלייבען און סיסטעמאטיזירען די איינצעלנע אמת'ן וועלכע יענע האבען ערווארבען. זי באנוצט זיך מיט קאנט'ס אויספארשונג וועגען דער ווירקונג פון דעם אינטעלעקטועלען פאק־טאר אויף דער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט. אבער גלייכצייטיג באמערקט זי אז אט דער וויכטיגער פאקטאר ווערט באשאפען און באַ־שטימט פון דעם עקאנאמישען פאקטאר. זי רעכענט זיך אויך גאנץ ערנסט מיט דעם ביאלאגישען פאקטאר, אבער זי פארגעסט ניט דעם מעכטיגען איינפלוס, וועלכען דער עקאנאמישער פאקטאר האט אויך אויף דיזען פעלד און וועלכער שטופט אלץ מעהר און מעהר ארויס דעם ביאלאגישען פאקטאר. זייענדיג אינגאנצען פרעמד צו דער שטרע־בונג צו מאכען צו גארנישט די רעזולטאטען פון וועלכע די פריערדיגע שולען זענען געקומען, גיסט זיך די נייע לערע צוזאמען מיט זיי אין איין הארמאניש גאנצע זאך. איך זאג גאנץ דרייסט פאראויס: עס וועט קומען א טאג, און אפשר גאנץ שנעל וועט, באוואפענט מיט די רעזולטאטען פון די פריערדיגע טעאריעס, פריי פון פארטייאישער איינזייטיגקייט, באגרינדעט דורך לאגיק און ערפארונג, וועט די עקא־נאמישע סאציאלאגיע זיין בכוח אויפצודעקען דעם סוד פון דעם גע־זעלשאפטליכען לעבען.

## זעקסטער קאפיטעל.

# די פארגלייכענדע סאציאלאגיע.

אויב עס איז אמת אז די פארשידענע צווייגען פון דער וויסענ־שאפט באנוצען זיך בעצם מיט דער זעלבער מעטאדע פון פארשונג, איז אויך אמת אז פארשידענע וויסענשאפטען באנוצען זיך מערס־טענס מיט דער אדער אנאנדער מעטאדע פון פארשונג אין איינקלאנג מיט דעם כאראקטער פון די ערשיינונגען וועלכע זיי דארפען אויספאר־שען. מען קאן זאגאר זאגען, אז יעדע וויסענשאפט אונטערשיידעט זיך אויסערליך פון די אנדערע בריער פון אלעם מיט איהר ספעציעלער פארשונגס מעטאדע, מעהר ווי אלע איהרע אנדערע כאראקטעריסטיקען שפיגעלט זיך אפ דער עצם איהרער, דער כאראקטער פון די ערשיי־נונגען וועלכע זי אונטערזוכט, — אין איהר מעטאדע. וואס אנבא־לאנגט דער סאציאלאגיע איז גענוג אפילו די עלעמענטארסטע באאב־אכטונג, כדי זיך איבערצייגען אז איהר הערשענדע מעטאדע, צו וועל־כער זי האט צו פארדאנקען איהרע גרעסטע ערגבערונגען, איז די פארגלייכענדע מעטאדע. דערפאר, הגם אינזער וויסענשאפט איז פאר בונדען לויט איהר אינהאלט מיט די מאראלישע, יורידישע און פאלי־טישע וויסענשאפטען, איז זי אבער אין איהר מעטאדע אם ענגסטען צוזאמענגעבונדען מיט דער אנטראפאלאגיע און ביאלאגיע.

די פארגלייכענדע מעטאדע אין דער סאציאלאגיע נעמט אן דריי פארשידענע פארמען, לויט די סאציאלע ארגאניזמען מיט וועלכע עס קומט איהר אויס צו אפערירען; זי קאן זיין א פילאלאגישע, אן עוואָ־לוציאניסטיש־היסטארישע אדער א קאלאניאלע.

די פילאלאגיע איז פאר דער סאציאלאגיע אן אומערווארטעטער וויכטיגער הילפס מיטעל, א דאנק איהר מעטאדע וועלכע צייכענט זיך אויס, ווי אלע געניאלע אנטדעקונגען מיט איהר איינפאכקייט. די נא־

# די סאָציאָלאָגיע

הענטע פארוואנדשאפט צווישען די אינדא־איירא־פעאישע שפראכען, וועלכע די פילאָלאָגיע האט אנטדעקט דינט שוין במילא אלס באווייז, אז אלע פעלקער שטאמען פון איין שבט, פון וועלכען זיי האבען זיך אלע אפגעטיילט אין א צייט וואס קיינער געדענקט ניט, און זיך באזעצט אין די לענדער וואו זיי זענען איצט. אויב ערגעץ א זאך ווערט אנגערופען פון פארשידענע פעלקער מיט א נאמען וועלכער האט דעם זעלבען שורש איז עס א סמן אז די זאך איז באקאנט געווען צום אור־שבט נאך איידער ער האט זיך צוטיילט. אויב אבער פארקערט, פארשידענע שפראכען באנוצען אזוינע נעמען וועלכע האבען פארשידענע שרשים איז דאס א סמן אז די זאך איז נאך צום אור־שבט ניט באקאנט געווען. א דאנק אט דער מעטאָדע איז מעגליך מיט א גענוגענדער פינקטליכקייט צו באשטימען די שטופע פון קולטורעלער אנטוויקלונג אויף וועלכער עס איז געשטאנען דער אור־שבט נאך פאר דער פאנאנדערטיילונג, זייערע אינסטיטוציעס און די גרונדלאגען פון זייער סאציאלער אָרדנונג. אויף דעם אופן ברייטערען מיר אוים דעם קרייז פון וויסען טראָץ דעם וואס די היסטאָרישע און פּאַרהיסטאָרישע באווייזע זענען אזוי ווייניג.

די פינקטליכקייט פון אט דער מעטאָדע רופט זיכער אין אנפאנג ארוים א גאנץ ערנסטען צווייפעל. פריער פון אלעם מוז מען אנערקענען, אז דאס וואס פארשידענע פעלקער באנוצען פאר דערזעלבער זאך נעמען, וועלכע האבען פארשידענע ווארצלען איז נאך גאר ניט קיין באווייז אז די זאך איז ערשט שפעטער אנטשטאנען, און ווירקליך, אפילו געמענדיג אין אנבאטראכט דעם פאקט אין וועלכען קיינער צווייפעלט ניט מעהר, אז די ערשטע פאזען פון דעם לעבען איין א קאלאניע שטעלט מיט זיך פאר א מערקווירדיג טרייע אפשפיגלונג פון דעם לעבען אין דער מעטראפּאָליע, מוזען מיר אבער אנערקענען אז פילע פון די עקזיסטירענדע אינסטיטוציעס וועלכע האבען עקזיסטירט ביים אור־שבט, האבען זיך בשום אופן ניט געקענט אויפהאלטען אין די נייע קהלות, וועלכע די עמיגראציע האט באשאפען, און זייערע נעמען האבען אויך געמוזט פארגעסען ווערען, ווען עס זענען שפעטער, אין דער נייער געזעלשאפט אנטשטאנען אזוינע אינסטיטוציעס, האט מען שוין

זיי אַנגערופען מיט נייע נעמען. אויף דעם אופן הייסט עס אז דער אונטערשיד אין נעמען וועלכע באַצייכענען איינע און די זעלבע זאַך ביי פאַרשידענע פעלקער פון אייראָפּאַ קען ניט גערעכענט ווערען אלס באַווייז אז די זאַכען זענען דעם פּרימיטיווען אור־שבט ניט געווען באַ־קאַנט. ווייטער, די טיילען פון דעם אור־שבט וועלכע האָבען זיך פון איהם אָפּגעטיילט זענען געצוואונגען געווען עמיגרירענדיג דורכצוגעהן ווילדע ערטער און ניט באַזעצטע לענדער און זאַגאַר אויף לאַנג פאַר־בלייבען צווישען אַזוינע שבטים וועלכע האָבען בכלל קיין שום קול־טור ניט געהאַט. עס איז דערפאַר גאַנץ נאַטירליך אז פילע זאַכען וועל־כע זענען זיי באַקאַנט געווען אין זייער אַלטער היים זענען ביי זיי אַרויסגעפאַלען פון געברויך און צוזאַמען דערמיט זענען אויך פאַרלאָ־רען געגאַנגען די נעמען מיט וועלכע מען פלעגט זיי רופען. ווען די זאַכען זענען אין זייער שפּעטערדיגען לעבען צוריק ערוואָרבען געוואָרען, האָבען זיי שוין געמוזט פאַר זיי שאַפען נייע נעמען. אויף דעם אופן ער־קלערען מאַנכע פילאָלאָגען די אורזאַכע וואָרום דער וואָרט „זאַלץ" האָט אין אנדער וואָרצעל ביי די פאַרשידענע אייראָפּייאישע פעלקער. דאָס קען זיכער דינען פאַר אַ באַווייז, אז דער אור־שבט האָט ניט געוואוסט פון זאַלץ; דאָס ערקלערט זיך גיכער דערמיט וואָס די טיילען פון שבט וועלכע האָבען פאַרלאָזען זייער היים און אַוועק וואַנדערען זענען אַ לאַנ־גע צייט געווען אין אַזוינע פלעצער וואו עס איז קיין זאַלץ ניט געווען. פון דער אנדערער זייט איז דאָס וואָס די וואָרצלען אין די ווערטער מיט וועלכע די פאַרשידענע נאַציאָנען באַצייכענען די זעלבע זאַך, זענען דיזעלביגע איז ניט קיין באַווייז אז די זאַך איז ווירקליך געווען באַקאַנט דעם אור־שבט. עס האָט זיך דאָך לייכט געקאָנט טרעפען אז די באַשטימטע זאַך אדער אינסטיטוציע איז אין אַנפאַנג אנטדעקט געוואָרען בלויז פון איין טייל פון דעם שוין צוטיילטען שבט און איז שפּעטער אַ דאַנק קאָמערציעלע אדער צווישען־פעלקערליכע באַציהונ־גען, איבערגענומען געוואָרען פאַרטיגערהייט פון אנדערע פעלקער.

דורך דעם ערקלערט זיך צ. ב. ש. וואָס דער וואָרצעל אין דעם וואָרט אַקער־אייזען, וועלכען די פאַרשידענע אייראָפּייאישע פעלקער באַנוצען, איז דערזעלבער, הגם ער איז זיכער דעם אור־שבט ניט גע־ווען באַקאַנט.

אַט די אויסזעצונגען. (וועלכע קאַוואַלעווסקי האָט ניט לאַנג אינ־
טערגעשטראָכען אין זיין אויסגעצייכענטער ארבייט). זענען גאַנץ וויכ־
טיג, אויב אבער זיי באַגרענעצען אויף דעם אופן די באַדייטונג פון
דער שפּראַך־וויסענשאַפטליך־פאַרגלייכענדער מעטאָדע און צווינגען
אונז צו זיין זעהר פאָרזיכטיג ווען מיר באַנוצען זיך מיט איהר, לייי־
קענען זיי אבער ניט אָפּ איהר גרויסען ווערט און איהרע אומשעצבאַרע
דינסטען פאַר דער סאָציאָלאָגיע. די אויפדעקונג פון דעם סוד אין
וועלכען דער פאָרהיסטאָרישער לעבען איז איינגעוויקעלט, און מאַכען
זיך א פאָרשטעלונג וועגען די ערשטע כאַראַקטער־שטריכען פון דעם
באַרבאַריזם פון וועלכען אונזער מאָדערנע קולטור האָט זיך אנטוויי־
קעלט, איז מעגליך בלויז אויפ'ן גרונד פון פילאָלאָגישע אויספאָרשונ־
גען. דאָס בילד וואָס די שפּראַך־וויסענשאַפטליך פאַרגלייכענדע
מעטאָדע גיט אונז וועגען דעם לעבען פון אונזערע אור־עלטערען איז
גאָר ניט אזא געפערליכער אז מיר זאָלען זיך דאַרפען שעמען מיט
איהם. דורך די לעצטע פאָרשונגען זענען פעסטגעשטעלט געוואָרען
די פאָלגענדע הויפּט כאַראַקטער־שטריכען פון דעם אינדאָ־גערמאַנישען
שבט איידער ער האָט זיך צוטיילט, פון דעם שבט זענען ארויסגעוואַק־
סען אלע אייראָפּייאישע פעלקער. די אינדאָ־גערמאַנען זענען ווירק־
ליך געווען כמעט אומבאַקאַנט מיט'ן געברויך פון מעטאַלען און פלעגען
זיך באַנוצען מיט שטיינערנע געציייג. זיי האָבען געהאַט בלויז איינינע
הויז חיות, אבער אויך די פלעגען זיי באַנוצען בלויז פאַר שפּייז. זיי
האָבען ניט געוואַכּט וועגען ערד ארבייט און אויך ניט וויסען וועלכען
עס איז ערד אייגענטים, פּריוואַטען אדער קהל'שען. זיי האָבען אויך
נאָך ניט געוואוסט פון וויין. זיי האָבען אָבער געקאָנט שפּינען און
וועבען. א סחורה אויסטויש איז ביי זיי יאָ געווען און אַלס מאָס פון
ווערט פלעגען דינען די הויז חיות. זיי האָבען זיך באַנוצט מיט מאַנכע
מאָסען פון לענג אין וואָג און האָבען געקענט ציילען ביז הונדערט.
זיי האָבען אונטערשיידט קאָלירען אבער נאָר שאַרף אויסגעקריצטע,
ווי רויט, געל, אבער ניט גרין אדער הימעל־בלוי. וואַרשיינליך איז עס
דערפאַר וואָס דער ערשטער סאָרט פאַרב פלעגט זיך זיי אָפּטער באַגע־
גענען אויף די פעלען פון חיות. זיי האָבען אונטערשיידט פון זומער

# אכילעס לאָריאַ

ביז ווינטער און פלעגן צעהלען די מאַנאַטן נאָך דעם גאַנג פון דער לבנה, אבער פון קיין יאָהר האָבען זיי ניט געוואוסט. מעסטענדיג די צייט נאָך דעם גאַנג פון דער לבנה האָבען זיי די צייט געצעהלט נאָך די נעכט און ניט ווי מיר נאָך די טעג. זיי האָבען אונטערשיידט פון טאָג און נאַכט אבער פון קיין צוטיילונג פון טאָג גופא האָבען זיי ניט געוואוסט: אונטער דער פרימיטיווער פאָרמע פון באַלעבאַטישקייט איז דאָס אויך ניט נויטיג געווען. זיי האָבען געוואוינט אין ערד הייזער אדער אין הילצערנע הייזקעס. זייער געווער איז געווען איבערהויפט צוגעפאַסט פאַר אנפאַלען אבער ניט פאַר פאַרטיידיגונג. אט דער פאַקט קען דינען אלס אפּלייקענונג פון אמאַנס באַהויפּטונג אז ער האָט אנטדעקט אין מענשען אן איינגעבאָרענעם אינסטינקט צו פאַרטיידיגען זיך, וועלכער האָט געטריבען אונזערע אור־עלטערען צו באַשאַפען א סאָציאַלע אָרדנונג. ווען דאָס זאָל זיין אמת וואָלטען אין דער ערשטער צייט פון מענשליכען צוזאַמענלעבען זיכער געווען באַקאַנט פאַרטיידיגונגס וואַפען. די פאַרצייטיגע אינדאָ־גערמאַנער האָבען ניט געוואוסט פון קיין שטענדיגער פּאָליטישער אָרדנונג, בלויז אין א צייט פון געפאַר פלעגען זיי באַשאַפען צייטווייליגע אָרגאַניזאַציעס. דער פאַרצייטיגער שבט איז געווען רעליגיעז, אבער זיין רעליגיאָן איז בלויז געווען די פאַרגעטערונג פון נאַטור כוחות, צו וועמען עס פלעגען צוגעשריבען ווערען אַלע מענשליכע אייגענשאַפטען. זיי האָבען ניט געוואוסט פון קיין שום כללים פון מאָראַל, פון קיין דיסציפּלין אין דער אויפפירונג פון מענשען, זיי האָבען קיין באַגריף ניט געהאַט וועגען א צוקונפטיגען לעבען. צו גאָט פלעגען זיי דינען ניט אין א קירכע, נאָר אונטער דעם שאָטען פון די בוימער אין די פרימיטיווע וועלדער, וועלכע זיי פלעגען פאַרהייליגען.

אָט די גרונדשטריכען פון דעם לעבען און פון דער סאָציאַלער אָרדנונג פון אונזערע פאַרהיסטאָרישע אור־עלטערען, זענען ערפאָלגרייך קאָנסטרואירט געוואָרען דורך די פאָרשונגען פון דער פאַרגלייכענדער שפּראַך־וויסענשאַפט.

די שפּראַך פאַרגלייכענדע אדער פילאָלאָגישע מעטאָדע גיט אונז די מעגליכקייט אויפצובויען די גאַנצע רייע פאָרמען פון מענשליכען

# די סאָציאָלאָגיע

צוזאמענלעבען וואס האבען איינס נאכ'ן צווייטען נאכגעפאלגט גע־
הענדיג פון די ווייניגער אנטוויקעלטע צו די מעהר אנטוויקעלטע פאר־
מען פון קולטורעלען לעבען. אט די רייע פאנגט זיך אן מיט'ן פאר־
צייטיגען שבט, וועמעס כאראקטעריסטיק מיר האבען אויבען געגעבען.
און פארענדיגט זיך מיט דעם פאלק וואס האט דערגרייכט די העכסטע
שטופע פון דער מאדערנער ציוויליזאציע. דער פארגלייך פון די אויף
דעם אופן קלאסיפיצירטע פעלקער איז א ווייטערע אומשעצבארע הילף
ביים אויספארשען די סאציאלע איינריכטונגען, זייער אנשטעהונג און
זייערע באזונדערע אייגענשאפטען. אויב דער פארגלייך פון די פילא־
לאגישע פארמען גיט אונז בלויז אנאלאגיעס, קען דער פארגלייך פון
די סאציאלע פארמען אויך קלאר מאכען פאר אונז זייערע הויפט אונ־
טערשיידען. עס איז זיכער אז מיר קענען שטענדיג פארגלייכען ענליכע
ערשיינונגען פון געוויסע סאציאלע איינריכטונגען ביי פארשידענע
נאציאנען, אבער אזא פארגלייך קען אונז ברייגגען בלויז א קליינעם
נוצען און קען ניט פירען צו קיין וויכטיגע רעזולטאטען. אויב עס זאל
אפילו דערוויזען ווערען אז א באשטימטע ערשיינונג אדער איינריכ־
טונג ווייזט זיך ארויס ביי צוויי פארשידענע נאציאנען אבסאלוט אויף
דעם זעלבען אופן קען מען פונדעסטוועגען פון דעם קיין שום שלום
ניט ציהען. ווענינער פון אלעם קען מען דערפון ציהען שליסע וועגען
דער קרובות'שאפט פון ראסען אדער וועגען דער געמיינשאפטליכער
אפשטאמונג פון די ביידע נאציאנען. פארקערט אבער, שטודירענדיג
סאציאלע אונטערשיידען קריגען מיר זעהר ווערטפולע רעזולטאטען.
מיר ווייסען שוין אז די אנוועזענהייט פון דער אדער אנאנדערער סא־
ציאלער ערשיינונג אדער אינסטיטוציעס, וועלכע האט נאך זיך קיין
סמנים ניט געלאזען ביי די ציוויליזירטע פעלקער, קען דערקלערטווע־
רען ווען מיר שטודירען די ווענינער ציוויליזירטע פעלקער, ביי וועמען
אזוינע אינסטיטוציעס עקזיסטירען נאך, אדער האבען אמוויינינגס־
טענס איבערגעלאזען נאך זיך סמנים. פונקט אזוי קען די אויספאר־
שונג פון סאציאלע איבערלעבונגען אדער אזוינע ערשיינונגען, וואס
זענען די איבערגעבליבענע רעשטלעך פון א פריערדיגער מדרגה פון
סאציאלען לעבען זעהר פיל העלפען דער ווידעראויפשטעלונג פון דער

דאזיגער מדרגה אין איהרע גרונדשטריכען. אבער א גאנץ אנדער ראלע און א מעהר וויכטיגען צוועק דינט דער פארגלייך פון באזונדערע שארף־אויסגעדריקטע סאציאלע פארמען. וועלכע שטעהען זעהר ווייט איינע פון דער צווייטער אין דער שטופע פון זייער אנטוויקלונג.

ווען מיר פארגלייכען די פעלקער וועלכע שטעהען אויף א גאה נידריגע שטופע פון סאציאלער אנטוויקלונג מיט די וועלכע זענען מעהר ציוויליזירט, קענען מיר ערשט דאן וויסען וועלכע פון די איצט עקזיסטירענדע אינסטיטוציעס זענען צו די פריערדיגע געזעלשאפטען געווען אינגאנצען אומבאקאנט. גלייך־צייטיג וועלען מיר אויך האבען די מעגליכקייט נאכצופאלגען אין ארדנונג די אנטשטעהונג פון די אינסטיטוציעס און די גלגולים וועלכע זיי האבען דורכגעמאכט איידער זיי זענען געקומען צו זייער איצטיגער פארמע. איבערהויפט וועט פאר אונז ווערטפול זיין דער אלגעמיינער שלים אז די סאציאלע אינסטיטוציעס זענען ניט געגעבען געווארען פון א העכערע קראפט אויף אייביג, נאר זענען דער רעזולטאט פון צופעליגע און פארבייגעהענדיגע אורזאכען, אט דער שלוס נעמט אוועק פון די סאציאלע ערשיינונגען זייער אומשטערבליכקייט מיט וועלכע די וויסענשאפט פון אמאל, אדער בעסער געזאגט, די אומוויסענהייט פון די פארגאנגענע צייטען, האט זיי באפוצט, און ברענגט זיי ארונטער צו דער שטופע פון פארבייגעהענדיגע ערשיינונגען וועלכע זענען אונטערווארפען אונטער דעם אייביגען געזעץ פון ווערען און אונטערגעהן. אויסער דעם ווערט דא געעפענט די מעגליכקייט פאר דער קריטיק, וועלכע איז פון שטאנדפונקט פון אומפארענדערליכקייט געווען אוממעגליך.

אבער די מעטאדע פון פארגלייכען פעלקער וועלכע שטעהען אויף פארשידענע שטופען פון אנטוויקלונג, — לאמיר זי אנרופען עוואלוציאניסטיש־היסטארישע, — וועלכע איז אז צווייפעל צוגעפאסט צו דעם היסטארישען כאראקטער פון די מענשליכע איינריכטונגען, טויג ניט, ניט לויט איהר פארמע, און ניט לויט די באגרעניצטקייט פון איהר אנווענדונג, אויף צו דערקלערען די אורזאכען פון די אויסגעפארשטע ערשיינונגען. פארגלייכענדיג פעלקער וועלכע זענען הימעל פארשידענע

# די סאָציאָלאָגיע

דורך זייערע אינערליכע אדער פּסיכאָלאָגישע פאַקטאָרען (קולטור, שפּראַך, אינטעלעקטועלע און טעכנישע אַנטוויקלונג, מאָראַל, רעבּט א. א. וו.) אזוי גוט ווי דורך אויסערליכע אדער נאַטירליכע פאַקטאָרען (קלימאַט, די באַדינגונגען פון באַזעצונג א. א. וו.), קען מען בשום אופן ניט פעסט שטעלען צי דאַרף מען צושרייבען די אונטערשיידען וואס הערשען אין דער סאָציאַלער אָרדענונג פון די פאַרשיידענע פעלקער, צום אונטערשייד פון אַלע פאַקטאָרען, אדער בלויז פון איינצעלנע. מען קען פּאַלגליך ניט זאָגען באַשטימט צי איז דער סאָציאַלער אָרגאַניזם דער פּראָדוקט פון אינערליכע אדער אויסערליכע פאַקטאָרען, אדער גלייכצייטיג פון ביידע. די פראַגע וואס איז די אורזאַכע און וואס איז די פאָלגע אין דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג בלייבט אויף דעם אופן ניט געלעזט.

כדי צו קריגען א וועלכען עס איז פּינקטליכען ענטפער אויף דער פראַגע וואָלט כדאי זיין צו פאַרגלייכען די לענדער וועלכע אונטערשיידען זיך איינס פון דער צווייטע ניט מיט אַלע סאָציאַלע פאַקטאָרען, נאָר בלויז מיט איינינע. עס וואָלט צום ביישפּיל ראַטזאַם געווען פון איין זייט צונויפצוגרופּירען אַלע אינערליכע, און פון דער צווייטער זייט אַלע אויסערליכע, עלעמענטען, וועלכע קענען אויף וועלכען עס איז אופן ווירקען אויפ'ן סאָציאַלען לעבען, און דאַן פאַרגלייכען איינס מיט'ן צווייטען די לענדער וואס אונטערשיידען זיך צווישען זיך מיט די עלעמענטען בלויז פון דער ערשטער קאַטעגאָריע, אדער פון דער צווייטער. אויב צום ביישפּיל, מיר פאַרגלייכען צוויי פעלקער וועלכע אונטערשיידען זיך בלויז דורכ'ן טעריטאָריעלען פאַקטאָר און געפינען אז זייער סאָציאַלע אָרדנונג איז גרינדליך פאַרשידען, קענען מיר דערפון שליסען אז די באַדינגונגען פון באַזעצונג און די פּראָדוקטיוויטעט פון באָדען זענען זעהר וויכטיגע פאַקטאָרען אין דער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַלער אָרדנונג. אבער עס פרעגט זיך, זענען פּסיכאָלאָגישע, אזוינע פאַקטאָרען? כדי ריכטיג צו ענטפערען אויף דער פראַגע וואָלט מען באַדאַרפט פאַרגלייכען צוויי פעלקער וועלכע אונטערשיידען זיך צווישען זיך בלויז מיט זייערע פּסיכאָלאָגישע פאַקאויך די עלעמענטען פון דער צווייטער קאַטעגאָריע. די אינערליכע

# אבילעס לאַריאַ

טאַרען. אויב מיר וועלען געפינען ביי יענע פעלקער די זעלבע סאָ־
ציאַלע אָרדנונג וועט עס זיין אַ סימן אַז אויפ'ן סאָציאַלען לעבען
ווירקען נאָר די באַזעצונגס־באַדינגונגען און די פּראָדוקטיוויטעט פון
באָדען, אָדער אין אַנדערע ווערטער, די טעריטאָריעלע באַדינגונגען.
און אַז די אינערליכע פאַקטאָרען שפּילען אין דער בלוטיגער דראַמאַ
פון דער געשיכטע בלויז די ראָלע פון שטומע סטאַטיסטען. צו אַ
פאַרקערטען שלוס וואָלטען מיר קומען ווען ביי די פאַרשידענע נאַ־
ציאָנען מיט פאַרשידענע פּסיכאָלאָגישע פאַקטאָרען זאָלען מיר אויך
געפינען פאַרשידענע סאָציאַלע אָרדנונגען און ביי די נאַציאָנען וואָס
אונטערשיידען זיך בלויז מיט טעריטאָריעלע פאַקטאָרען, די זעלבע
אָרדנונג.

אַזאַ פאַרגלייך איז גאַנץ מעגליך אַ דאַנק דער עקזיסטענץ פון
קאָלאָניעס. ווען מיר פאַרגלייכען אַ קאָלאָניע מיט דער מעטראָפּאָליע
אין וועלכען עס איז מאָמענט פון זייער עקזיסטענץ האָבען מיר צוויי
לענדער וואָס זענען ענליך אין אַלעס. וואָס אַנבאַלאַנגט ראַסע,
רעליגיאָן, קולטור, אינטעלעקטועלע און פיזישע אייגענשאַפטען פון
דער באַפעלקערונג, וועלכע זענען בכלל גלייך אין אַלע פּסיכאָלאָגישע
און ריין־מענשליכע מאָמענטען. גלייך־צייטיג אָבער, זענען עס צוויי
לענדער וועלכע אונטערשיידען זיך אין דער מעטאָדע פון זייער באַ־
זעצונג, אָדער אין דער פּראָדוקטיוויטעט פון באָדען. אין דער מעט־
ראָפּאָליע איז דער גאַנצער באָדען שוין פאַרנומען און באַארבייט.
בעת אין דער קאָלאָניע זענען נאָך דאָ גרויסע שטיקער ערד וואָס
זענען ניט פאַרנומען און ניט באַארבייט. ווען מיר וועלען געפינען,
דורך אַ פאַרגלייך פון די צוויי לענדער אַז ביי זיי זענען דאָ פאַר־
שיידענע סאָציאַלע אָרדנונגען, וועלען מיר ניט קענען דאָס דערקלערען
דורך פּסיכאָלאָגישע אורזאַכען וועלכע זענען איןביידע לענדער גלייך.
נאָר מיר וועלען עס מוזען צושרייבען צו די טעריטאָריעלע פאַקטאָרען.

אויף דעם אופן וועלען מיר האָבען גענוג אורזאַכען צו דערקלע־
רען אַז די טעריטאָריעלע באַדינגונגען זענען אַ נויטווענדיגער פאַק־
טאָר פון דער סאָציאַלער אָרדנונג. אָבער דערמיט איז נאָך די פראַגע
אַלץ ניט אויסגעשעפּט. מען קען צוגעבען אַז די מענשליכע אָדער פּסי־

# די סאָציאָלאָגיע

כאַלאַגישע עלעמענטען האָבען אויך אַ ווירקונג אויף דעם געבוי פון דער געזעלשאַפט. לאָמיר דערפאַר פאַרגלייכען אַ קאָלאָניע אין אַ געוויסען מאָמענט פון איהר עקזיסטענץ מיט דער מעטראָפּאָליע פון אַ פריערדיגען פּעריאָד, ווען די געדיכטקייט פון דער באַפעלקערונג און דורך דעם די פּראָדוקטיוויטעט פון באָדען זענען געווען די זעלבע ווי זיי זענען אין דער קאָלאָניע אין דעם געגעבענעם מאָמענט. עס איז קלאָר אַז אין אַזאַ פאַל וועלען מיר פאַרגלייכען צוויי לענדער, וועלכע אונטערשיידען זיך בלויז דורך מענשליכע אדער פּסיכאָלאָגישע פאַקטאָרען. אין דער קאָלאָניע הערשט באמת אַז אַנטוויקעלטע ציוויליזאַציע אין דער צייט וואָס אין דער מעטראָפּאָליע האָט געהערשט אין איהרע ערשטע יאָהרען אַ באַרבאַריזם. די ראַסע, רעליגיאָן, וויסענשאַפט, די טעכנישע אַנטוויקלונג און די מאָראַל זענען דורכאויס פאַרשידען ביי ביידע נאַציאָנען. בכלל איז דער מענשליכער עלעמענט ביי ביידען דורכאויס פאַרשידען, אַפּט געגענזעצליך. אויב אַלזאָ ניט קוקענדיג אויף אַזוינע אונטערשיידען וועט די סאָציאַלע אָרדנונג פון דער קאָלאָניע זיין די זעלבע ווי די סאָציאַלע אָרדנונג פון דער מעטראָפּאָליע איז געווען אין דער פריערדיגער צייט, וועלען מיר דאַן געצוואונגען זיין צו אַנערקענען אַז דער מענשליכער עלעמענט האָט קיין ווירקונג ניט אויף דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, אַז ער איז ניט קיין סאָציאָלאָגישער פאַקטאָר, אַז דער אויסשליסליכער שעפער פון דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער אָרדנונג זענען די באַדינגונג פון דער באַזעצונג און די פּראָדוקטיוויטעט פון באָדען.

אַ פאַרגלייכענדער אַנאַליז פון דער רעוואָלוציע פון די אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס און פון אייראָפּאַ ווייזט אַז אין די נייע געזעלשאַפטען אַנטוויקלען זיך באַציהונגען עקאָנאָמישע, יורידישע, פּאָליטישע, א. א. וו. וואָס זענען גאָר אַנדערע ווי די באַציהונגען אין דער מעטראָפּאָליע פון דער זעלבער צייט, און זענען אין די וויכטיגסטע שטריכען ענליך צו יענע וואָס האָבען אין דער מעטראָפּאָליע געהערשט אין דער פריערדיגער צייט. דאָס ווערט אויסגעדריקט אויף'ן פאָלגענדען אופן: די קאָלאָניע פאַנגט אָן מיט דער אינסטיטוציע פון אינדיווידועלען באַזיץ, וועלכער טרעט שנעל אָפּ זיין פּלאַץ צו דעם קאָ־

# אכילעס לאַריאַ

לעקטיווען אייגענטום און רעפּראָדוצירט אויף אזא אופן דעם ערשטען פאַזיס פון דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט. דאן געהען זיי איבער צו דער איינפירונג פון שקלאַפעריי וועלכע נעמט אן ביי זיי די זעלבע פאָרמען וואס זי האָט געהאט אין דער אנטיקער אייראָפּא און ברענגט מיט זיך די זעלבע יורידישע באַגריפען, מאראַלע אנשויאונגען און פאָליטישע אינסטיטוציעס, וואס האָבען געהערשט אין דער אלט־גריכיש־לאַטייניש׳ער וועלט. נאָך שקלאַפעריי קומט לייב־אייגענטום, צעכען און אנדערע אינסטיטוציעס פון דער פעאָדאַלער מיטעל־אלטערליכער ארדנונג, וואס האָט אזוי לאנג געהערשט אין אייראָפּא און נאָך אם ענדע פון זייער עוואָלוציע ווען די גאנצע לאנד איז שוין פארנומען ווי עס איז היינט אין אייראָפּא, אנטשטעהט אין די קאָלאָניעס די סיסטעמע פון לוין ארבייט מיט דעם גאנצען קאָמפּליצירטען מעכאַניזם פון סאָציאַלע באציהונגען וואס זענען דערמיט פארבונדען. מיט איין וואָרט פונקט ווי דער מענש געהט דורך איז דער מוטער׳ס בויך אלע שטופען פון ארגאַנישער אנטוויקלונג, אזוי געהט אויך די מענשהייט דורך אין איהר קאָלאָניאַלען לעבען אלע פאַזען פון דער איבער־ארגאַנישער עוואָלוציע.

דער רעזולטאַט פון אזא פּארגלייך צווישען די קאָלאָניעס און דער מעטראָפּאָליע איז וויכטיג פאר דער סאָציאָלאָגיע דערפאר ווייל דאס צושטערט אינגאנצען די טעאָריע וועלכע זעהט די אורזאכע פון דער סאָציאַלער עוואָלוציע אין די אינטעלעקטועלע אייגענשאַפטען פון דעם מענשען. און ווירקליך, קען מען דען איינשטימען מיט קאָנטען אדער מיט באקל׳ען אז די סאָציאַלע ערשיינונגען זענען דער פּראָדוקט פון דער אינטעלעקטועלער אנטוויקלונג, אדער מיט דער טעאָריע פון העגעל, אז די געשיכטע איז די זעלבסטאנטוויקלונג פון דער אידעע אדער מיט׳ן אפּאָריזם פון לאסאל׳ן, אז דער מענשליכער גייסט איז דאס „ווערען" אין דער געשיכטע: קען מען דען איינשטימען מיט מארקס׳ן אז די אנטוויקלונג פון די מאַטעריעלע פּראָדוקציאָנס כחות שאַפען פון זיך זעלבסט א פּראָגרעסיווע רייע פון סאָציאַלע פאָרמען, אדער מיט דער מיינונג פון קיוו׳ן, וועלכער זעהט די גאראנטי פאר פּראָגרעס אין דער אנטוויקלונג פון דער רעליגיעזער אידעע. ווען עס איז באוויזען

# די סאָציאָלאָגיע

אז די נייע מענשהייט, פארשטארקט דורך איהר אינטולעקטועלער, טעכנישער און רעליגיעזער ירושה וואס איז אנגעזאמעלט געווארען אין פארלויף פון הונדערטער יאהרען און דורות, איז געצוואונגען איינ־צופירען פרימיטיווע עקאנאמישע און סאציאלע באציהונגען, בלויז דערפאר ווייל זיי באזעצען זיך אין א פרייער נאך ניט באזעצטער לאנד פונקט ווי די אלטע מענשהייט? די ציוויליזאציע פון דער קאלאניע וועלכע וואקסט ארויס אויף דעם באדען פון אביעקטיווע באדינגונ־גען פון דער פיזישער סביבה, אומאפהענגיג פון די פסיכאלאגישע איי־גענשאפטען פון מענשליכען גייסט, איז א קאטעגארישע אפלייקענונג פון דער זאגענאנטער אפהענגיגקייט פון דער מענשליכער ציוויליזאציע אז דער אינטעלעקטועלער און מאראלער אנטוויקלונג פון דער גע־זעלשאפט: דאס גיט אונז די אידעע פון דער שטרענגער אפהענגיגקייט פון דער סאציאלער געשיכטע אז דער נאטור, די אידעע פון דער גרויסער מעכאנישער פארבינדונג צווישען מענש און דער אויסערלי־כער וועלט.

אויף דעם אופן לייזט די קאלאניאלע פארגלייכונג גאנץ ערפאלג־רייך די פראבלעמע וועגען דער אורזאכע פון די סאציאלע ערשיינונגען, וועלכע די פריערדיגע סאציאלאגישע פארשונגען האבען בשום אופן ניט געקאנט לייזען. דער היסטארישער מאטעריאליזם וועלכער קאנס־טרואירט אלע סאציאלע ערשיינונגען אלס רעזולטאט פון די עקאנא־מישע באציהונגען, ערקלערט נאך אבער אלץ ניט, דורך וואס ווערט באשטימט אט די מעכטיגע עקאנאמישע ארדנונג וועמעס רעזולטאט איז די סאציאלע ארדנונג. די קאלאניאלע פארגלייכונג גיט אונז די מעגליכקייט אויסצופילען אט דעם כלל, באווייזענדיג אז די עקאנא־מישע באציהונגען זענען אליין א נויטווענדיגער רעזולטאט פון דער ארט פון באזעצונג און דער פראדוקטיוויטעט פון בארען.

דאס זענען דערווייל די וויכטיגסטע אנווענדונגען פון דער פאר־גלייכענדער מעטאדע אין דער סאציאלאגיע. אבער דאס איז נא־טירליך נאר די אנפאנג סטאדיע פון א וויסענשאפטליכען פראצעס, וועלכער וועט אהן צווייפעל זיך ניט אפשטעלען אויף זיין וועג און וועט אין דער צוקונפט נאך פיל רייכע רעזולטאטען ברענגען. יעדענפאלס

# אַבילעס לאָריאַ

לויט די רעזולטאַטען וועלכע זענען שוין דערגרייכט געוואָרען קען מען אורטיילען וועגען די וואָס דאַרפען ערשט דערגרייכט ווערען. עס וועט ניט זיין צו געוואַגט צו זאָגען, אַז די פאַרגלייכענדע מעטאָדע וועט אויך באַלייכטען די וויניגער אויסגעפאָרשטע סטאַדיען אין דער עוואָלוציע פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. מען וועט זיכער געגען אונז אַרויסשטעלען דעם באַקאַנטען פראַנצויזישען שפּריכוואָרט, וועלכער איז וואַרשיינליך ניט מעהר ווי אַ מאָדיפיקאַציע פון די אידעען וועלכע זענען איינגע'חזר'ט געוואָרען דורך דער מעטאַפיזישער ער־ציהונג (Comparaison n'est pas raison) אַ פאַרגלייך איז ניט קיין ראיה). אבער שפּריכווערטער זענען פּונקט ווי אַלע מענשליכע זאַכען פאַרבייגעהענדיג. די פאַרגלייכענדע מעטאָדע אין איהרע נייע אַנווענדונגען באַווייזט אויפ'ן גלענצענדסטען אופן אַז די אורזאַכע פון ערשיינונגען ווערט פיל קלערער דורך דער פאַרגלייכונג פון זאַכען איידער דורך פאַרגלייכונג פון גרונדלאָזע ספּעקולאַציעס. אויף דער געגענווערטיגער וויסענשאַפט איז אַלזאָ אַנווענדבאַר די אַלטע אינדישע לעגענדע וועגען דער אַנשטעהונג פון פייער: מען דערצעהלט אַז אין דער צייט וואָס אַלע הייסע תפילות פון די איבערגעגעבענע פון אַגני, דעם גאָט פון ליכט, האָבען ביי איהם ניט געקאָנט אויסבעטען אפילו איין פונק פייער, איז אָבער דער לעבענסשאַפענדער פלאַם ווי אַ בליץ אַרויסגעשפּרונגען פון צווישען צוויי שטיקער האָלץ, וועלכע זענען גע־ריבען געוואָרען איינס אָן דעם צווייטען אין דער צייט ווען די פרומע האָבען געבראַכט אַ קרבן.

# שלוס־וואָרט.

איך וועל פאַרענדיגען מיינע לעקציעס מיט אַ וואונש אַז זיי וועלען געבען כאָטש אַ קליינע און פאַרהעלטניסמעסיגע פאָרשטעלונג וועגען דעם וועזען, צילען און באַדייטונג פון דער נייער וויסענשאַפט וועלכע איך האָב דאָ געפּרוּאווט באַלייכטען. ליידער איז יעדער אייגער ווער עס ווידמעט זיך צו אַט דער וויסענשאַפט, אויב ער האָט אפילו געהאַט דאָס גליק צו האָבען אַ מעהר קאָמפּעטענטען לערער ווי איך בין, טראָגט ער דאָך ארויס דעם איינדרוק אַז אין דער סאָציאָלאָגיע איז נאָך דאָ פּלאַץ פאַר וויכטיגערע לערער און וועזענטליכע אויסבעסערונגען. אָבער מען דאַרף זיך ניט איילען שולדיג מאַכען די לערער אין די שולדען פון דער נייער וויסענשאַפט. מיר ווייסען אַלע אַז אויף די גרעסטע פּלאַנעטען, אויב מען זאָל זיי אויספאָרשען מיט די מיטלען וועלכע די געגענוואַרטיגע וויסענשאַפט באַזיצט, קען מען געפינען פיל פלעקען, אָבער פונדעסטוועגען וואָלט דער ווער עס דערנעהענטערט זיך צו אַט די געהיימע וועלטען אָדער ווער עס וויל אין זיי אריינדרינגען וואָלט אפשר דערזעהן אַז דאָס וואָס קוקט אויס פון דערווייטענס ווי פלעקען זענען אין דער ווירקליכקייט בליהענדע טאָלען און ראָמאַנטישע פעלדער, וועלכע זענען ארומגערינגעלט מיט בילד־רייכע בערג און געדיכטע וועלדער. ווער ווייס, אפשר וועלען די טונקעלע פלעקען פון דער סאָציאָלאָגיע ערקלערט ווערען דערמיט וואָס מיר שטודירען אַט די וויסענשאַפט בלויז פון דערווייטענס און מיט דער הילף פון אַ זעהר אומפּאָלקאָמענעם גייסטיגען טעלעסקאָפּ.

מיר דאַרפען אַלזאָ באַפרייען אונזער געדאַנק פון קליינליכע צווייפלען, פון שרעק פאַר צייטוויילינע שוועריגקייטען. פאָרווערטס! פאָרווערטס מיט דאָפּעלטער באַגייסטערונג איבער די קרומע שטעגען פון פאָרשונג צו דער אַנטדעקונג פון די גרויסע געזעצען וואָס זענען איינגעוויקעלט אין געהיימניסען. אויב אונזער וועג וועט אונז אפילו

ברענגען אויף א צייט אין א ווילדערניש, וועלכער וועט מיט בלוט באדעקט זיין. וועט אבער קומען א טאג ווען די פינסטערניש וועט זיך צוגעהן, ווען די בערג וועלען זיך פאנאנדערוקען, ווען פון אומע־טום וועלען אריינשטראמען ליכטיגע שטראלען און אין יענעם טאג, וועט אונז באצאלט ווערען פאר אונזער מיה און ליידען, ווייל מיר וועלען דאן ענדליך דערגרייכען דאס צוגעזאגטע לאנד פון אמת.

**ענדע.**

